אלע זאכן וואס זיינען אריינגעגאנגען, אין דער איצטיקער פינף־בענדיקער אויסגאבע פון „ווילנער פארלאג ב. קלעצקין״ — אפילו די יעניקע וואס זיינען שוין פריער ערגעץ אנדערש דערשינען — זיינען אינגאנצן פון דאס ניי באארבעט און אויסגעבעסערט געווארן. אין אט דער זאמלונג גייען אריין בלויז זאכן וואס זיינען אנגעשריבן געווארן ביזן יאר 1923.

PRINTED IN POLAND

B. Głazman — „Farlunkłt gołd“.

Drukarnia „Wydawnictwo Wileńskie“ B. Kleckina, Wilno.

# בײַנאַכט

אין דער שטאָט צענטערוויל, וואָס געפינט זיך ערגעץ אין אַ מיטלוועסטלעכן שטאַט, האָט געלעבט אַמאָל אַ מאַן, ניט קיין פרומער און ניט קיין גאָטספאָרכטיקער. איז ער געווען ענלעך אויף אַ סך אַנדערע מענטשן — אויף דער גאַנצער וועלט.

אין אויך די שכנים אַרום האָבן געוואוסט, אַז ער איז ניט קיין פרומער מענטש.

אין דער האָזיקער מענטש איז געווען אַ ייד, כאָטש אין דער נאַכבאַרשאַפט, אין וועלכער ער האָט געוואוינט, זיינען די אײַנוואוינער געווען דורכאויס גוים. נאָר זיי האָבן ניט געוואוסט, אויב ער איז אַ ייד, אָדער אַ גוי. מען פלעגט אים אַפילו אַמאָל, — אין אַ זונטאָג, אָדער אַ קריסטלעכער חגא, — זען אַרײַנקומען אין קירך. אָבער דאָך וואָלטן זיי באַשטימט ניט געקאָנט זאָגן, אַז ער איז אַ קריסט. ווייל צו קיין אײנציקן קריסטלעכן „פּעריש"*) איז ער ניט געווען צוגעשריבן. מען פלעגט אים אויך זען אַרײַנקומען אין די פאַרשיידנסטע קירכן. אַמאָל פלעגט עס זיין אַן עפּיסקאָפּאַלישע — אין אַמאָל אַ יוניאָניסטישע, אַמאָל אַן אוניווערסאַלע — אַמאָל אַ קאַטוילישע, אַמאָל אַ ספּיריטואַליסטישע — אַמאָל אַ באַפּטיסטישע, אַמאָל אַ מעטאָדיסטישע — אַמאָל אַ לוטעראַנישע, אָדער אַ פּרעסביטעריאַנישע — מיט איין וואָרט, דער דאָזיקער מענטש האָט איבערגעדינט אַלע עבודה-זרות.

אין אפשר האָט ער זיי גאָרניט געדינט. אייניקע פון די קירכען-מתפּללים פלעגן אַמאָל אַ באַהאַלטענעם בליק וואַרפן אויף

---

*) קירכנגעמיינדע.

אים, ווייל זיי האָבן געוואָלט זען, אייב ער בוקט זיך און נויגט זיין קאָפּ, בשעת דער קריסטלעכער תּפילה בלחש. און אין די קאַטוילישע קלויסטערס, צווישן די גרויע ערפורכטיקע שטיינערנע ווענט, האָבן אייניקע שטילע גאָטבעטער, קניענדיק זיך אויף די קאַלטע פּלימעס פאַר די שטיינערנע פיגורן פון די הייליקע און מאַרטירער, איך ניט איינמאָל באַמערקט, אַז ער מאַכט קיינמאָל ניט קיין זשענופלעקס ביים אַריינגיין אין קירך אַריין, און צלמט זיך ניט איבער ביים אַרויסגיין. נאָר ער זיצט שטענדיק אַן אויסגעגלייכטער, מיט אַן אויפגעהויבענעם קאָפּ און פאַרטראַכטע אויגן, וואָס זעען און זעען ניט, און קניט זיך ניט, און בוקט זיך ניט.

האָבן זיי גלייך פאַרשטאַנען, אַז ער איז אַ פרעמדער.

נאָר אַזוי ווי עס איז ניט געווען קאָנטיק, אַז ער זאָל זיין אַ גאָטס לעסטערער און זאָל האָבן געקומען אַהער אָפּשפּעטן, נייערט ער האָט זיך געהאַלטן זייער שטיל און בנעימותדיק, האָט מען אים דעם אַריינגיין אין ערגעץ ניט פאַרבאָטן, נאָר פאַרקערט. מען האָט אים אומעטום אויפגענומען בסבר פנים יפות, מיט די פריינדלעכסטע שמייכלען און באַגריסונגען. און אין די ניט-קאַטוילישע קירכן, וואו די גלחים פאַרטראָגן זיך פריינדלעכער מיטן עולם, און זיינען ניט אַזוי כהנימש-דערווייטערט, פלעגן די פּאַסטאָרס און די מיניסטערס מיט שטראַלנדיקע פנימער אים דערלאַנגען די הענט ביים אַרויסגיין. זיי פלעגן אים ווינטשן אַ „פּיספול סאַבבאַטה"*) און אים בעטן, ער זאָל נאָכאַמאָל קומען.

און ער פלעגט טאַקע קומען נאָכאַמאָל, און נאָכאַמאָל, און נאָכאַמאָל. וואָרעם דער דאָזיקער מענטש, וואָס כאָטש ער איז ניט געווען קיין פרומער און קיין גאָטספאָרכטיקער, איז ער אָבער דאָך געווען פון די לעצט-היינטוועלטיקע. פלעגט ער דאָס הפנים טאָן צוליב דער שיינער רעליגיעזער מוזיק און די הייליקע פייערלעכקייט פון דעם גאָטעס-דינסט, וועלכע פלעגן אים אַזוי פיל רו און העכערן תּענוג פאַרשאַפן. און תּענוג-האָבן — דאָס איז דאָך די לעבנסקלוגקייט, צו וועלכער אונזער דור, דער לעצטער, איז געקומען.

---

*) שבת-פרידן.

איז געווען, אַז בעת מען פלעגט שפּילן און זינגען די ביבלישע אָראַטאָריאַס פון מענדעלסאָן-באַרטאָלדי, פלעגט ער גאָר חלומען פונם אַמאָל-אַמאָליקן געזאַנג פון די לוויים, באַגלייט דורך אַ געקלימפּער אויף האַרפן. ווייל ער האָט שטאַרק געפילט, אַז אַמאָל — אין אַן אַנדער געשטאַלט, אָנגעטאָן אין אַ ברייט-לייזן מאַנטל, מיט אַ קאַשטאַנען-ברוינער באָרד און זיין הויט-קאָליר טונקל-אינלבירטיק, — האָט ער שוין דעם האָזיקן געזאַנג געהאַט פאַרנומען.

און ווען דורך דער טונקעלער לופט פון קירך פלעגן זיך דורכקייקלען די טיף-אויפרודערנדיקע, און די נידעריקע אָקטאַוון, אָרגלברומען, בשעת מען האָט געשפּילט הײַדנס, הענדעלס און באַכס רעליגיעזע מוזיק, פלעגט אים דעמאָלט דאָס האַרץ צעגיין און די אויגן פלעגן זיך צומאַכן, און ער פלעגט זיך געפינען גאָר אין אַן אַנדער וועלט.

ווייל זייענדיק פון די לעצט-היינטוועלטיקע מענטשן, האָט ער מסתמא געהאַט געניג צייטן פון ספיקות, אָפּהענגיקייט און מידקייט, ווען זיין גאַנץ אינערלעך וועזן פלעגט זיך צוקן און וואַרפן. געוואָלט האָט ער דעריבער, אַז אַ רו זאָל אויף אים נידערן און אים שטיל מאַכן.

און דער האָזיקער מאַן איז געווען אַ ייד. נאָר קיינער האָט עס ניט געוואוסט, אויסער אים גופא. ניט אַפילו די יידן פונם קליינעם, ווייניק-מענטשנדיקן יידישן קוואַרטאַל אין דער האָזיקער שטאָט.

ווייל פון צייט צו צייט פלעגט ער אויך אַהינצו קומען, און אַ פרעמדער, אָן ליבע אין האַרצן, אפשר מיט בלויז אַ ביסל רחמנות, זיך אַרומדרייען איבער די יידישע גאַסן. געפרווט האָט ער אויך איינמאָל אַריינגיין אין דער יידישער שול. דאָ האָט מען אים זייער פיינדלעך אויפגענומען, און מען האָט אַרום אים אַ סך, שוין צופיל, געשמאַיעט, און געפּאָרעט זיך, באַקוקט און באַוואונדערט אים, געקוקט אים אין די אויגן, און אין מויל אַריין, געוואַרט אויפן פאַרבייגייענדיקסטן אויסדרוק, וואָס וועט זיך אַ שפּיגל טאָן אין זיין

אויג, און אויף יעדן וואָרט, וואָס ער וועט נאָר לאָזן פאַלן. ווייל מען האָט נאָך ניט געוואוסט, אַז ער איז אַ ייד.

האָט מען אים אַ סדורל דערלאַנגט און מיט אַ פאַרשולדיקט שמייכעלע אים פאַרשיידענע זאַכן דערקלערט. און אין זייער גאַנץ באַנעמען זיך צו אים איז געווען צו דערקענען די נכנעדיקייט צו דעם פרעמדן, וואָס האָט באַוויליקט זיך אַרונטערלאָזן אונטער דעם שאָטן פון זייער באַלקן, און דער שמייכעלע זייערער האָט זיך פאַרענטפערט:

— נעמט ניט אָן פאַר אומגוט אונזער אָרימקייט דאָ... כע-כע.

— אַוודאי קאָנען מיר זיך צו אייך ניט גלייכן...

און אים האָט אַזוי ווי געטאָן האַרץ, וואָס ער קוקט זיי אים ווי אַ פרעמדער.

און ער האָט זיי מיט אַ העפלעכן שמייכל אויסגעהערט.

אָבער אַ פרעמדקייט האָט אויף אים געווייט פון דער שול. דער טומל, דער געפילדער פון די מתפללים, זייער וואָכעדיק האַלטן זיך אינם מקום-קדוש, די נישט-ריינקייט און אָרעמקייט פון דעם בנין, די פאַרהאַוועטקייט און האָס אײַלן זיך, די געוויינלעכקייט און אומהיילגקייט פון דער גאַנצער לופט אַרום — דאָס אַלץ האָט אים אָפּגעשטויסן. ער האָט פאַרקרימט מיט דער נאָז, און פאַרשטשעמעט די ליפּן.

זעלטן-זעלטן פלעגט ער שוין איצט קומען אַהין. די צווישנצייט צווישן איין שול-באַזוך און דעם צווייטן פלעגן וואָס אַמאָל ווערן לענגער. די ענד-פּונקטן — בלייכער און אָפּגעמעקטער. און זיין פרעמדקייט — שטאַרקער, ענגער. און אַז ער פלעגט אַמאָל אַ טראַכט טאָן, אַז ער איז אַ ייד, האָט עס אים אויסגעקוקט זייער מאָדנע און ווייט, ווי אַ לאַנג-פאַרשאָלענער הילך.

און עס איז דאָך געווען מאָדנע...

ווייל דער דאָזיקער מענטש איז געווען ניט נאָר אַ ייד, נאָר אַפילו אויך אַ יידישער שרייבער. אָבער קיינער אַרום אים האָט עס ניט פאַרדעכטיקט און קיינעם אַרום אים האָט ער וועגן דעם ניט געוואָלט דערציילן, ווייל געוואוסט האָט ער דאָך, אַז קיינער אַרום

אים דאַרף ניט זיין שרייבן, אין די, פאַר וועמען ער שרייבט, נאָך חייניקער, ווי עמעצער אַנדערש. און אַזוי ווי צווישן יידן איז אים געווען פרעמד און אָפּשטויסנדיק צו וואוינען, ווייל זיי האָבן מיט זייער איצטיק לעבן און זייער ווירקלעכקייט אַלע זיינע ליכ־טיקסטע און פאַרבאָרגנסטע חלומות איבערן פּנים געשמיסן, האָט ער זיך ביסלעכווייז דערווייטערט פון זיי, פון די יידן, כּדי ער זאָל קאָנען פירן אַן אמתן, אַ ריין־יידיש לעבן.

ער האָט דאָך שוין איצט געוואוסט: אמתע יידישקייט, פונקט ווי זיין שרייבן, איז אַ פּריוואַט־זאַך, וועלכע קיינער דאַרף ניט, אויסער אים אַליין. האָט ער עס פאַרשלאָסן אין זיך, און קיינעם אַהינצו ניט אַריינגעלאָזט.

קיינעם ניט — אַפילו ניט זיין פרוי.

ווי מאָדנע...

כּל־ימיו האָט דער דאָזיקער מאַן געבענקט און געחלומט וועגן אַ יידישער היים. ער האָט געזען, אַז דאָס איז דאָס איינ־ציקע, וואָס עס בלייבט פאַר די יידן איבער אין די איצטיקע טעג. עס ווערט אָפּגעשווענקט דורכן מבול דער יידישער דרויסן, די יידישע גאַסן און די יידישע שטעט.

האָט ער זיך געזאָגט: עס בלייבט בלויז איבער די היים, וועלכע מיר קאָנען נאָך האַלטן יידיש, ווי גאָר אַמאָל אין מיטל־אַלטער, ווייל מיר קערן זיך דאָך אום צום מיטל־אַלטער.

נאָר ווי ביי אַלע מענטשן, אַזוי איז אויך זיין פּריוואַט־לעבן ביי אים ניט אַרויסגעקומען, ווי ער האָט עס געוואָלט. וואָרעם צו־ליב זיין אויסערלעכן גוייִשן באַנעמען זיך און זיין גוייִש אויס־זען און מאַנירן, פלעגט ער כמעט אויסשליסלעך פאַרקערן מיט גויים און גוייִשע יידן. און אין געוויסע מינוטן האָט ער זיך מענטשלעך פאַרליבט אין איינער אַ מיידל. דאָס מיידל איז געווען אַ יידישע לויט איר אָפּשטאַם, אָבער אַ גוייִשע לויט איר דערציִונג, אַרט דענקען און לעבנס־אופן. און ווען ער האָט זיך עס אַרומ־געזען, איז שוין געווען צו שפּעט. די זאַך האָט זיך צופיל פאַר־פלאָנטערט. אָפּפלאָנטערן האָט מען שוין ניט געקענט, נאָר בלויז

איבערשניידן. נאָר אויף דעם האָט ער קיין כּוח ניט געהאַט. האָט ער עס געלאָזט גיין, ווי עס גייט און זיך נאָך מער איינגע־שלאָפן.

און די פרוי האָט גאָרניט פאַרשטאַנען, וואָס עס טוט זיך ביי איר מאַן אין האַרצן. זייענדיק ביידע היינטוועלטיקע מענטשן, האָבן זיי שוין געפונען גענוג געמיינשאַפטלעכע גרונדן, אויף וועלכע זיך צוזאַמענצוקומען און גענוג ענינים, איבער וועלכע צו שמועסן. האָט זי זיין פרעמדקייט גאָרניט געפילט. אָבער אים האָט עס שטאַרק וויי געטאָן, וואָס ער דאַרף פירן אַ טאָפּלטן לעבן, און האָבן אַ געהיימען לעבן, וועלכן ער דאַרף באַהאַלטן אַפילו פון זיינע נאָענט־סטע.

און אַז ער האָט דערזען, אַז עס איז אים שוין באַשערט הורכ־צושטופּן זיינע טעג אויף אַ ניט־יידישן אופן, אַז אין הויז איז ביי זיי אַלץ ניט־יידיש, די שפּראַך, וואָס זיי האָבן גערעדט איינס צו דאָס אַנדערע, איז ניט זיין שפּראַך, און זיינע חלומות און געדאַנקען זיינען ניט אירע, — איז ער נאָך פאַרשלאָסענער גע־וואָרן. און ביי אים איז אַפילו ביסלעכוויז אָפּגעשטאָרבן דער חשק צו האָבן קינדער, ווייל ער האָט געוואוסט, אַז זיי, די קינדער, וואָלטן נאָך מער די פרעמדקייט אינם הויז פאַרשאַרפט.

און עס איז נאָך געווען גוט, וואָס זי, די פרוי זיינע, איז געווען אַ היינטוועלטיקע, האָט זי דאָך זעלבסט געהאַט אַוויכטי־גערע באַשעפטיקונג אין לעבן: אַליין צו לעבן און אַליין צו האָבן תענוגים, וואָס דאָס איז דאָך גופא ניט קיין יידישער געדאַנק.

און זיי האָבן געלעבט צוזאַמען: זי, די היינטיקע מענטש, וועמען עס אַרט ניט, ווען אַפילו מיט אים וועט אונטערגיין די וועלט, און ער, דער היינטיקער ייד, וועלכער ווייס, אַז ער איז פון די לעצטע.

אָט אַזוי זיינען פאַרגאַנגען טעג און יאָרן.

דאָס לעבן איז זיך געגאַנגען זיין וועג, באַרג־אַראָפּ און באַרג־אַרויף.

דער מאַן, וואָס האָט געלעבט אין דער שטאָט צענטער־וויל אין דעם מיטל־וועסטלעכן שטאַט, איז וואָס אַמאָל אָפּגעפרעמדטער גע־

וואָרן פון יידן. זיינע באַציִונגען מיט דער יידישער וועלט זיינען וואָס אַמאָל געוואָרן וויניקער, ווייטער און זעלטענער. און מיט דער אַרומיקער גוייִשער וועלט איז ער זיך בלויז אויבנאויפיק צוזאַמענ־געקומען. אַזוי אַז אַמאָל, ליגנדיק אַזוי וואַכנדיקערהייט אויף זיין בעט, האָט זיך אים אויסגעדוכט:

— ער איז אין מענטש, איין ייד, פאַרוואָרפן ערגעץ אויף אַן אינזל.

און האָם שרייבן איז ביי אים אויך געוואָרן זעלטענער. אין אַז ער פלעגט אַמאָל עפעס אָנשרייבן, פלעגט עס זיין פון אַן אַנדע־רער, אַן אויסגעטראַכטער, אַן אַמאָליק־יידישער וועלט, ווייל מיט דעם איצטיקן יידישן לעבן האָט ער גאָר ניט געוואָלט האָבן צו טאָן. דעריבער פלעגט זיין שרייבן זיך אים אָפטמאָל אויסדוכן, ווי ער וואָלט געצייגן פון אַן איינזאַמען שטיין אונטער אַ וואַסער.

און ווער ווייס גאָר...

איינעמס אומגליק איז דאָך דעם צווייטנס גליק. און איינעמס פורעניות איז דאָך דעם אַנדערנס דערלייזונג.

איז אין איינעם אַ וואָכעדיקן טאָג געגאַנגען דער דאָקטער מאַן איבער די גאַסן פון דער שטאָט צענטערוויל, און זיינע פיס האָבן אים פאַרטראָגן אין דעם יידישן קוואַרטאַל.

נו, מילא, ער איז שוין דאָ. איז ער פאַרביגעגאַנגען לעבן אַ קליין געשעפט. דרויסן פון דער טיר איז געשטאַנען אַ קליינער צייטונגס־קיאָסק מיט יידישע צייטונגען. ער האָט געקויפט צו עקזעמפּליאַר פון יעדער צייטונג און איז אַוועק מיט זיי אַהיים.

ער האָט זיי אין די גוייִשע גאַסן געטראָגן אונטער דער פאָלע, אַז קיין פרעמדנס אויג זאָל עס ניט זען. ער האָט זיך דער־מאָנט בשעת מעשה, ווי ער האָט געלייענט אין די קינדער־יאָרן וועגן די מאַראַנען, וועלכע פלעגן באַהאַלטענערהייט איינקויפן כריין אויף פסח און טראָגן עס אונטערן מאַנטל צו די פאַרבאָרגענישן, וואו זיי פלעגן פראַווען די סדרים. אָט אַזוי האָט ער זיך איצט גע־פילט.

אַ גרויסע פרייד האָט איצט זיין האַרץ אָנגעפילט, ווי ער וואָלט אַ וואַרעם עפּעלע אונטער זיין פאָלע געטראָגן, ווייל אַ יום-טוב איז עס ביי אים געווען, ווען ער האָט געקראָגן צו לייענען אַ יידיש וואָרט.

נאָר אַז ער איז געקומען אַהיים און אַריינגעקוקט אין די בלעטער, האָט ער דערזען, אַז עס רינט בלוט. און עס איז אים געוואָרן רויט.

איינִיקע טעג האָט עס אים גענומען, ביז וואַנען די רויטע פאַרע איז אים פון פאַר די אויגן צערונען.

עס איז געווען ליכטיק אין הויזן. די לופט האָט זיך גע-שפּרייט אומעטום אַ גאָלדיק-זומערדיקע, איבער די גאָרטנס פון דער שטילער שטאָט. די גאַסן, וואו ער האָט געוואוינט, זיינען יערן מיטנוואָכעדיקן טאָג געווען אַזוי יום-טובדיק צוגעפּוצט און ער האָט זיך געדרייט אַהער, און ער האָט זיך געדרייט אַהין, עס האָט אים אָבער פונדעסטוועגן ווידער אַ צי געגעבן אין יענע אומריינע גאַסן.

און אַז ער האָט דאָרט נאָכאַמאָל געקויפט יידישע צייטונגען, האָט ער שוין ביים ערשטן בליק דערזען:

— דאָס בלוט רינט שוין מער ניט, — עס פלייצט...

און אַ דריטן מאָל איז געווען דאָס זעלבע, און אַ פערטן מאָל, און אַ פינפטן מאָל.

די אויגן האָבן זיך ביי אים פונאַנדערגעגלאָצט, ער האָט ניט געוואָלט גלייבן, אַז אַזוינס זאָל גאָר זיין מעגלעך, עס האָט אים אָנגעהויבן צו שטיקן און ברענען.

איז ער דאָך מער ניט, ווי אַ מענטש. האָט ער זיך מיישב געווען, אַז וואָס קען ער דען העלפן? און אַז ער'ט משוגע ווערן — איז וואָס?

האָט ער גאָר אינגאַנצן אויפגעהערט צו לייענען די יידישע צייטונגען.

— וועט ער זיך כאָטש ראַטעווען!

עס האָט אים אָבער ניט געהאָלפן. ער האָט „עס" סיי-ווי אַלעמאָל געזען, ביי טאָג און ביי נאַכט, אין חלום און אין אויפן וואָר.

וואָס איז דאָ אַסך צו ריידן, ווי אַזוי ער האָט דעמאָלט געפילט, ווייל עס איז ניט איבערצוגעבן אין ווערטער, און קיין פאַרגלייך, און קיין בילד וועט דאָס ניט גענוי דערקלערן.

ער האָט זיך באַלד פאַרשפאַרט אין זיין אָפּגעזונדערטן חדר, און צו זיינע באַקאַנטע ניט געוואָלט מער גיין, און צו זיין אייגן ווייב מער ניט גערעדט.

און ער האָט אויפגעהערט צו שרייבן זיינע שיינע חלום-ווערק, וואָס זיינען געווען ווי ווייסע הייזלעך, וועלכע זעען זיך דורך צווישן ביימער אין אַ טאָל.

— איצט איז ניט די צייט פאַר דעם, — האָט ער זיך געזאָגט.

און אַז ער האָט געפרואווט אַמאָל, ווען אויפן האַרצן איז שוין אים געוואָרן צו-שווער, אַריינצוגיין אין אַ קירך, האָט ער דערפילט מיט פיין און אַנטוישונג, אַז די רו נידערט שוין אויף אים דאָ ניט אַרונטער, ווי אין די פריהערדיקע טעג. פאַרקערט. אַ גרויסע גרויל איז אים נאָר באַפאַלן. די אויגן האָבן זיך אים פאַרגלייזט, ווי ביי אַ גוסס, ווען דורך אַ רויטן נעפּל האָט ער איינמאָל דערזען, ווי עס דערנענטערט זיך צו אים פון אַלטאַר אַ רויטע מחנה מענטשן, — אַרויפגעשטעקט אויף ביקסן-שטיקער טראָגן זיי צעקאַליעטשעטע, אָפּגעשניטענע קעפּ, פון וועלכע עס רינט אַרונטער בלוט, ווי אויף די בילדער פונם קאָפּ פונם געקרייציקטן יעזוס פון נצרת.

איז ער אַרויסגעלאָפן פון קירך. ווי שפּיזן האָבן אים נאָכגעפאָלגט די פיינטלעכע בליקן פון די מתפללים, וועלכע האָבן אים מיט אַ וואַרעמען באַדויער באַגלייט. און ער האָט זיי שוין מער ניט געקאָנט קוקן גלייך אין פנים אַריין, ווייל ער האָט געזען, וואָס עס איז באַהאַלטן אונטער זייערע פנימער. און ער האָט געוואוסט, אַז אַ צייט וועט נאָך קומען, און זיי וועלן באַווייזן זייער אמתע געשטאַלט, וועלכע בלויז איינציקע קאָנען איצט זען.

איז ער אַוועקגעגאַנגען צו זיך אַהיים און האָט אָנגעשריבן אַ גרויס פּאַפּיר, וואו ער האָט זיך אויסגערעדט דאָס האַרץ און אויסגעגאָסן זיין כעס, און אויפגעשריבן פאַרשיידענע געדאַנקען, און

געגעבן פיל עצות, וואָס עס זאָל געטאָן ווערן אין דער איצטיקער צייט, כדי אָפּצושטעלן די שחיטה און די פאַרלענדונג.

און דאָס פאַרשריבענע פאַפיר איז מיט אַ שטיקל צייט שפּעטער אָפּגעדרוקט געוואָרן אין אַ יידישער צייטונג, וואָס אין דער ווייטער שטאָט ניו-יאָרק. „עס האָט אָנגעמאַכט — אַזוי האָבן אים זיינע ווייטע פריינט פון דאָרט געשריבן — „אַ גרויסן רושם". אַ ווײַלע האָט עס דאָרטן, אינם גרויסן וועלט-טומל, איבערגעשווימט, — אַ וואַסער-פּינע אויף דער איבערפלאַך פון אַ נאַכטיקן, שטורעמדיקן ים. נאָר באַלד איז עס אַליין צערונען און ניט געוואָרן. זיין קול איז סוף-כל-סוף דערטרונקען געוואָרן צווישן די טויזנטער אַנדערע קולות, אין אָט יענער סדום-שטאָט, וואו מענטשן פאַרשטייען איינער דעם אַנדערן פונקט, ווי ביים טורעם פון בבל.

— יאָ, ער האָט קיינעם ניט געהאָלפן, איסער, אפשר, זיך אַליין.

דאָס בלוט האָט ווייטער געפליצט, און זיך אַליין ניט אָפּגעשטעלט.

און אַז ער האָט דאָס דערזען, האָט ער זיך נאָך שטאַרקער אין זיך און מיט זיך. מיט אַ בייזקייט האָט ער פאַרברענט אַלע זיינע שיינע און פיינע, אויסגעחלומטע און אויסגעטרוימטע, פאַפירן, און מיט אַן אייביקער קללה — אַ קללה אויף אייביק — אַרויסגעוואָרפן דאָס אַש אויפן ווינט.

און דאַמאָלסט האָט ער זיך געלאָזט גיין ווייט אין וועג אַריין — ער האָט זיך געלאָזט גיין ווייט אין וועג אַריין, נאָר אין זיין אייגענעם חדר.

ער האָט געוואַכט דורך נעכט און האַלב-געדרימלט דורך טעג. און אויסגעטראָטן קרומע וועגן און פאַרדרייטע סטעזשקעס אויף דער פאָרלאָגע פון זיין חדר און אין זיין פאַנטאַזיע.

און ערשט אין טעג און טעג אַרום איז ער פון זיין פאַרשלאָסענעם חדר אַרויסגעקומען.

זיין פרוי, וועלכע האָט מיט אַלץ מער און מער וואַקסנדער אומרו באַמערקט, אַז עפּעס מאָדנעס און באַאומרויִקנדיקס קומט מיט

אים פאַר, מיטן מאַן אירן, האָט איצט מיט פרייד געזען, אַז בײַ איר מאַן איז דער פּנים איצט ליכטיקער געוואָרן, ליכטיקער און רויִקער, כאָטש אַ סך בלייכער און שטילער.

איז זי דאַמאָלסט אויך רויִק געוואָרן און עס האָט זיך אײַנגע־שטעלט אין הויז אַ ריי שטילע, פאַררינגלטע טעג.

און ווען אין איינעם אַזאַ טאָג האָט ער זיך אָפּגערופן צו זײַן פרוי:

— דו ווייסט, מײַן ווײַב, לאָמיר זיך גאָר אַריבערקלײַבן אינם ייִדישן קוואַרטאַל אַרײַן, —

האָט אים דאָס ווײַב אָנגעקוקט מיט גרויס שטוינונג און מיט אומגעהייערער פאַרוואונדערונג, ווי ער וואָלט ניט געווען בײַ זײַנע פולע געדאַנקען. ווײַל די שטוב איז דאָך בײַ זיי געווען אַזאַ ריין־אייראָ־פּעאישע און געשטאַנען איז זי אין אַזאַ שטילן, אַזאַ אַריסטאָקראַ־טיש־אָפּגעזונדערטן געגנט. און די ייִדישע גאַסן זײַנען געווען טומל־דיקע און אומרייניקע און ענג איז דאָרט אַזוי געווען, אַז יעדער איינער האָט פּשוט געמוזט דעם אַנדערן אָנטרעטן אויף די פיס.

און דער ייִד האָט דערזען, אַז זי איז פאַרט זײַן פרוי און אַז ער מוז זיך צוהערן צו אירע רייד, און אַז אים וועט דערײַבער זײַן שווער אויסצופירן אַלע זײַנע פאַרלאַנגען מיט אַמאָל. האָט ער ביטער אַ זיפץ געטאָן. נאָר געטרייסט האָט ער זיך, אַז אויב ער קאָן ניט גיין אין דער ייִדישער גאַס אַרײַן, וועט ער שוין זען ברענגען די ייִדישע גאַס צו זיך אין הויז.

און אַזוי האָט ער טאַקע געטאָן.

אין איינעם אַ טאָג האָבן זיך אויף דער שטיל־פרעמדער גוי־ישער גאַס געלאָזט הערן קליינע שטילע האַמער־קלעפּלעך פון דעם ייִדנס שטוב אַרויס, ווי מען וואָלט דאָרט עפּעס געבויט און איבער־געבויט.

און אינעווייניק אין שטוב איז איצט פאָרגעקומען אָט־וואָס:

דער ייִד האָט דאָרט געקלאַפּט און אָנגעקלאַפּט מזוזות אויף אַלע טירן. און אויף די ווענט האָט ער אויפגעהאַנגען מאָדנע אַזעלכע

פֿאַרשטײנטע, בילקע און גלאַנציקע בילדער, אָלעאָגראַפֿיע־בילדער פֿונם ווילנער גאון, און דעם רבֿ, און דעם צמח־צדיק; און דעם ליוּבאַוויטשער רבי; בילדער פֿונם בית־המקדש, און דער עזרה, און דעם היכל, און פֿאַרשיידענע מזרחים, און בילדער פֿון געהיימע סדרים, וואָס עס פֿלעגן אָפּריכטן די שפּאַנישע מאַראַנען, און ווי מען פֿלעגט ברענגען אין די אַלטע צײַטן, אין ארץ־ישׂראל, דעם קרבן־פּסח, און נאָך אַזעלכע מאָדנע בילדער, אויסגעניײט אין פֿאַרשיידנפֿאַרביקע גאָרנס אויף קאַנווע, בילדער, אָן וועלכע ער האָט זיך געקאָנט דערמאָנען, ווען ער האָט זיך אַרײַנגעטיפֿט אין די ווײַטסטע, פֿאַרלאָזענע צײַטן, און וועלכע ער האָט נאָר געקענט קריגן צוגעשיקט פֿון ניו־יאָרק.

און איבער דער אַרײַנגאַנגס־טיר פֿון זײַן שטוב האָט ער אויפֿגעהאַקט אינם וואַנט־פּאַפּיר אַ קוואַדראַט שטיק, הויל, שוואַרץ האָט עס געלייערט, מיט אַ גרויסן גענצדיקן מויל — אַ זכר לחורבן. און ער האָט אַרויסגעוואָרפֿן פֿון הויז אַלע שיינע און שמעקעדיקע וואַזאָנעס — די ראָבער־פּלאַנצן, און טראַוט בעגאָניאַס, און גערא‑ניומס און לעמפּערט־ראָזעס און די כינעזישע קאַרשנבוימלעך. אָנשטאָט זיי האָט ער אַוועקגעשטעלט אויף די פֿענסטער פֿאַפּירענע וואַזאָנעס און קליינע שטעכעדיקע סטאָלעטניקעס אין ליימענע טעפּלעך.

און צו זיך אין שרייבצימער אַרײַן האָט ער אָנגעבראַכט מאָדנע אַזעלכע פֿאָליאַנטן, אין אַ שפּראַך, וועלכע זײַן פֿרוי האָט ניט פֿאַרשטאַנען, און מיט אותיות, וועלכע האָבן איר אויסגעקוקט זייער ווילד, — „טשײַניז"*) פֿלעגט זי זיי רופֿן, די דאָזיקע פֿאָליאַנטן, — און די ספֿרים זײַנען געווען אַזוי גרויס, און אַזוי אָנגעלומפּערט, אַז זיי האָבן זיך אין די ביכער־שראַנקען ניט אַרײַנגעפּאַסט. זיי האָבן דעריבער געשטערט די האַרמאָניש־ייט פֿונם מעבל און אָנגעפֿילט די לופֿט מיט דער טוכלעקייט פֿון אַלטע פֿאַרלעגנע ספֿרים, וואָס זײַנען שוין פֿון לאַנג, פֿון גאָר לאַנג פֿאַרמאַכט געווען. און דאָ, איבער די גרויסע מסכתות און מדרשים, פֿלעגט ער גאַנצע נעכט איבער אַ חלבנעם ליכטל אָפּזיצן, און שאָקלען זיך מיט אַ טרויעריקן ניגון.

און די פֿרוי האָט דאָ דערזען מיט אַ גרויל אין די אויגן, אַז דער

*) כינעזיש.

מאַן אירער — נישט אַנדערש, ווי ער איז משוגע געוואָרן. זי האָט אָבער מורא געהאַט צו דערציילן אירע אייגענע און פריינט וועגן איר אומגליק, ווייל אַזאַ חלאת איז דאָך גאָר אומבאַקאַנט אין דער גאַנצער וועלט. האָט זי עס געשטיקט נעבעך אין זיך.

זי האָט זיך בלויז באַמיט, אַז די אַרומיקע שכנים זאָלן איר אומגליק ניט באַמערקן, ווייל עס איז שוין געווען שפּעט אין האַרבסט, און די בלעטער פון די בוימער ביי די פענסטער זיינען שוין לאַנג געווען אַרונטערגעפאַלן. דורך די אַנטבלויזטע צווייגן האָט איצט אַ דורכזיכטיקע האַרבסטיקע לופט אַריינגעקוקט, און שטילע מענטשן זיינען פאַרבייגעגאַנגען די פענסטער.

אַ שטיק צייט האָט זי זיך אַזוי געצאַפּלט אין טיפן אומרו.

און דער ייד האָט זי מער גאָרניט באַמערקט, ווייל פאַרטיפט איז ער געווען איצט זייער שטאַרק אין זיך. אפשר האָט ער זיך לעצטנס אַרומגעזען, אַז זי איז אין דער אמתן גאָרניט זיין פרוי, ווייל זיי האָבן דאָך ניט חתונה געהאַט לויטן יידישן דין. און אין די ווייבערשע זאַכן איז זי אויך געווען ניט יידישלעך. האָט ער זיך אפשר דערפאַר דערווייטערט פון איר, און פלעגט צו איר אין חדר מער ניט אַריינקומען אויף באַהעפטן זיך. ער פלעגט ליבערשט אַנטשלאָפן ווערן אין ריינקייט איבער די גרויסע ספרים, וואָס אין זיין שרייב-צימער, און זיך באַהעפטן דאָרט מיט דער קלאָרקייט פון זייערע ווערטער. זיי, די דאָזיקע ליכטיקע ווערטער, פלעגן אים אָפּקלינגען אינם פאַרן-שלאָף-דרימל, ווי ווייטע, שאַלנדיקע און ליכטיקע שטימען אויף זומערדיקע וועגן.

און אַז די פרוי האָט דערזען, ווי ער האָט זיך אָפּגעווענדט פון איר, האָט זי זיך אָפּגעווענדט אויך פון אים, און אירע נעכט האָט זי אָנגעהויבן דרויסן הויז, אין שטאָט צו פאַרברענגען.

שפּעט ביינאַכט פלעגט זי איצט קומען אַהיים, אָדער גאָר פאַרטאָג, ווען שיטער-ווערנדיקע בלאָקייט גיסט זיך פונם דרום-מזרח אין דער נאַכט אַריין.

זי פלעגט צו אים שוין מער אַפילו ניט אַריינשמעקן. אַמודע

פלעגט זי זיך אַריינוואַרפן, אַמידע און אַן אויסגעמאַטערטע, און איר בעט אַריין.

און פונקט דאַמאָלס, אין אָט דער פאַרטאָגיקער שעה, פלעגט דער ייד שוין אויפשטיין, אָפּגיסן נעגל־וואַסער און זאָגן די נייטיקע ברכות. נישט נעמענדיק אַ ביסן אין מויל אַריין, פלעגט ער מיט גיכע טריט אַוועקגיין אין שול, מתפלל זיין מיט די ותיקין.

און אַז ער איז דעם ערשטן מאָל געקומען אַהינצו און האָט געבעטן ביי דעם שמש, ער זאָל אים געבן טלית און תפילין, האָט דער שמש מאָדנע דערשטוינט אָנגעקוקט דעם דאָזיקן גוי, און האָט זיינע אייגענע אויגן ניט געגלויבט. אַז ער האָט אָבער דערהערט, ווי יענער רעדט צו אים יידיש, האָט ער זיך געטראַכט:

— דאָס מוז אַוודאי זיין אַ מומר... יאָ, אַ מומר, וועלכער איז געקומען אין שול אַריין צום יאָרצייט פון אַ שוין לאַנג־לאַנג צוריק פאַרשטאָרבענע טאַטע־מאַמע.

ווייל אַזוי ווערט דאָך טאַקע דערציילט פון די דאָזיקע לייט, אַז אין אָט אַזעלכע טעג הייבט עס ערשט אָן ברענען אין זיי אַ פלאַם.

האָט אים דער שמש דערלאַנגט טלית־און־תפילין און ביי אים געפרעגט:

— קאָן ער אַליין זאָגן קדיש, אָדער ער וויל, אַז עמעצער זאָל אים יוצא זיין?

און דער ייד האָט אים שטיל געענטפערט און זיינע ליפן האָבן זיך אימבאַמערקט פאַרקרימט מיט אַ שמייכל:

— אַ קדיש... יאָרצייט... עס איז ביי מיר יאָרצייט איצט יעדן טאָג.

האָט זיך דער שמש געוואונדערט איבער די דאָזיקע רייד מיט אַ גרויס וואונדער, און אַלע יידן אין שול האָבן זיך געשושקעט, און אַ שטיק צייט איז דער יידישער קוואַרטאַל געגאַנגען מיט אים, מיטן דאָזיקן וואונדערלעכן פרעמדן מענטש — אַ משומד, אָדער אַ גר — כאָדראָאָס.

און דער דאָזיקער גלות פלעגט שוין קומען אין שול אַריין טאָג איין, טאָג אויס, פלעגט מיט קיינעם ניט אויסריידן קיין וואָרט,

פלעגט זיך אָנטאָן אין טלית און תפילין, זיך אומדרייען מיטן פנים צום וואַנט, און דאַוונען אין דער שטיל. און ער האָט זיך געלאָזט וואַקסן אַ לאַנגע שוואַרצע באָרד, און מיט דער צייט האָט ער געקראָגן אַ יידישן אויסזען.

און ביסלעכווייז, ביסלעכווייז האָבן זיך די אַרומיקע יידן דערוואוסט, אַז דער דאָזיקער מאַן איז אויך אַ ייד. און אַז זיי האָבן זיך עס דערוואוסט, האָט זיך דעמאָלט דער רעש און דער טומל אַרום דעם פרעמדן גיך געלייגט. זיי זיינען מיט אַמאָל אינגאַנצן אָפּגעקילט געוואָרן צו אים, זיי האָבן איינער צום אַנדערן גערעדט, געקאָכט זיך, מיט אַ באַליידיקנדיקן קוועטש מיט די אַקסלען און אַ ביטולדיק קרימעניש מיט די ליפּן:

— נו, אויב אַזוי, איז ער דאָך בלויז איינער פון אונזערע... פונקט אַזאַ ייד, ווי מיר אַלע... איז מה רעש?... צוליב וואָס האָבן מיר עס געמאַכט אַזאַ וואַרע פאַר אים? מ־ניע, נאָך אַ ייד.

און זיי האָבן שוין איצט אָנגעהויבן קוקן אויף אים מיט חשד־אויגן, פונקט, ווי ער וואָלט ביי זיי ניט אַנדערש, ווי עפּעס געהאַלט צונעמען. ווייל אין דער ענגקייט איז מיט זיין אָנקומען געוואָרן נאָך ענגער.

און זיי האָט שוין איצט אַפילו פאַרדראָסן גאָר שטאַרק, פאַרוואָס זיי האָבן זיך צערעשט אויף די הענט אַרומגעטראָגן מיט אים, — „וויבאַלד ער איז דאָך בלויז איינער פון אונזערע"... און זיי האָבן אים נאָך איצט פיינט געקראָגן, פאַרוואָס ער האָט זיי פריער ניט געזאָגט, אַז ער איז אַ ייד, און איבער דעם, וואָס זיי האָבן עס ניט געוואוסט, האָבן זיי אים אומזיסטן כבוד אָפּגעגעבן.

נאָר דער דאָזיקער ייד, וואָס האָט געוואוינט אין דער שטאָט צענטערוויל, אין דעם מיטלוועסטלעכן שטאַט, האָט עס אַלץ אָנגענומען מיט ליבשאַפט, ווייל ער האָט געוואוסט, אַז עס קומט אים אַזוי, — אַ פאַרדינטע שטראָף.

האָט עס דערנאָך פּאַסירט אַזוי:

די יידישע איינוואוינער האָבן זיך אָפּגעקערט פון אים, און פון די גוייִשע איינוואוינער האָט ער זיך אָפּגעקערט. איז ער געבליבן גאָר איינער אַליין. נאָר ער האָט פונדעסטוועגן געבענטשט גאָט,

ווייל ער איז איצט סוף־כל־סוף געווען איבן וועג צו גאַנצקייט און צו רו.

און אָט אַזוי איז פֿאַרלאָפֿן טאָג נאָך טאָג, וואָך נאָך וואָך, חודש נאָך חודש.

ער איז געווען אָפּגעטיילט מיט אַ מחיצה אַפֿילו פֿון דער נאָרנטער וועלט. אַ וואַרעם־באַהאַלטענע פֿאַרנעפּלקייט האָט זיין נשמה אַרומגעוויקלט, און וואָס עס קומט פֿאָר אַרום אים האָט אים שוין מער ניט געאַרט, און ער האָט עס אַפֿילו ניט געזען.

און אָט האָט איינמאָל אַ פֿרייטאָג־צונאַכט אַראָפּגעניטערט איף דער וועלט. די וואָכעדיקע גאַסן זיינען געוואָרן רוּקער. די קראָמען זיינען פֿאַרמאַכט געוואָרן. עס הערט זיך שוין נישט מער פֿון די גאַסן קיין גערויש. אַ הייליקייט שפּרייט זיך אין דער לופֿט.

דער ייד האָט זיך אָנגעטאָן אין שבתדיקע בגדים און איז געווען גרייט צו גיין אין שול אַריין.

און מיט אַמאָל קוקט ער זיך אַרום — און שטוב בענטשט מען גאָרניט קיין ליכט.

— סטייטש? לויטן לוח איז דאָך שוין איצט צייט צו בענטשן ליכט.

איז ער צוגעגאַנגען צו זיין פֿרוי און האָט זי געפֿרעגט:

— פֿאַרוואָס בענטשט זי נאָך ניט קיין ליכט? דער גאָלדענער טעלער איז דאָך שוין האַלב איף יענער זייט אַנידערגעזונקען.

און די פֿרוי זיינע, וועלכע איז שוין פֿאַר הער לעצטער צייט צוגעוויינט געווען צו זיינע מאָדנע איינפֿאַלן און מאָדנע רייד, האָט גענומען און אַרויסגעשטעלט איבן טיש גלאָזערנע לייכטער און אָנגעצונדן אין זיי ליכט. און האָט פֿאַרמאַכט דאָס פּנים מיט די הענט און איז געבליבן שטיין אַזוי שווייגנדיקערהייט. זי האָט נאָך גראָד געדענקט, אַז אַמאָל האָט זי געזען, ווי איר מאַמע פֿלעגט עס טאָן אַזוי. נו, איז פֿאַרוואָס זאָל עס איר אַרן?

עס איז געווען זייער אַ שיינער אָנשטעל און האָט קיינעם ניט געשאַדט.

און ווי דער מאַן שטייט אַזוי און קוקט אויף איר, ווי זי איז איבערגעבויגן — שטיל־אומבאַוועגלעך, מיט פאַרדעקטע אויגן, איבער די ליכט־פלעמלעך, — הייבן מיט אַמאָל אָן די גוף־פאָרמען פון זיין פרוי צערונען צו ווערן. אויף איר אָרט וואַקסט אויס אַ מאָדנע געשטאַלט, אַ נייע געשטאַלט — אַ געשטאַלט, וואָס איז גאָר ענלעך אויף אים אַליין. און ער דערזעט מיט אַמאָל, ווי צווישן די שפּעלטעלעך פון אירע פינגער שמייכלט אַרויס צו אים אַ כימרע פנים, באַפאַרבט מיט רוזש און באַפּוצט מיט שמינקע, — זיין אייגענער פנים, וואָס איז אַזוי אָנגעפאַרבט און צוגעפּוצט:

— נו, זאָג אַליין... צו וואָס מאַכסטו זיך נאַריש, האַ? צו וואָס דער גאַנצער אָנשטעל? איך בין דאָך ניט קיין יידישע טאָכטער און דו ביסט דאָך ניט קיין ייד. ווער־ווער — איך ווייס דאָך אַזוי גוט דיינע שוואַכקייטן, דיינע זינד, וואָס זיינען אַזוי פיל... איז וואָס־זשע נאַרסטו זיך אַליין?

און אַ גרויס שרעק איז דעם יידן מיט אַמאָל באַפאַלן, אַ שרעק פאַר דער האָזיקער געשטאַלט מיטן פאַרדעקטן, אומגעזעענעם פנים, וואָס האָט אויסגעזען ווי זיינס אַן אייגן געשטאַלט. און ער איז אויף גיך אַרויסגעלאָפן פון שטוב אַרויס.

נאָר איידער ער האָט נאָך באַוויזן צו פאַרמאַכן די טיר הינטער זיך, האָט ער דערהערט, ווי זיין פרוי האָט אויסגעבראָכן אין אַ גרויס געלעכטער. און דער האָזיקער געלעכטער האָט אים שוין נאָכגעפאָלגט אויף די טרעפּ אַרונטער און אויפן גאַנצן וועג אין שול אַריין, — דער אימהדיקער געלעכטער פון אַ שרעקנדיקן נאַכטפויגל.

ערשט אינם שפּעט־אָוונט איז ער געקומען אַהיים פון שול. נאָר קיינער האָט אויף אים דאָרט ניט געוואַרט. די פרוי איז, ווי געוויינלעך די לעצטע צייט, אַוועקגעגאַנגען צו פאַרברענגען די נאַכט אין שטאָט.

די שבת־ליכט האָבן איינזאַם געברענט אין די גלעזערנע לייכטער.

און אַז ער האָט אָנגעהויבן שפּאַנען איבער די חדרים, ווי ער פּלעגט עס טאָן לעצטנס יעדן פֿרייטאָג־צו־נאַכטס, און אויסוויינען דעם שלום־עליכם, זיינען אים דאָסמאָל די ווערטער פֿון מויל אַרויס פֿאַרגליווערט געוואָרן, און ער האָט זייער קלאַנג אַפֿילו אַליין ניט געהערט: אין די אויערן האָט אים אַלץ געקלונגען דער אומהדיקער געלעכטער פֿון זיין פֿרוי בשעתן ליכט־בענטשן. די שטילע שבת־לופֿט איז שוין איצט מער ניט געווען שטיל, — זי האָט נאָכאַנאַנד און איינגעהאַלטן געהילכט אין זיינע אויערן, ווי אין אַ ים־מויערל. און פֿון דעם האָזיקן עקשנותדיקן הילך איז דער דינער פּאַלאַץ, אין וועלכן ער האָט די לעצטע צייט געלעבט, צעבראָכן געוואָרן און די אויגן האָבן זיך דעם יידן מיטאַמאָל געעפֿנט:

פֿאַר אים זיינען געלעגן די גאָלדענע שערבלעך פֿון זיין קינסטלעכן בנין, און וועלכע דער גלאַנץ פֿון די שבת־ליכט האָט זיך געשפּיגלט אומעטיק, רויט און שווייגנדיק.

און ער האָט זיך אין יענעם פֿרייטאָג־אָונט ווידער איינגעשלאָסן אין זיין חדר און אַ שטיק צייט אַזוי אַרומגעגאַנגען הין און צוריק איבער זיינע אַמאָליקע אויסגעטראָטענע סטעזשקעס.

און ענדלעך האָט ער צו זיך אַזוי געזאָגט:

— די דאָזיקע פֿרוי — זי איז מיר דאָך פֿרעמד, און וועט מיר פֿאַרבלייבן אַזוי פֿרעמד אין משך פֿון מיין גאַנץ לעבן, און מאָג איך זיין ווי נאָענט צו איר... און ווי וועל איך האָבן אַן אייגן יידיש הויז, אַז מיין נאָענטסטע איז מיר פֿרעמד? און זי איז דאָך אַ טייל פֿון מיין לעבן, און אַ שטענדיקער דערמאָנער אָן מיין פֿריערדיקער פֿאַרבלאָנדזשעטקייט. גאָט, גיב מיר כּוח אַרויסצושניידן זי פֿון מיין לעבן, אָפּצושניידן דעם דאָזיקן פֿרעמדוואַקס פֿון מיין לייב..

און ער האָט זיך אינם משך פֿונעם גאַנצן אָוונט געשטאַרקט.

נאָענט צו האַלבער נאַכט האָט ער צו זיך אַ זאָג געטאָן אין דער שטיל:

— עס איז שוין באַלד האַלבע נאַכט. מען דאַרף פּראַוען חצות.

אויף די שפּיץ פֿינגער האָט ער זיך אַרויסגעגנבעט פֿון זיין אָפּגעזונדערטן חדר און איז אַריין צו זיין ווייב אין שלאָפֿצימער.

אַ פּאַספּאַריש־בלייער בליץ פֿון דעם עלעקטרישן שטאַנג פֿון אַ הורכפֿאָרנדיקן טראַמוואַי האָט זיך מיטאַמאָל אַריינגעשניטן אין דעם צימער אַריין. אויף אַ רגע בלויז האָט ער באַלויכטן דאָס בעט און דאָס בלייך־אויסגעלאַסענע פּנים פֿון זיין פֿרוי. אַן אומרויִקע איז זי האָרט געשלאָפֿן אין זיך, אַפּנים, איצט געהיצט אין חלומות פֿון זינד.

פֿון גאָר־ווייטע גאַסן האָט זיך געטראָגן אַהער אַ געדריש פֿון אַן עולם, וועלכער האָט זיך אומגעקערט פֿון די טעאַטערס.

און ווידער איז געוואָרן טונקל.

און אין דער טונקל האָט באַלד אַ בליץ געטאָן דער שאַרף פֿון אַ חלף, וועלכן דער ייד האָט מיט כּוונה דורכגעפֿירט הין און צוריק איבער זיין פֿרויס האַלז. אַ ריטשקעלע בלוט האָט גלייך באַדעקט דאָס ווייסע לייוונט און זיך אָנגעהויבן ציען איבער דער פּאָדלאָגע, — אַ רויטע סטעזשקע.

און דערנאָך האָט ער זי, די דאָזיקע פֿרוי, פֿאַר די האָר אַרויסגעשלעפּט פֿונם בעט, און געשלעפּט זי איבער דער פּאָדלאָגע, אַריינגעשלעפּט זי צו זיך אין חדר אַריין. דאָרט האָט ער זי באַדעקט מיט אַ שוואַרצן טישטעך, אַרומגעשטעלט די גלעזערנע לייכטער אַרום איר צוקאָפּנס און אין זיי אָנגעצונדן ליכט. ערשט איצט האָט ער שטיל־צופֿרידן געשמייכלט:

— אָ, איצט וועט זי שוין אַוודאי מער ניט לאַכן פֿון די ליכט אין גלעזערנע לייכטערס...

און ער האָט זיך אַנידערגעזעצט ביים טויטן גוף פֿון זיין פֿרוי און מיט אַ צעבראָכן האַרץ האָט ער אָנגעהויבן אָפּריכטן חצות.

אין דער שטילער נאַכט האָט זיך געהערט זיין תּפֿילה:

„גאָט, זיי מיר מוחל די גרויסע זינד, וואָס איך בין באַגאַנגען.

איך האָב מיך דערווייטערט פֿון דיר, און פֿון דיין געבאָט, און פֿון דיין פֿאָלק.

און איך האָב געקוקט אויף זיי, אויף די קינדער פון מיין פאָלק, ווי אַ האָר קוקט אויף אַ קנעכט, ווי אַ רייכער אויף אַן אָרעמען, ווי אַ ריינער אויף אַן אומריינעם.

און איך האָב ניט געליטן דעם פיין, וואָס זיי האָבן געליטן.

און איך האָב מיך געהאַלטן העכער פון זיי, ווייל איך האָב געוואוסט די וועגן פון די גויים.

און האָב איך ניט, אין די טיפסטע טיפענישן פון מיין נשמה, מיט בענקעניש און טרויער זיך ניט איינמאָל געזאָגט: „אָ, ווען איך וואָלט נאָר געבאָרן געוואָרן איינער פון זיי, פון די גויים!...״

גרויסער גאָט, פאַרגיב עס מיר אין דיין גרויסמוטיקייט... איך האָב דיר ביז אַהער ניט געקענט. אין די קירכן אַריין בין איך דאָך אויך ניט געגאַנגען צוליב דיר, כדי דיך צו גרויסן, — נאָר צוליב זיך, צוליב מיין אייגענעם תענוג. און תענוג איז דאָך תענוג — פונם קערפּער, צי פונם גייסט. מיר ווערנדיק פון די תענוגים פון זינד און אויסגעלאַסנקייט, פלעג איך אויספּרובירן די שטילערע פאַרגעניגנס פון פרומער רו און רעליגיעזן עקסטאַז, כדי איך זאָל שפּעטער נאָך שאַרפער פילן די פאַרגעניגנס פון זינד...

גאָט פון רחמים, איך בעט ביי דיר פאַרגעבונג...

איך ווייס איצט, אַז דו ביסט איינציק אויף אייביק און אייביק. איך וועל מער ניט נאָכפאָרשן דיינע וועגן, און ניט נאָכקוקן דיינע מעשים.

און איך דערוואַרט ניט קיין שכר פאַר מיין דינען דיר, ניט אויף דער וועלט און ניט אויף יענער וועלט.

גאָט פון דין, משפּט מיך: איך בין ניט דער ערשטער און ניט דער לעצטער.

איך קער מיך אום צו דיר מיטן פולן האַרצן, אַ צעבראָכענער און דערשלאָגענער.

און איך האָב דיר געבראַכט אַ קרבן חטאת פאַר מיינע זינד — אַ שטיק פון מיין פלייש און בלוט.

איך קער דיר אום מיין וועלטלעכן גליק און וועלטלעכע אָנגעזעענקייט, און דו קער מיר אום מיין גאַנצקייט און מיין חן.״

די נאַכט איז געווען שטיל, און קיינער האָט אים ניט געענטפערט פון דער שטילקייט.

אינם סאַמע פאַרטאָג, מיטן קרייען פון די הענער און מיט דער פרימאָרגן־בלאָקייט, האָט זיך דערהערט אַ סקריפען פון אַ שליסל אין דעם הויסנדיקן שליסל־לאָך. דאָס האָט זיך דעם יידנס פרוי אומגעקערט פון איר נאַכטיקן פאַרברענגען אין דער שטאָט פון זינד.

און זי האָט דערזען, ווי איר מאַן זיצט אויף דער ערד און פאַר אים איז אויסגעשפרייט אַ שוואַרצער טוך, אַרומגערינגלט מיט ברענענדיקע ליכט, האָט זי זיך צערשט שטאַרק דערשראָקן און אַ האַסטיקן טראָט געטאָן צוריק. נאָר באַלד, דענקענדיק, אַז דאָס איז איך אַוודאי עפעס אַזאַ מאָדנער יידישער מנהג, האָט זי אויסגעבראָכן אין אַ גרויס געלעכטער איבערן דאָזיקן ווילדן איינפאַל פונם מאַן אירן.

נאָר דער ייד איז אַליין געזעסן איבערן טויטן קערפער פון זיין פרוי און האָט גאָרנישט געזען, ווער עס שטייט הינטער אים, און האָט גאָרניט געהערט. ניט געזען האָט ער, ווי די פרוי זיינע איז געשטאַנען איצט הינטער אים, — אַ הייכע, אַ שלאַנקע און אַ יונגע, מיט באַקן אויפגעפלאַמטע פון זינד, איר גוף איינגעפאַסט אין איר שוואַרץ־אַטלאַסענעם קלייד, וואָס האָט זי נאָך הויכער געמאַכט. און ניט געהערט האָט ער, ווי זי האָט פאַמעלעך אַרונטערגעשלעפט די לאַנגע זיידענע הענטשקעס פון אירע בלייכע אָרעמס און האָט דערביי הויך־הויך געלאַכט.

.1919

---

# ס'איז שוין צײַט צו דאַווענען מעריב

ניִשט קיין מעריב, נאָר געשלאָפֿן, —
וואָס־זשע קען מען פֿון אײַך האָפֿן:
צו וואָס־זשע לעבט איר אויף דער וועלט?
מיט וואָס וועט איר קומען אויף יענער וועלט?

דעם גאַנצן וואַרעם־גאָלדיקן נאָכמיטאָג האָט מען אויף דער פֿערמע געאַרבעט אַרום די סנאָפּעס קוקורוזע. מען האָט זיי שוין מיט אַ וואָך צוריק אָפּגעשניטן, אײַנגעבונדן די קוקורוזע־שטעקענער מיט שטרייענע פּאַסן און זיי צוזאַמענגעשטעלט אין סנאָפּעס, צום טריקענען. נאָר די לעצטע נאַכט איז פֿון דעם ווײַטן צפֿון, פֿון די דאַקאָטאַס און נעבראַסקאַ, און די ווילדע קאַנאַדער ראַקי־בערג, געקומען צופֿליִען אַ צפֿון־מערבֿדיקער ווינט, אַ שטאַרקער, און האָט זיי אַלע אומגעוואָרפֿן.

האָט מען היינט, אין קיל האַרבסטיקן נאָכמיטאָג, ווידער צוגעשטעלט אין קליינעם סנאָפּ צום צווייטן, אָנגעשפּאַרט איינער אָנעם אַנדערן אין דער קרים, כּדי זיי זאָלן זיך האַלטן: גרייסע סקירדעס קען דער ווינט אַזוי גרינג ניט אומוואַרפֿן.

ערשט, אַז די זון האָט שוין געהאַלטן אין אונטערגיין און אַ הייקע רויטלעכקייט איבער פֿעלד און וואַסער געגאָסן, האָט מען זיך פֿאַרשוויצטע און פֿריילעכע געלאָזט גיין אַהיים, באַרג־אַרויף. דאָס פֿעלד, אויף וועלכן מען האָט געאַרבעט, איז געלעגן אין טאָל, לעבן אַ קליינעם טייך.

געאַרבעט האָבן זיי זאַלבעצווייט, דער פֿאָטער מיטן זון. אַז זיי האָבן זיך איצט איבערגעהויבן איבערן שמאָלן שליאַך, וועלכער גייט פֿונעם פֿעלד צום בערגל אַרויף, אויף וועלכן עס געפֿינען זיך

די פּערמע-הייזער, האָבן זיי אין סאַמע מיטן וועג, אײדער זיי האָבן נאָך באַוויזן צו דערזען אַפילו די שפּיצן פֿון די פּערמע-בנינים, דער-הערט שטיפערישע און פרײדיקע קולות. האָבן זיי געוואוסט, אַז דאָס זיינען עס זייערע דאַטשניקעס, וועלכע זיינען זיך משמח אױפֿן גראָז בײם ענד פֿונם זוניקן טאָג.

און אַז די צוויי זיינען אין אַ ווײלע אַרום אָנגעקומען אױבן, אױף דער באַרג-טעראַסע, זיינען די דאַטשניקעס זיי באַפֿאַלן מיט געלעכטערס און יונג-קלינגענדיקע געשרייען, און זיי אַרומגערינגלט און אָנגעהױבן דרייען זיך אַרום זיי אין אַ קאַראַהאָד אינם פֿאַר-נאַכט. דער פֿאָטער מיטן זון, מידע און אָנגעהאָרעוועטע, האָבן וואַרעם-פֿריינטלעך געשמײכלט צו אַלעמען; און אַליין זיינען זיי גע-בליבן שטיין אין מיטן, — צוויי אומבאַוועגלעכע ברוינע בײמער, אַרום וועלכע עס האָבן זיך די איבעריקע געדרייט אין אַ קאַראַהאָד, — געשטאַלטן, וואָס זיינען אָנגעקומען מיטן אָוונט.

די צוויי פּערמער, אין זייערע בלויע „דענימס“*), זיינען גע-בליבן שטיין פֿאַרשטיינערט. זיי האָבן ניט פֿאַרשטאַנען, וואָס מען וויל דאָ פֿון זיי, און האָבן תמעוואַטע געשמײכלט. ס'האָט אױסגעזען: זיי וואָלטן אײביק אַזוי געבליבן שטיין, און יונגוואַרג וואָלט אײביק אַזוי געטאַנצט אַרום זיי.

נאָר עס האָט זיך באַלד דערהערט אַ קלינגען פֿון אַ גלאָק.

דער דאָזיקער קלינגען האָט עס גערופֿן די דאַטשניקעס אין שטאַל אַריין, צום מילך-טרינקען. ווי אַ סטאַדע יונגע אָקסלעך, האָבן זיי זיך געלאָזט לױפֿן און שפּרינגען אײנער איבערן אַנדערן צו דער שטיינערנער שטאַל-צו, וואָס איז געווען אַריינגעבױט מיט צוויי זייטן אירע אין דעם שטיינערנעם באַרג אַריין.

דער פֿאָטער מיטן זון האָבן דערווײל אױסגענוצט די געלעגנ-הייט און אױף גיך אַריינגעגאַנגען אין הויז אַריין. דאָרטן האָבן זיי זיך אײנגעוואַשן, זיך אײליק איבערגעטאָן, איבערגעכאַפּט עפּעס און אױף גיך זיך געלאָזט אין וועג.

---

*) אַרבעטס-קלײדער.

אַז די זומער-אײנוואױנער זײַנען פּאַרטיק געוואָרן מיטן טרינ=
קען די וואַרעמע, שױמיקע מילך, פֿון וועלכער אַ פּאַרע האָט גע=
שלאָגן אין דער קילער לופֿט פֿונם פֿאַרנאַכט, און זײַנען מיט אײַנ=
געשמירטע מײַלער צוריק אַרױסגעלאָפֿן אױפֿן הױף, זײַנען שױן
דער פֿאָטער מיטן זון דאָרט ניט געווען. נאָר קײנער האָט איצט
דאָס ניט באַמערקט. דער פֿרײלעכער, זאָרגלאָזער עולם האָט זיך
אין אײן מינוט אָן זײ פֿאַרגעסן.

צוױי טונקעלע געשטאַלטן האָבן זיך געהױבן איצט קעגן
דעם גרױ-בלײַכלעכן מזרחדיקן הימל, געהױבן זיך עטוואָס אײַנ=
געבױגן, װײַל דער אַרױף-באַרג איז געווען זײער משופּעדיק. ער
איז אױך געווען אינגאַנצן באַזעצט מיט שטײנער, — דער האָזיקער
אַרױף-באַרג, מיט גרױסע און קלײנע שטײנער. גרױסע בלאָקן
גראַניט האָבן זיך פֿאַזע בײדע זײַטן וועג געטונקלט אינם אָוונט, —
געשטאָרבענע פֿאַרצײַטיקע בײמער.

די צוױי געשטאַלטן האָבן זיך געאײַלט. דער אָוונט האָט
זיך שױן דערנעענטערט מיט גיכע טריט. אין טאָל איז שױן געווען
טונקל, נאָר דאָ, אױפֿן שפּיץ-באַרג האָט דער וועג זיך נאָך גע=
בלײַכט פֿאַר זײ צווישן מײפּל- און קאַשטאַנען-בײמער. דאָ, אױפֿן
שפּיץ-באַרג, האָט זיך נאָך געזען דער היטער פֿײער אױף אײנעם
אַ װײַטן קעגנאיבערדיקן באַרג אינם מערב, און נאָך װײַטער מערב=
צו האָבן זיך געטורעמט אין אַ טיף-בלויען צורעק די בלוי-מאונ=
טיינס. צווישן די היפּש ווײַטלעכע בלוי-מאונטיינס און דעם
בערגיקן וועג, אױף וועלכן פֿאָטער און זון זײַנען איצט געגאַנגען,
זײַנען געווען צעשפּרײט נאָך אַ היפּש ביסל בערג און טאָלן און
פֿאַרוואָרפֿענע פֿערמע-הײַזלעך, — אַ פֿאַרנאַכטיקע אומהײמלעכע
געגנט, באַוואָרפֿן מיט זון-ליכט און טונקלהײט.

די צוױי גײערס האָבן זיך אָבער װײניק צוגעקוקט צו דעם
אַרומיקן, װײַל זײ זײַנען שױן געווען פֿון גאָר לאַנג געוױינט דערצו,
צום גאַנצן אַרום. זײ האָבן נאָך, איבער דעם, אַ צוױי מײַל דורכ=
צוגײן, טאָל-אַרונטער און באַרג-אַרױף, ביז וואַנען זײ וועלן אָנ=
קומען אין דער ײדישער שול אַרײן, וועלכע געפֿינט זיך אין דעם
שטעטעלע פֿאָלסבורג.

דער דינער, מאָגערער און אויסגעהאָרעוועטער פֿערמער — דער פֿאָטער — האָט דעריבער אַליין אונטערגעאײַלט זײַן זון:
— שנעלער סעם, שנעלער... ס'איז שוין באַלד מעריב-צײַט.

ווען די צוויי געשטאַלטן האָבן זיך פֿאַרקערעוועט לינקס, כּדי צו מאַכן דעם „שאָרט קאַט" דורכן וועלדל פֿון צעדער-ביימער צו דעם זאַמדיקן הויפּט-שאָסיי, וואָס האָט געפֿירט קיין פֿאָלסבורג, האָט זיך פֿון רעכטס מיט אַמאָל געלאָזט הערן אַ קרישטשען פֿון רעדער איבער שטיינדלעך און טרוקענעם זאַמד. און אויפֿן בלײַכלעך-בלייען הימל האָט זיך באַלד אויסגעמאָלן אַ קליין צוויי רעדעריק וועגנדל, אײַנגעשפּאַנט צו אַ גניאַדן פֿערד. אָבער דאָס וועגנדל און די צוויי געשטאַלטן האָבן זיך אויסגעמיטן.

אינם וועגענדל איז געזעסן אַ יונג פֿאָר פֿאָלק. די לייצעס האָבן זיי געהאַלטן שוואַך אין די הענט. ס'איז געווען קאָנטיק, אַז זיי זײַנען געפֿאָרן „גלאַט אַזוי זיך" — אָן אַ באַשטימטן ציל. ביידע האָבן זיי געקוקט צו דער ווײַטער קייט פֿון די בלוי-מאַונטיינס, געקוקט מיט אַזאַ מין אָנגעשטרענגונג — פּונקט, ווי זיי וואָלטן דערוואַרט, אַז אַ מענטש זאָל באַלד אַרויסקומען פֿון אָט יענעם ווײַטן הויז, וואָס האָט זיך, שטיל און ווײַס, געזען אַהער פֿון אַן אומגעהײַערער ווײַט: אַזוי גלאַט-דורכזיכטיק איז געווען די האַרבסטיקע לופֿט.

פֿאַמעלעך האָט זיך געשלעפּט דאָס פֿערדל איבערן שפּיץ באַרג, אויף משקולות, ווײַל אַ זעקס פֿיס פֿון זיי איז געווען אַ גרייסער אָפּריס, אַ תהום, אין וועלכן זיי האָבן געקענט אַרײַנפֿאַלן האַק און פּאַק, פֿערד, וואָגן און מענטש. גראָד זײַנען זיי ניט אַרײַנגעפֿאַלן אַהינצו. זיי האָבן אָבער פֿון אָט דעם נס גאָר ניט געוואוסט, און האָבן דעריבער ניט געדאַנקט גאָט פֿאַר דעם גרויסן חסד, וואָס ער האָט זיי באַוויזן אין דער דאָזיקער מינוט.

און דער יונגערמאַן האָט געקוקט אויף דער אַרומיקער געגנט פֿון בערג און טאָלן, וועלכע האָבן זיך נאָכאַנאַנד געדעקט מיט זון-רויט און ברוינע שאָטנס. ער האָט געפֿילט איצט אַזוי שטאַרק, ווי צו זאָגן עפּעס וועגן דעם, וואָס עס איז געווען איצט בײַ אים אויפֿן

האַרצן, צו דער פרוי, וועלכע איז געזעסן ביי זיין זייט. נאָך עס איז אים שווער געווען צו געפינען אַ וואָרט פאַר דעם. יעדעס וואָרט, פון וועלכן ער האָט איצט געקאָנט דענקען, האָט זיך אים איינגעוויזן בליך און גאָרנישט־זאָגנדיק.

און דאָס וועגנדל איז ווייטער געפאָרן איבערן שליאַך, טיפער אין דער אָוונטיקער רו.

דער יונגערמאַן אָן וועגעלע האָט געטראַכט ביי זיך, אַז די געגנט אַרום איז אים דעריבער איצט אַזוי טאָפּלט שיין, ווייל זי איז אים פרעמד, און וועט אים אַוודאי אַזוי תמיד פאַרבלייבן. ווי אַ סך פון זיינס גלייכן האָט ער דאָך געוואוסט, אַז ער וועט דאָ, אין דער דאָזיקער ערד, באַגראָבן ווערן. ער האָט זיך אַלץ אָבער געפילט דאָ פרעמד און אומזיכער — און האָט דעריבער, אפשר, ליב געהאַט טאַקע די ערד מיט אַזאַ מין זיסן ווייטאָג.

דאָס פורל איז ווייטער געפאָרן אויפן וועג צו דער פערמע. שפּעטער אַ ביסל איז זי אַהין אָנגעקומען. און דאָרט האָט מען זיי ביידן איינגענומען מיט גרויס פרייד און טומל, ווייל אַלע זומער־איינוואוינער האָבן זיי ליב געהאַט און זיי האָבן דאָרט געהאַט אַ סך פריינט.

מען האָט זיך באַלד אַנידערגעזעצט עסן אָוונט־ברויט אַרום די טישן, וואָס זיינען געווען צעשטעלט אויף דער לאַנגע פאַרן הויז. ס'איז שוין גאָר קיל איצט, די אָוונטן זיינען אַצינדערט פּראַקטיק אין די בערג.

און ווי זיי זיצן אַזוי און טוען זיך וואויל און לעגען זיך אונטער דאָס האַרץ מיט אַלערליי מאכלים, זעען זיי מיט אַמאָל, ווי פון אונטערן באַרג, גלייך איבערן טייך, פאָרט צו זיי עפּעס אַ פיר. און אין דער פיר — דאָס קאָן מען זען, ווייל ס'איז ניט אַזוי ווייט — זיצט אַ ייד.

כאַפּט זיי אָן אַ גרויס וואונדער, וואָס די פיר גייט דורך גלייך דורכן וואַסער און ווערט גאָר ניט דערטרונקען. נאָר דאָ דערקלערט איינער פון עולם, אַז דאָס וואַסער אין טייך איז איצט, סוף־זומער, גאַנץ נידעריק און עס כאַפּט בלויז אַ פיר ביז די האַלבע רעדער. פילן זיי זיך שוין אַ ביסל באַרויקט. אָבער אומצופרידן איז פינ־

דעסטוועגן דער עולם, וואָס עס איז גיט קיין וואונדער. אָבער אַליין — צוליב וואָס קומט ער עס, דער דאָזיקער ייד, אַזוי שפּעט אַהער?

און ווי זיי טראַכטן אַזוי, פּאַרט דאָס פּורל אַרויף אויפן בערגל. אַ ייד, וועלכער קוקט אויס גאַנץ געוויינלעך, אַ ייד מיט אַ געגאָלטער באָרד און קורץ געקליידט, ווי אַן אַמעריקאַנישער ייד, שטייגט אַרויס פון פורל.

און אַז די זומער־אײַנוואוינער קוקן אויף אים נאָכאַנאַנד אַזוי מיט פּאַרגאַפטע אויגן און אָפענע מײַלער, טרעט ער גיילך צו צום ענין.

היות, זאָגט ער, זיי זײַנען זיך צונויפגעקומען, עטלעכע יידישע פערמערס, ביי איינעם פון זיי אין הויז און ווילן מתפלל זיין בציבור אין די טעג פון ראש־השנה, און היות ווי עס סטאַיעט זיי ניט צוויי מענטשן צום מנין, און היות, זאָגט ער, זיי האָבן זיך דערוואוסט, אַז ניט ווייט פון זיי איז דאָ אַ גרויסע יידישע פערמע, אין וועלכער עס געפינען זיך נאָך אַ סך יידישע „באָרדערס", — בכן בעט ער זיי זייער אין זייער, אַז צוויי פון זיי זאָלן זיין אַזוי פיל פריינדלעך און זאָלן זיך אַרויפזעצן צו אים אין וועגעלע אַריין און פאָרן מיט אים אין מנין אַריין.

— נאָר טאַקע שוין, גלייך, ווייל עס איז שוין זייער שפּעט און די יידן וואַרטן דאָרט אַליין צווישן די בערג.

און אָט דאָ פאַרשווינדט די פאַרגאַפטקייט פון אַלעמענס פּנימער, און אַ גרויס געלעכטער קליגנט מיט אַמאָל אָפּ אין דער קילער לופט.

— כאַ־כאַ — רופט זיך אָפּ איינער — געפונען דעם ריכטיקן פּלאַץ!...

— מיסטער לעבן — כאַפּט אונטער איינע אַ קלוג־איבערגעוואַקסן מיידל, מיט קורץ־אָפּגעשאָרענע האָר, וועלכע האָבן זי גיכער עלטער אײדער ייגגער געמאַכט. — מיסטער לעבן... דאָ זיינען נישט קיין פינסטערלינגע!

— ר' ייד — גיט אַ זאָג אַריין אַ יונג, מיט אַ כיטרע פאַרשטייענדיק בליקל אין די אויגן — עפּעס אַ ביזנעסל לכבוד ראש־השנה,

האַ? וויפֿיל טשאַרדזשעט איר אַ טיקעט?* איב איר ווילט, מיר זאָלן מיט אײַך מיטגיין, ווילן מיר אויך אַ חלק אין די ביזנעס, יו נאָו...

און דער יונגערמאַן פֿון דעם פּאָרל, וועלכע איז פֿריער אָנגעקומען מיטן צוויי־רעדערדיקן וועגעלע, רוקט זיך דאָ אויך צו צום פֿריילעך־אויפֿגערעגטן קרייז, וועלכער האָט זיך אַרומגעשטעלט אַרום דעם ייִדן. ער וואונדערט זיך זייער שטאַרק: הײַנט (איז ראש־השנה און ער האָט גאָר ניט געוואוסט!

— אַ שיינער ייִדישער שרײַבער בין איך — האָט ער זיך אַ זאָג געטאָן אין דער שטיל. — אַז איך ווייס אַפֿילו ניט, ווען עס זײַנען חל די ייִדישע ימים־טובים.

און ווי זיי האָבן אים דערזען — דעם דאָזיקן יונגנמאַן, וועלכער האָט זיך באַטראַכט, ווי אַ ייִדישער שרײַבער — האָט זיך דער עולם גלײַך אַ נעם געטאָן פֿאַר אים. זיי האָבן דאָך אַלע געוואוסט, אַז שוין אַ שטיק צײַט שרײַבט ער אַזעלכע זאַכן, אין וועלכע ער רופֿט זײַנע לייענער צוריק „צו ייִדישקייט", צו דער אָפּהיטונג פֿון ייִדישע מנהגים אין הויז און צו דער אָפּהיטונג פֿון ייִדישע יום־טובים.

— „צוליב זייער פּאָעזיע", ווי ער פֿלעגט זיך עס אין זײַן גלאַטער, געפּוצטער און געפֿיילטער שפּראַך אויסדריקן, — „און צוליב אונזער סאָלידאַריטעט מיטן ייִדישן פֿאָלק, וועלכעס איז פֿון אַלע זײַטן און אין אַלע צײַטן אַרומגערינגלט מיט שונאים".

פֿון דעם אופֿן, ווי ער פֿלעגט פּוצן און פֿיילן יעדן וואָרט פֿון זײַן שרײַבן, איז געווען צו זען, אַז פֿון זיך אַליין און פֿון זײַן פּאָעזיע האַלט ער, אַלנפֿאַלס, אַן עולם ומלואו.

— אָט הי, אָ... — האָבן אַלע אויסגעשריען — אָט דו וואָלסט דאָך מאַקע געדאַרפֿט פֿאָרן מיטן ייִדן!

מנחם — דער דאָזיקער יונגערמאַן — איז צועשט רויט געוואָרן און זיך פֿאַרלאָרן. ער האָט זיך אָבער באַלד געפֿונען: אָ, דאָ האָט ער דאָך ערשט אַן אויסגעצייכנטע געלעגנהייט אַרויסצו־

---

*) וויפֿל רעכנט איר אַ בילעט?

זוויזן זיין קלוגשאַפט און זיין היינטוועלטיקייט פונם גאָר־לעצטן מין.

ער האָט זיך הייך פונאַנדערגעלאַכט:

— כאַ־כאַ... וואָס איז — דער עולם נעמט אים דען סידן ערנסט? אַזעלכע פראַים... פאַרשטייען זיי ניט, אַז דאָס אַלץ איז בלויז געווען אַן אָנשטעל אַזאַ, אַ פיינער זשעסט? און וואָס האָט דען אַ שרייבערס לעבן צו טאָן מיט זיינע זאַכן?

ער האָט קלוגיטשקע און איבערגעשפיצט אַ נטע־געוואַנקען. דאָס האַזיקע אונטערווינקען האָט געזאָלט מיינען:

— וואָס איז — אַ אידיאָט איז ער, אַז ער זאָל נעמען פאָרן מיטן האַזיקן יידן דאַוונען מעריב?

און האָט זיך ווידער שטאַרק פונאַנדערגעלאַכט. פון הדויסן, נישט געקוקט אויף זיין געלעכטער, איז ער נאָך אַלץ געהען אין פאַרלעגנהייט. דערפאַר אָבער אינערלעך איז ער געווען איצט שטאַרק צופרידן, וואָס ער האָט איבערגעלאָזן דעם עולם אין אַזאַ ניט־קלאָרקייט. ווייל דער עולם, אויסהערנדיק זיינע לעצטע רייד, האָט זיך אַוודאי אַזוי געטראַכט:

— איז ער באמת בלויז אַ קאָמעדיאַנטשיק, ביי וועמען דאָס שרייבן איז בלויז אַן אָנשטעל, אַ פאָזע, און אין דער אמתן גייט אים גאָרניט אָן דאָס, וואָס ער שרייבט? אָדער איז ער אפשר אַזאַ טיף־פילנדיקע פערזענלעכקייט, וועמען עס שטייט ניט אָן אַרויסצוּוויזן פאַר אַלעמען זיינע אמתע אינעווייניקסטע איבערלעבונגען, און ער ווערט באַראַי אָפלאַכן און חוזק מאַכן פון זיך אַליין, אַבי אַנידער־צושטעלן אַ פלויט צווישן זיך און דעם עולם?

עס פאַרשטייט זיך: אים, דעם האַזיקן יונגמאַן, וועלכער האָט זיך געהאַלטן פאַר אַ יידישן שרייבער, האָט זיך בעסער געהאָלט, אַז דער עולם זאָל טראַכטן פון אים דאָס לעצטע, און דעריבער האָט ער עס זיך אַזוי שטאַרק, צו־שטאַרק, פונאַנדערגעלאַכט.

— אַך, קוקט נאָר אָן, ווי טראַגיש איך בין...

און דער ייד, וואָס איז געקומען צו פאָרן מיטן וואָגן, איז אַלץ געשטאַנען צווישן זיי אַ פאַרשעמטער און אַ נכנעדיקער און האָט זיך געבעטן:

— רבותי... עס איז דאָך מער ניט ווי אַ האַלבער מייל ווייט פֿון דאַנען... אויפֿן וועג, וואָס פֿירט קיין וואודרידזש, וועלכעס דאָרף ווערט איך אָנגערופֿן סענטערוויל. אונזער שולכל געפֿינט זיך דאָ גלייך, פּאַזע טייך... אין אַ צוואַנציק=דרייסיק מינוט וועט איר קאָנען צושפּאַצירן צוריק. — אַהין וועל איך אײַך צופֿירן מיט מיין וועגעלע... און אויב איר וועט וועלן, וועט איר קאָנען פֿאַרבלייבן ביי איינעם פֿון אונז נעכטיקן און עסן נאָך אַ יום=טובדיקע וועטשערע פֿונם שענסטן און בעסטן... איר'ט זיין ביי אינז זייער אָנגעלייגטע געסט.

האָט זיך דער עולם נאָך מער פֿונאַנדערגעלאַכט, ווייל די גאַנצע געשיכטע האָט זיי שוין אויסגעקוקט זייער מאָדנע=נאַריש. און אַז דער ייד האָט סוף=כל=סוף דערזען, מיט וועמען ער האָט דאָ צו טאָן, האָט ער שוין מער קיין וואָרט ניט גערעדט. ער האָט פֿאַרקערעוועט זיין וועגעלע.

עס איז געוואָרן פּראָסטיקער. דער דרויסן איז געוואָרן אײַנגעהאַלטן און שווייגנדיק. די ביימער זיינען אַוש געווען טויט=שטיל. עס האָט זיך בלויז געהערט, ווי עס פֿאַלן אַרונטער פֿון צייט צו צייט עטלעכע עפּל מיט אַ הוילן, טויבן קלאַפּ אָן דער ערד.

מילא, דער יד, ווי דער ייד — זיין פּנים האָט מען שוין איצט ניט געזען, ווייל ער האָט זיך אומגעדרייט און זיך דאָרט עפּעס געפּאָרעט ביי די פּאַסטראָמקעס. נאָר דאָס פֿערדל האָט אויפֿגעהויבן אַ פּאָר פֿייכט=אומעטיקע אויגן און אָנגעקוקט דעם עולם מיט אַ טונקעלן גלאַנץ.

— אומזיסט, הייסט עס, געשלעפּט דיך... געשלעפּט זיך אַזוי פֿיל אין דער קיל באַרג=אַרויף?

און דער ייד האָט זיך אַריינגעזעצט אין וואָגן. ער האָט אָנגעהויבן האַסטיק אָנטרייבן דאָס פֿערד, כאָטש מען האָט עס ניט באַדאַרפֿט: עס איז דאָך געווען איצט אַ באַרג=אַרונטער.

— וויאָ! — האָט ער אים, דעם פֿערדל, אונטערגעאַיילט מיט אַ האַרציקן קול — אײַל זיך אונטער, פֿערדל מיינס.. עס איז שוין באַלד צייט צו דאַווענען מעריב.

---

און שפּעט אין יענעם אָזונט האָט פון די באַלויכטענע פענסטער פון אַן איינזאַמען הויז אין פעלד זיך געלאָזט הערן אַ האַרצרייסנדיקער געשריי און געוויין.

אַליין איז געשטאַנען איצט האָס הויז צווישן בערג און טאָלן און האָט מיט זיינע צוויי רייען באַלויכטענע פענסטער געפּיערט אין דער נאַכט אַריין. אין אַלע חדרים זיינען געווען אָנגעצונדן ליכט און לאָמפּן צוליבן יום=טוב. אָבער די מתפּללים האָבן זיך פאַרזאַמלט בלויז אין איין צימער, ווייל עס איז דאָ מער ניט געווען, ווי פּונקט אַ מנין. מען האָט נאָך צום דאָזיקן מנין געדאַרפט אַפילו מצרף זיין איינעם אַן עלטערן גוי=בערדיקן פראַנצויזישן יידן, וועלכער האָט געדאַוונט אויף אַן אומפאַרשטענדלעכן אופן פון אַ פראַנצויזישן רעפאָרמערישן סידור (דער דאָזיקער ייד האָט דאָ געוואוינט נישט וויט, אין זיין אייגענעם קאָטעדזש צווישן בערג), און אַ פּויי, אַן אַלטע קעכין, וועלכע האָט זיך אין הויז געפונען — די איינציקע פרוי אין הויז, וועלכע האָט געקענט עברי, — און אַ יונגן נעגערישן בחורל, אַ געפּעס=וואַשער, פון איינעם אַ נאָענטן רייכן האָטעל, וועלכער האָט דערקלערט, אַז ער איז אויך פונם יידישן גלויבן, נאָר קיין עברי האָט ער אָבער ניט געקענט און האָט געהאַט זיין אייגענעם ענגלישן געבעט=ביכל.

אָבער דערפאַר, אַז מען איז געקומען צו יענעם קאַפּיטל תהילים, וועלכן מען זאָגט ראש השנה צו מעריב, האָט אויסגעבראָכן ביי די מתפּללים אַ קוואַל פון געוויין, ווי ווען אַ גרויסע עדה וואָלט געווען פאַרזאַמלט דאָרט, ניט בלויז אַן איין=און=איינציקער מנין, וואָס איז, זיי ברוך השם, געגאַנגען הזקא אַלעמען גאַנץ גוט, הן אין פרנסה און הן אין רויקייט. נאָר אַלע האָבן זיך מיטאַמאָל דערמאָנט, אַז זיי קומען אַהער יעדער פון אַן אַ נ ד ע ר ל אַ נ ד, און זיינען דאָ פאַרוואָגלטע און אַליין צווישן בערג. יעדער איינער פון זיי האָט דעריבער געטראַכט פון אַ סך אַנדערע ראש=השנהס, וועלכע ער האָט פאַרבראַכט אויף אַ גאָר אַנדערן אופן, מיט יאָרן און יאָרן צוריק—און עס האָט זיך שוין איצט יעדן פון זיי איכ=געדוכט, אַז דאָס זיינען גאָר געווען אַנדערע מענטשן, ניט זיי—אין פאַרשיידענע שטעט און שטעטלעך פון גאָר דער וועלט. און עס האָט

זיי דעריבער איצט שטאַרק פאַרקלעמט פאַרן האַרצן און זיי האָבן פאַרגאָסן פלגי מים.

און דער נעגעל האָט איך, געריוועט הויך אויף אַ קול. זיינע ווייסלעך האָבן זיך געקאַטשעט הין און צוריק אין די גרויסע אויס־געפּטשעטע אויגן און וואַסערלעך זיינען אים גערונען איבערן פּנים. ער, דער האָזיקער נעגעל האָט זיך איצט גאָר געפילט דערשראָקן. געשראָקן האָט ער זיך דאָך פאַר מענטשן פון תמיד אָן — געשראָקן האָט ער זיך אויך אַפילו פאַר אָט די מענטשן אַרום, וועלכע האָבן אַליין געוויינט... האָט ער געיאָמערט און געריוועט נאָך שטאַרקער פון אַלעמען.

און דער ייד, דער באַלעבאָס פונם הויז, ווי ער האָט זיך אַזוי דערמאָנט איצט אָן דעם, וואָס איז פאָרגעקומען פאַרנאַכט, האָט אים נאָך שטאַרקער באַרשטשעמעט פאַרן האַרצן: ער האָט דעפילט איצט, אפשר מער פון אַלעמען, זייער אַלעמענס איינזאַמקייט הא. האָט ער העכער און האַרציקער געזונגען דעם מזמור פון תהילים.

אַז מען האָט געענדיקט דעם מעריב, איז זיך יעדער איינער פון די מתפללים אַוועקגעגאַנגען איבער פאַרשיידענע וועגן צו זייערע פערמע־הייזלעך, וועלכע זיינען געווען צעוואָרפן אין פאַרשיידענע ווינקעלעך אין די אַרומיקע בערג און טאָלן פון די קעטסקילס.

נאָר דאָס הויז איז נאָך אַלץ געבליבן ברענען אַזוי אַ גאַנצע נאַכט מיט אַלע זיינע יום־טובדיקע, באַלויכטענע פענסטער, ווייל די באַוואוינער זיינע האָבן זיך אין דער דאָזיקער נאַכט געפילט מאָדנע אומרויִק און איינזאַם אַליין צווישן די טונקעלע בערג. און די ליכטיקע פענסטער האָבן אין אָט יענער נאַכט אָנגעזאָגט דער אַרומי־קער פרעמדער חשכניש, אַז עס איז היינט די נאַכט פון ראש־השנה אויף דער וועלט.

און מאָדנע:

פונקט אַזוי האָט זיך עס טאַקע מנחמען געחלומט:

אַ הויז אַליין צווישן בערג — אַ הויז מיט הויכע, שטאַרק באַלויכטענע פענסטער.

אויף דער פּערמע, האָט מען זיך נאָך סאַמע תּחילת-אָוונט געלייגט שלאָפן, ווייל מען איז דאָך געקומען אַהער אויסרוען זיך, ניט ווייס-איך וואָס. אויסער דעם איז געווען איצט גאַנץ פּראָסטיק. אַ ווײַלע איז מען נאָך געזעסן אין זיך געוואַרעמט אין קיך, אַרום דעם גרויסן אײַזערנעם אויוון, וועלכער איז געווען היים-אָנגעגליט. מען האָט געבאַקט און געפּרעגלט עפּל. דער פּראָסט האָט זיך אָבער מיט יעדער מינוט געשטאַרקט. מען האָט געהערט, ווי דער אַלטער באַרן-בוים אין דרויסן, מיט זיינע קרום-צעדרייטע צווייגן, רייבט זיך אָן דער וואַנט, און קרעכצט פון קעלט. איז מען זיך באַלד צעגאַנגען שלאָפן. מען האָט זיך צעלייגט צו צוויי אין אַ בעט, ווי עס האָט זיך געמאַכט.

און דאָ, שוין אפשר אין מיטן דער נאַכט, האָט עס מנחמען מיט אַמאָל אַ ברי געטאָן אין סאַמע בעסטן שלאָף, און ער האָט זיך אויפגעכאַפּט. ער האָט דערפילט, ווי דער קאָפּ האָט אים געברענט. האָט ער זיך אויפגעהויבן פון זיין געלעגער.

ער האָט אָנגעשטרענגט זיין געהער.

אין דער שטילער, פּראָסטיקער נאַכט האָט זיך געלאָזט הערן אַ רודערן, וואָס האָט זיך וואָס אַ מינוט אַלץ געשטאַרקט און גענענטערט. מנחם האָט אַרויסגעקוקט דורכן פענסטער. מיט שטורעם און רעש איז אויף דער נאָענטער אייזנבאַן-ליניע איצט פאַרביי-געפלויגן אַ ביינאַכטיקער צוג. אַלע זיינע וואַגאָנעס זיינען געווען שטאַרק באַלויכטן, און מנחמען, וועלכער פלעגט פאַר אַלץ געפינען אַזעלכע פייערדיק-יומטובדיקע ווערטער, איז אויך איצט אין קאָפּ אַריין אַזאַ מין פייערלעכער זאַץ:

— אַ יום-טוב איז אַרומגעפלויגן איבער דער וועלט..

פאַראוים איז געפלויגן דער נידעריקער, שוואַרץ-קוילנדיקער לאָקאָמאָטיוו, — אַ פייערדיקער פערד, וועלכער האָט נאָכגעשלעפּט נאָך זיך אַ לאַנגע ריי פון וואַגאָנעס, וואָס האָבן געשלאָפן מיט אָפענע אויגן. אַז ער, דער לאָקאָמאָטיוו, האָט אויף אים אַ קוק געגעבן מיט זיינע צוויי קרעפטיקע ליכטער, האָט מנחם מיט אַמאָל דערזען פאַר זיך דאָס פערדל מיטן אומעטיקן אויגן-גלאַנץ פון פאַר-נאַכט... נאָר דער דאָזיקער מעטאַלענער נאַכט-פערד האָט אויף אים

ניט געקוקט מיט הכנעה און דערשלאָגנקייט, ווי דעם יידנס פאַרנאַכטיק פערדל, — געקוקט האָט ער אויף מנחמען מיט אַזוי פיל כעס און פייערדיקייט, ווי אַ נידעריקע ביז־סאַפנדיקע, פלוצלונג־אָנפלייגענע חיה — די אַפאָקאַליפטישע חיה פון שטראָף און אָפּרעכענונג, — וואָלט אים איצט מיט צאָרן איינגעוואָרפן:

— זעסט, אַ יום־טוב איז איצט אויף דער וועלט, אַ יום־טוב... און דורך, דער נאַכט פייערט ער דורך... און די — די שלאָפסט גאָר...

אַ סקרוך איז מנחמען פון דעם דורך איבערן לייב.

און באַלד האָט עס אין אים אויך אַ פייער זיך אַ צינד אָן געגעבן.

גיך־גיך האָט ער זיך אָנגעטאָן, שטיל זיך פון זיין חדר אַרויסגעגנבעט, כדי נישט אויפצוּוועקן די יונגע פרוי, מיט וועלכער ער איז געשלאָפן. אין דרויסן האָט אים דער פראָסט אַ סמאַליע געטאָן אין פנים אַריין און אים גלייך אָפגעפרישט.

ער האָט ניט געוואוסט, ווי לאַנג ער איז געשלאָפן. אים האָט זיך אויסגעוויזן, אַז דאָס האָט ער בלויז געכאַפּט אַ קורצן דרעמל.

אַ ביינאַכטיק שאַרף ווינטל האָט אים נאָך מער אויפגעמונטערט, נאָך מער פונאַנדערגעטשוכעט. ער האָט זיך דערמאָנט, ווי דער ייד האָט פאַרנאַכט געזאָגט, אַז דאָס הויז געפינט זיך בלויז אַ האַלבן מייל פון דאַנען, אויפן וועג קיין וואודרידזש.

— אַ פערמערס מייל, — האָט ער זיך אַ זאָג געטאָן מיט אַן אויסגערוטן שמייכל — קאָן אַפילו מיינען גאַנצע צוויי מייל...

נאָר דאָך האָט עס אים ניט געאַרט. די נאַכט איז געווען קלאָר און פראָסטיק. ער האָט זיך געפילט דורכגעשלאָפן און אומרויִק. און ער האָט זיך מיט אַ לעבעדיקן טראָט געלאָזט גיין אין וועג אַריין.

ער איז אַריבערגעגאַנגען דעם אייזנבאַן־בריק איבערן טייך, און האָט גלייך דערזען, ווי דער וועג בלייכט זיך פאַר אים אין דער בלייער נאַכט־ליכט איין, פאַזע טייך. דאָ און דאָרט שימערט אייז אויפן

ברעג ווייסע שטיינדלעך, ווי שטיקלעך פערלמוטער. גוט, האָט ער זיך געטראַכט.

ער איז געגאַנגען מיט אַ לעבעדיקן לייכטן טראָט, געגאַנגען אונטערשפּרינגענדיק, ווי אַ הירש, וואָס גייט אין דער נאַכט נאָך וואַסער. דער וועג איז אים ממש געלאָפן אַקעגן. אין די בערג איז געווען שטיל. פון אַ ווייטן שפּיץ־באַרג האָט זיך אַ פייער געלויכטן, — אַ לאַמטערנע אויף אַ וואַלדישן וואַכטורעם, וואָס האָט דאָרט געברענט אַ גאַנצע נאַכט. אַ הונט האָט פון ערגעץ אַ פאַרהוילענעם טאָל אָנגעהייבן בילן און איז באַלד אַנטשוויגן געוואָרן. דער גראָוועל האָט געגרישטשעט אונטער די פיס.

און אַז מנחם איז אַזוי אָפּגעגאַנגען אַן ערך פון אַ מייל אָנדערהאַלבן, האָט ער זיך אָנגעהויבן פילן נאָך אומרויִקער.

— וואָס איז דאָס... וואו־זשע איז דאָס הויז?

ער זעט אַפילו אין דער טונקל עטלעכע הייזער אויף די בערגלעך ביים וועג, אָבער אַלע פענסטער זיינען דאָרט אויסגעלאָשן, און לייכטן, ווי סאַזשלקעלעך פעך. זאָל זיין, אַז עס איז שוין שפּעט? אַז מע האָט שוין לאַנג אָפּגעדאַוונט און אַפילו אָפּגעגעסן די יום־טובדיקע וועטשערע! זאָל זיין, אַז עס איז שוין שפּעט אין דער נאַכט אַריין?

דאָס האַרץ האָט אים זייער ווי געטאָן ביי די דאָזיקע געדאַנקען.

נאָר ווי ער גייט אַזוי ווייטער, דערהערט ער מיט אַמאָל געשרייען אין דער פינסטערניש. דער יאָמער איז אים אַ באַקאַנטער, אַ שוין לאַנג, לאַנג צוריק געהערטער. ער וואָלט געמאָגט שווערן, אַז די קולות ציען זיך פון אַ הויז דאָ ערגעץ דערנעבן, — פון אַ הויז, וואו אַן עדה יידן דאַוונען אין דער חשכניש צווישן די בערג. און ער ווענדט זיינע אויגן רעכטס, און ער ווענדט זיינע אויגן לינקס. נאָר קיין הויז מיט ברענענדיקע פענסטער זעט ער אַלץ ניט.

און אַז ער איז אָפּגעגאַנגען נאָך אַ היפּש שטיקל וועג און האָט דערזען, אַז אין קיין שום הויז ביים וועג לויכטן זיך ניט קיין פענסטער, האָט ער זיך מיט אַ צעבראָכן האַרץ געלאָזט גיין צוריק. און אַזוי ווי דער וועג איבער די אייזנבאַן־שפּאַלן איז זייער אַ באַ-

קוועמער און מען קומט אָן מיט אים גיכער, אידער מיטן האָרפּס-וועג, וואָס ציט זיך פּאַזע טייך, איז ער אַריבּגעקראָכן אויף דעם ערד-אָנשיט פון דעם אייזנבאַן-וועג, וועלכער האָט זיך געהויבּט פּאַזע דעם האָרפּס-וועג, און זיך געלאָזט גיין צוריק אַהיים.

און מיטן נאַכט האָט זיך די יונגע פּרוי אויפגעכאַפּט, ווייל עס איז איר געווען קאַלט. האָט זי מיט פאַרשלאָפענע אויגן אַרומגענומען דעם מאַן, וועלכער איז געלעגן בּיי איר זייט. נאָר זי האָט אַרומגענומען לופט. האָט זי געעפנט די אויגן: קיינער ניטאָ לעבּן איר. האָט זי געוואַרט אַ ווײלע, און אַז דער מאַן איז אַלץ ניט געקומען, האָט זי זיך אויפגעכאַפּט אַ דערשראָקענע.

און אין אַ ווײלע אַרום האָט זי געמאַכט אַ גוואַלט. און אין נאָך אַ ווײלע אַרום האָבּן זיך אַלע אין הויז אויפגעכאַפּט. אַ דערשראָקענע לאָמפּן-ליכטיקייט האָט פּליצלונג אָנגעפילט אַלע חדרים. איצט האָט שוין יעדער איינער פון די שטוביקע געזאָגט, אַז ער וואָלט זיך געמעגט שווערן, אַז ער האָט הורכן שלאָף געהערט טריט איבּערן קאָרידאָר. און אַנדערע האָבּן שוין געהאַט געהערט, ווי די דרויסנדיקע הויז-טיר האָט זיך אַ קלאַפּ געטאָן, — מען האָט אָבּער געמיינט, אַז דאָס איז גאָר פונם ווינט. אַצינדערט ערשט האָבּן זיי איינגעזען, אַז עס איז ניט פונם ווינט.

און אין נאָך אַ ווײלע אַרום האָט זיך אַ קופּע דערשראָקענע, פון קעלט ציטערנדיקע מענטשן, געלאָזט גיין אין דער נאַכט אַריין מיט לאַמטערנעס אין די הענט. די לאַמטערנעס האָבּן געשטאָכן די חשכניש פונם וועג מיט ליכט-הערנער.

און אַזוי ווי זיי האָבּן ניט געוואוסט אויף וועלכן וועג צו נעמען זיך, האָבּן זיי זיך פונאַנדערגעטיילט אויף עטלעכע קלענערע קופּקעס, און זיך גענומען אויף עטלעכע וועגן. האָבּן זיי געבלאָנדזשעט אַזוי אַ שטיק נאַכט. און עס איז שוין געווען העט ווייט אין דער נאַכט אַריין, ווען זיי האָבּן זיך ענדלעך פאַרנומען אויפן וועג, וואָס האָט געפירט קיין ראַודרידזש, וועלכע שטעטל איז אייך באַקאַנט מיטן נאָמען סענטערוויל.

און אַז זיי זיינען אַזוי געגאַנגען ביי אַ צוואַנציק מינוט, האָבן זיי פון וויטנס דערזען אַ גרויס הויז, וועלכעס האָט געלויכטן אין דער חשכניש אַריין מיט צוויי רייען ברענענדיקע פענסטער. ס'איז געווען חידושלעך צו זען אַ הויז, וואָס איז געווען באַלויכטן מיט אַלע פענסטער אַזוי שפּעט אין דער נאַכט. זיינען זיי צוגעקומען נעענטער.

דאָס יום-טובדיקע פענסטער-ליכט האָט באַלויכטן אַ היפּשן שטיק וועג אין דער ברייט. און אין דעם קעגנאיבערדיקן שפּרע פונם אייזנבאַן-אָנשיט האָבן זיי דערזען אינם ליכט אַ מענטשלעכן גוף, וועלכער איז געלעגן אויסגעשפּרייט איבערן וועג, מיטן קאָפּ אַראָפּ. און אַז זיי האָבן זיך אײַנגעבויגן נעענטער, האָבן זיי דערקענט דעם מענטשלעכן גוף.

האָט אויסגעבראָכן דעמאָלט אַ גרויס יללה און אַ גרויס געוויין. ער איז נאָך געווען זייער אַ יונגער מענטש, אָט דער דערהרגעטער.

פון דער יללה און דעם געוויין האָבן זיך די מענטשן אין דעם ליכטיק-פענסטערדיקן הויז אַנטקעגן אויך אויפגעכאַפּט פון זייער שלאָף און זיינען אַרויסגעלאָפן אין דרויסן. מען האָט דעם יונגנמאַן אַריינגעטראָגן צו זיי אין הויז אַריין.

דאָ ערשט האָט מען דערזען, ווי ער איז אינגאַנצן פאַרבלוטיקט. דער שאַרבן איז געווען זייער ברייט צעשפּאָלטן, אַזוי אַז דער גרילעך-פאַרבלוטיקטער מאַרך מיט די בליע אָדערלעך האָט זיך אַרויסגעזען. ער האָט שוין קוים געזשיפּעט.

מען האָט פאַרשטאַנען: גייענדיק איבער די שפּאַלן פונם אייזנבאַן-אָנשיט, האָט ער געמוזט מאַכן אַ צו-ברייטן אָדער אַ צו-קורצן שפּאַן, זיך אויסגעגליטשט און הינטערווייליקעכטס אַרונטערגעפאַלן פון דעם הויכן ערד-אָנשיט. עס איז אָבער אַלעמען געווען אַ חידוש, אַז דאָס זאָל גראָד פּאַסירן לעבן דעם הויז, וואָס איז געווען אַ גאַנצע נאַכט ליכטיק.

און די מענטשן האָבן זיך אַלע אַרומגעקליבן אַרום אים און האָבן געוויינט אַ גרויס געוויין.

מער ניט:

עס האָבן ניט געוויינט דער ייד, דער באַלעבאָס פונם הויז; די אַלטע יידענע, די קעכין, — די איינציקע אין הויז, וועלכע האָט געקענט עברי, — און דער נעגערשער בחורל, דער געפעס־וואַשער פונסנ אָענטן רייכן האָטעל, וועלכער איז דאָ אַפּנים איך געבליבן נעכטיקן. נאָר זיי זיינען דאָך געווען פרעמדע.

אין פאַרטאָג, ווען אַ קילע דעמערונג האָט דורכן פענסטער אָנגעהייבן אַריינבלייכן, און דאָס געוויין אין פרעמדן שטוב האָט עטוואָס איינגעהערט, האָט מען באַמערקט, ווי ביים גוסס שאָקלען זיך די ליפּן. דער, וועלכער איז געווען אַמנאָענטסטן צום גוסס און האָט זיך אָיינגעבויגן צו אים, האָט קוים געקענט הערן זיינע לעצטע שוואַכע ווערטער:

— וואו־ושע איז עס דאָס ליכטיקע הויז ביים וועג? גיכער, גיכער... ס'ווערט שוין אָוונט. ס'איז שוין צייט צו דאַווענען מעריב.

.1919

---

ער האלט די דרעש־לאָפּעטע אין זיין האנט, און ער וועט זיין שייער גוט אויסרייניקן, און וועט זיין ווייץ צונויפנעמען אין שפּייכלער אריין: דאָס שטרוי אָבער וועט ער פארברענען אין איין אומפאַרלאָשענעם פייער.

מתיתיה ג, 12.

# כרת

## א.

ער איז געווען אַ העברעישער לערער. נאָר עס איז ניט געווען זיין פּראָפעסיע, וועלכע האָט אים אין איינעם אַ מרה־שחורהדיקן אָוונט געבראַכט אָט צו יענעם באַשלוס, צו וועלכן ער איז געקומען.

ער האָט פאַרדינט אַרום פינף־און־דרייסיק דאָלאַר אַ וואָך פון זיין שטעלע אין דער תלמוד־תורה, אויף וועלכער ער וועט שוין כל־ימיו, פון אינערציע וועגן, זיך האַלטן, הגם ער האָט געוואוסט, אַז די אַרבעט, וואָס ער טוט, איז אַן אַרויסגעוואָרפענע, און דעריבער אַן אומווירדיקע. ער פלעגט נאָך, איסער דעם, ווען עס איז אים צו־שווער געווען איבן געמיט, אָנשרייבן אַ שיר פאַר עפּעס אַ העברעישן וואָכנבלאַט, און קריגן זיבן דאָלאַר שכר פאַר זיין דאָזיקער געהויבענער טירחה.

ניין. עס איז אים אין פּרנסה ניט געגאַנגען אַזוי שלעכט.

נאָר דאָך האָט ער אָנגענומען דעם באַשלוס, אין וועלכן ער האָט זיך זיין גאַנץ לעבן צוגעזאָגט צו האַלטן. זיין לעבן איז דערפאַר געווען אַן אומעטיקער, און אַן אָנאַזייטיקער.

איבערגעשפּראָצט האָט ביי אים דער דאָזיקער געדאַנק אין מרה זייט אַ לענגערע צייט. ווי אַ זאָמען אין שוואַרצע ערד־שיכטן, וועלכן אייבנגייענדיקע מענטשן פילן ניט, האָט דער דאָזיקער געדאַנק אין דער מרה־טונקלקייט אַ שטיק צייט געגעבערט. פון צייט צו צייט פלעגט ער זיך אַפילו באַווייזן אויף דער איבערפלאַך פון זיין באַוואוסטזיין, — אַ גלי־ווערימל אין דער בלויער האַלב־ליכטיקייט פון אַ זומער־אָוונט. פלעגט אים העמאָלט דער יונגערמאַן, וועלכער איז על־פּי־צופאַל געווען אַ מדריך פון יידישע עלטערנס קינדער אין דעם

געהעריקן וועג, מיטן האַנט אַוועקטרייבן, — ער פֿלעגט עס אַליין אָפּליינען אויף שפּעטער.

ווייל עס איז שווער געווען זיך אַליין איינמאָל פֿאַר אַלעמאָל דעם וועג אין מיטן איבערצושניידן — אויף אייביק.

נאָר איינמאָל איז געווען אַן אָוונט. אין שטוב איז גראָד דעמאָלט קיינער ניט געווען, אַ פּוסטקייט האָט אין די חדרים געזונגען, און אַן איינזאַם־ליכטיקער האָט איבן טיש דער לאָמפּ געברענט מיט אַ שווייגנדיקן גלאַנץ, און אַן אָוונט־בלויקייט האָט מיט דער פֿרעמדקייט פֿון אַ גרויסער שטאָט דורך די פֿענסטער אַריינגעשמעקט. האָט ער זיך דאַמאָלס, אין אָט יענעם אָוונט גלייך אין פּנים אַריינגעקוקט, און קאַלט צווישן די ליפּן אַרויסגעזייט:

— דו ביסט אַ פּחדן. דו דאַרפֿסט זיך אָננעמען מיט מוט און עס סוף־כּל־סוף באַשליסן.

ב.

און ער האָט נאָך טאַקע דעם זעלבן אָוונט זיך אין די הענט אַריינגענומען, און ניט געלאָזט זיך מער פֿון „דעם" אַרויסדרייען. אין שטוב איז געווען זייער שטיל. די לאָמפּן האָבן שווייגנדיק געלויכטן.

ער האָט זיך געזאָגט:

— מען דאַרף קיין קינדער ניט האָבן. קיינער ניט. דו — אַוודאי ניט.

עס איז געווען זייער שטיל אין שטוב, און גאָרניט האָט אים דעריבער געשטערט ווייטער צו שפּינען דעם געדאַנק:

— אַז אַ מענטש ווערט דאָך געבוירן צו ווייטאָג, און צו אומזיסטיקע האָרעוואַניע... צוליב וואָס־זשע דעמאָלט נאָך אַ מענטשן צום ליידן ברענגען, און די סומע פֿון דעם פּיין, דעם וועלטלעכן, נאָך מער פֿאַרגרעסערן?

און אַוועקשטופּנדיק פֿון זיך גלייכגילטיק אַ גרוי־באַטאָזלטן גראָב־בלעטערנדיקן בוך, — אַ בוך מכּל־מקום אַ מאָדערנעם, אַ פּרעטענציעז־געדרוקט בוך מיט ברייט־ליידיקע קאַנטן, — האָט ער זיך

איצט דערמאָנט אָן דעם, וואָס ער האָט שוין אייגנטלאַך פֿון לאַנג־אָן געוואוסט, אַז

— די וועלט איז פֿון אייביק־אָן שלעכט געווען... די דערציילונגען וועגן גוטס און מענטשלעכקייט, וועלכע זיינען אין די אַלטע היסטאָרישע ספֿרים אַרונטערגעצייכנט געוואָרן, זיינען בלויז אויסטראַכטונגען פֿון פּחדנותדיקע נשמות און שוואַכע הערצער, וועלכע האָבן דעם אמת אין די אויגן ניט געקענט קוקן, און אָן אָנהאַלט פֿאַר זיך, און אַ באַרעכטיקונג פֿאַר זייער לעבן, געוואָלט, געמוזט געפֿינען... אָבער ניט קוקנדיק אויף די אַלע האָפֿענונגען, וואָס באַברילנט־גלייביקע לייט האָבן אויף דער וועלטס צוקונפֿט געלייגט, גייט זי זיך, די וועלט, אַליין מיט איר אייגענעם וועג — מיט איר אייגענעם אָן־וועג, — און נעמט זיך קנאַפּ צום האַרצן די אַלע חשבונות און אויסרעכענונגען, וואָס די גוטע און גרויסע לייט האָבן געמאַכט וועגן דער וועלטס ענדלעכער דערלייזונג... יאָ, זי ווערט, ווי אויף צו־להכעיס, וואָס אַמאָל ערגער, די וועלט.

ווי אַלע איינזאַמע און שווייגנדיקע מענטשן, פֿלעגט דער דאָזיקער יונגערמאַן שוין ריידן דווקא גאָר אַ סך, ווען ער פֿלעגט זיך שוין יאָ אַמאָל פֿונאַנדערבינדן די צונג. דער עיקר נאָך — ווען ער פֿלעגט ריידן מיט זיך אַליין. הערייבער האָט ער איצט אַליין אין איין אָטעם און נאָכאַנאַנד אַיינגעטענהט מיט זיך:

— חי, זרחי, — זרחי איז געווען דער נאָמען פֿון דעם דאָזיקן העברעישן לערער, — ווייסט עס דאָך, אַז ס'איז אַזוי... היינט — צוליב וואָס? עס איז לכתחילה געווען אַן אומפֿאַרגעבלעכער טעות, וואָס די וועלט איז גאָר אינגאַנצן באַשאַפֿן געוואָרן. היינט דער מענטש... ניט אַנדערש, ווי דער יצר האָט דעם מענטשן אין אַ רגע פֿון שעפֿערישער מידקייט און פֿאַרשלאָפֿנקייט באַשאַפֿן, האָט ער העמאָלט די אורשטאָפֿן פֿאַרביטן, און קעגנגעזעצטע און קריגערישע חומרים צונויפֿגעשטעלט צוזאַמען. רייסן זיך פֿון דעמאָלט אָן די מענטשן — רייסן זיך ניט נאָר איינער מיטן אַנדערן, נאָר ווערן אַליין אויך, פֿון דעם אייביקן אינערלעכן קריג, צעריסן...

און נאָך האָט דער דאָזיקער איינזאַמער העברעישער לערער, זרחי, זיך פֿאַרזיכערט:

— דער באַשאַפער האָט שוין לאַנג אויף זיין מלאכה חרטה געהאַט, און פון צייט צו צייט פאַרזוכן געמאַכט אָפּצווישן דאָס לעבן פון דער ערד... נאָר די שרעקעדיקע און גאָרנישטדיקע מענטשן פּלעגן, אין דער אומוויסנדקייט זייערער, אַלעמאָל אָפּשרייען די „גזרה", — וואָס דאָס וואָלט אין דער עמתן געווען די איינציקע רפואה און דערלייזונג פאַר דער וועלט... אָבער דו, זרחי, ווי אַלע מענטשן, וואָס האָבן פונקען יצירה אין זייער מוח — ער איז געווען איצט איינער אַליין אין זיין חדר, דער האָזיקער העברעישער משורר, און האָט זיך דעריבער ניט געשעמט אַזאַ מין העזהדיקן געדאַנק אויף יע־נער זייט ליפּן אַרויסצוברענגען — דו, זרחי, דאַרפסט דיין העכערן חבר, גאָט, צו הילף קומען, און די וועלט צוריק צו איר פאַר־ששת־ימי־בראשיתדיקן תהו־ובהו ברענגען!

און דאָ האָט זיך זרחי פאַרטראַכט, און אַ פינגער־קנעכל זיך געגומען שטאַרק בייסן:

— תוהו־ובוהו? דאַרף מען דען אַ גרעסערן תוהו־ובוהו, ווי דעם תוהו־ובוהו פון לעבן?

און דעריבער האָט דער העברעישער לערער, וועמעס נאָמען עס איז געווען זרחי, געמוזט איצטער, ווען אַרום אים איז געווען שטיל און לאָמפּן־ליכטיק, אַן איבעריקס און אַ לעצט מאָל איינזען, אַז דער איינציקער אויסוועג פאַר אַ קלוגן מענטשן איז: העלפן דאָס מענטשלעכע לעבן צו פאַרקלענערן, ביז עס וועט גאָר פאַרשווינדן.

די האָזיקע מחשבות האָבן זרחין אין אָט יענעם אָוונט מיט זייער אמתדיקייט, ווי מיט אַ קעלט־שוידער דורכגענומען. און די אויגן זיינע זיינען גרעסערע געוואָרן, און די בליקן — זעעוודיקער און ווייטער. ער האָט זיך כמעט־כל־כך דערפילט זייער אויסגעמאַטערט און זיך געמוזט לייגן שלאָפן.

ג.

אויף מאָרגן אָוונט — דער טאָג, וואָס איז אינצווישן פאַרלאָפן, איז בלויז אַן אויסגעטראַכטער געווען און אַ חלום עמעצנס, — האָט ער זיינע רעיונות ווייטער פאָרגעזעצט. געדוכט האָט זיך אים, אַז ער האָט זיי אפילו גאָרניט אָפּגעהאַקט.

הפּנים, אַז עס איז אים, זרחין, גאַנץ שווער געווען צו פֿילן פֿון היינט אָן און ווייטער, יעדן טאָג פֿון זיין לעבן, ווי ער גייט אויס, ווי ער ווערט אַלץ וויניקער און פֿאַרקלענערט, ווי אַ ליכט, וואָס ווערט מיט יעדער רגע אַלץ מער אָפּגעברענט, און גאָרניט בלייבט הינטער אים, קיין צייכן, וואָס זאָל מיט אַ שטומקייט פֿון אַ בלויזן זיין־דאָ אָן אים שפּעטער אַמאָל דערמאָנען...

— אין אַ קרייז פֿון היימישע וועט שוין קיינמאָל קיינער ניט, ביזן ענד פֿון די דורות, וואָס וועט זיך נאָך אַזוי לאַנג פֿאַרשפּעטיקן, דערציילן די שטילע, וואַרעמע מעשה, אַז אַמאָל האָט געלעבט אויף דער וועלט איינער אַ מענטש, וואָס איז געווען אַ העברעישער לערער, און זיין נאָמען איז געווען זרחי...

האָט ער דעריבער עגזוכט היינטיקן אָוונט אַ נייעם אָנשפּאַר פֿאַר אָט יענעם געדאַנק, וואָס האָט אין אים איצט זיין צייטיקייט דערגרייכט. ער האָט זיך אָן נאָך סיבות, וואָס זיינען אויסער אים געלעגן, דערמאָנט.

— אָט, — האָט ער קיל, שוין אַפֿילו צו־קיל, מיט דער שטיל־ברענענדיקער לאָמפּ אויפֿן וויס־באַשפּרייטן טיש אַיינגעטענהט, — צי זעט ער ניט, ווי דאָס יידישע פֿאָלק גייט דאָ אונטער... און וואָס איז דען דער וואונדער? עס האָט שוין אַזוי לאַנג געלעבט דור־דור אַ נס, אויף אַ דינער האָר... אמת, דאָס איז קיין לעבן ניט געווען, נאָר אַ גסיסה, — אַ לאַנגע, כאָרכלענדיקע גסיסה, — אַ גסיסה, וואָס האָט לענגער געדויערט, ווי זיין אייגנטלעכער, קורצגעוונטער לעבן: אַ קורצער לעבן, און אַ לאַנגע טויט־מאַטערניש... און אָט דאָס דאָזיקע גסיסה־כאָרכלען גופֿא איז פֿון פֿאַלשע אויערן אויפֿגענומען געוואָרן, ווי אַ צייכן פֿון לעבן, אַפֿילו ווי אַ סימן פֿון אויפֿלעבונג — כאַ־כאַ! אויפֿלעבונג! — הייסט עס דאָך, אַגב, אַז דאָס פֿאָלק איז פֿריער יאָ טויט געווען?

זרחי האָט דאָ די גאַנצע צייט, פֿאַרשטייט זיך, גערעדט מיט זיך אַליין. נאָר אויף זיין פּנים איז געווען אויסגעגאָסן אַזאַ מין ביטערקייט, אין די אויגן האָט געגליט אַזאַ מין עקשנות, אַז ס'וואָלט זיך אַ זייטיקן אויג געדוכט — ווען עס וואָלט נאָר אַריינגעקוקט אין אָט יענעם אָוונט אין דער ליכטיקער ליידיקייט פֿון אָט די פֿיר

ווענט — אַז דער דאָזיקער יונגערמאַן פירט דאָ אַ פּאַרביסענעם דיספּוט מיט עמעצן — מיט אַ שונא אין זיך גופא... דאָס אַליין וואָלט איך אַ זייטיקן אַוודאי געמאַכט אַ שרעקעדיקן, קילן אײַנדרוק.

— אָבער איצטער, שטילער לאָמפּ מיין אײַנזאַמער, קומט עס ענדלעך צו אַ סוף... אַלע סימנים באַווייזן: עס לעבט איצט הערך די יסורים, וואָס פאַרן טויט. עס האַלט שוין ענדלעך ביים באַפרייט ווערן פון זיין לאַנגן, פאַרשאָלטענעם לעבן: אייביק לעבן איז דאָך אַ קללה פאַר אַ פאָלק אויך, ניט נאָר פאַר אַן אײנציקן מענטשן, וועלכער האָט שוין זיך אַליין איבערגעלעבט, און קאָן זיך שוין מער אויפן אייגענעם טויט ניט דערוואַרטן...

שווער, זייער שווער איז זרחין געוואָרן ווייטער אין דעם זעלבן אויפן צו טראַכטן, און ער האָט אַ היפּשע גלאָז קאַלט-וואַסער געמישט אויסטרינקען. אַז דאָס וואַסער האָט אים אַ ביסל פרישע לעבעדיקייט אַרײַנגעגעבן, האָט ער ערשט דעמאָלט ווייטער כּח געהאַט פאָרצוזעצן זיינע קאַלטע טויט-געדאַנקען:

— יאָ... — האָט ער נאָכאַמאָל זיך געזאָגט —

— דאָס ייִדישע פאָלק לעבט איצט הערך אַ שקיעה-צייט, — אַן אָוונט, אײדער עס קומט אָן די נאַכט... די אויפלעבונגס-פינקען, וואָס באַווייזן זיך פון צייט צו צייט אין זיינע אויגן, זיינען דאָך גיכער בלויז קאָנוואולסיעס פון אַ שטאַרבנדיקן, — די לעצטע אויפפלאַמינגען פון אַ דערברענענדיק ליכט.

— אַזוי, אַזוי.

אַ ווײַלע האָט ד״ר זרחי געשוויגן. נצחונדיק, מיט אַ שטילן אָבער כּמעט דינערישן שמייכל, האָט ער באַלד זיין אָוונטיקן מחשבות-גאַנג פאַרענדיקט:

— אַ קינד ביי אונז פאַרשטייט ניט זיין פאָטער, ווייל פרעמד איז שוין אים זיין שפּראַך. אַ ייִדיש קינד פון היינטיקע צייטן, דערהויפּט ביי די יונגע ייִדן, וואָס פילן אַזוי זיס-פײַניקנדיק זייער ייִדישקייט, איז נאָך טאָפּלט-פרעמד זיין פאָטער: זיין שפּראַך רעדט ער ניט און ווייס ניט, זיינע געדאַנקען פאַרשטייט ער ניט, און זיינע חלומות בלייבן אים אייביק פרעמד... קורץ: אַ קינד פון ייִדישע עלטערן איז גאָר ניט קיין ייִד.

— נו, מיר פֿילן זיך דאָך שוין אַזוי אויך גענוג פֿרעמד אין דער וועלט, צווישן אונזערע מכּלומרשט־נאָענטע און מזל־מרשט־שמייכלענדיקע שכנים... היינט צוליב וואָס נאָך אין אונזער אייגן היים, דעם איינציקן מקלט־פּלאַץ פֿון אַ מענטשן דורך אַלע דורות, אַ־ייִנגבּרענגען נאָך פֿרעמדע, דעם ערגסטן מין פֿרעמדע, — פֿרעמדע פּנים אייגענעם בלוט?

און אָט דאָ, אין אָט יענעם שטילן אָוונט, האָט זיך דוחי אָפּגעשטעלט. און איידער נאָך דער אָוונט איז אין נאַכט איבערגעגאַנגען, און איידער נאָך ער האָט דעם לאָמפּ אויסגעדרייט, האָט ער שוין אָנגענומען דעם באַשלוס:

— ער וועט זיין דער לעצטער.

און מער האָט ער וועגן דעם שוין ניט גערעדט, — ניט מיט זיך און ניט מיט קיין פֿרעמדן.

און דעם כּית־גזר אויף זיך האָט ער פֿון אָט יענעם אָוונט אָן און ווייטער טיף אין האַרצן געטראָגן.

ד.

דאָס מיידל, מיט וועלכער ער האָט מיט אַ שטיקל צייט שפּעטער חתונה געהאַט, איז געווען פֿון אַן אַלטער אַריסטאָקראַטישער פֿאַמיליע.

די מיטגלידער פֿון דער דאָזיקער פֿאַמיליע האָבן אין משך פֿון לאַנגע יאָרן בלויז זיך אַליין מיט אַנאַנדער מתחתן געווען. די דאָזיקע משפּחה האָט דעריבער, פֿון גרויסער און שטאַרק־אָפּגעהיטער בלוט־ריינקייט, געהאַלטן אין פֿאַמעלעכן דעגענערירן און אונטערגיין. זעלבסטמאָרדן און אָנפֿאַלן פֿון משוגעת האָבן זיך אין די גאָר לעצטע צייטן אָפֿט אין דער דאָזיקער משפּחה געטראָפֿן. און אַלע — אָן שום אויסערלעכע, פֿאַר אַ זייטיקן מענטשן פֿאַרשטענדלעכע, מאָטיוון. עס איז, אַפּנים, געווען גאַנץ פּשוט — עס איז זיי, די מיטגלידער פֿון אָט דער אַלטער משפּחה, די וויטאַליטעט, דער חשק צו לעבן, פֿאַמעלעך אויסגעגאַנגען, — פֿון צופֿיל אָפּגעאיידלטקייט זיינען זיי אָפּגעשוואַכט געוואָרן.

און האָט מיידל, מיט וועלכן זרחי האָט חתונה געהאַט, — אַ בלייך־באַקיק מיידל מיט אַ פּאַרטונקלטן און נעפּל־פאַרצויגענעם איידל־גלאַנץ אין די שמאָל־לענגלעכע אויגן, — איז געווען דין לייביק און זייער פאַרפּיינערט, און אַ ריח פון ניט־הי האָט פון איר זיך געטראָגן. און זי איז, חוץ דעם, געווען אַזוי שטיל־קלוג, אַזוי אָפּגעטאָקט־פאַרשפּיצט, אַז עס איז פּשוט געווען וואונדערלעך — ס'איז געווען ניט צו פאַרשטיין, ווי אַזוי אַזאַ דורכזיכטיק־פאָרצעלייענע וואַזע וועט ניט צעבראָכן ווערן אונטער מאַנסבילשע הענט.

די דאָקטוירים האָבן איר טאַקע פאַרבאָטן צו האָבן קינדער, ווייל זי איז געווען שטאַרק אַנעמיש, און אין דעם ביסל בלוט אירן האָט זי זיך אַליין געניטיקט, כדי אויפצוהאַלטן דאָס חיות אין איר ווייסלייזיקן גוף, וואָס איז געווען ווי אַ חלום פון אַ בלייכלעכן פאַרטאָג.

עס איז פאַר זרחין געווען ווי אָנגעמאָסטן. אמת: צו־איידל און צו פאַרפיינערט איז זי געווען פאַר אַזאַ גראָבער און פּרימיטיווידיער, פאַר אַזאַ חיהדיק־מענטשלעכער פונקציע, ווי קינדער־האָבן. נו, האָט זרחי געטראַכט, איידל איז דאָך אויך דאָס פאָלק זיינס, צו אַריסטאָקראַטיש־רוחניותדיק, מיט צו הויכע ווערט־מאָסן פאַר לעבנס־אויפפירונג, אַז עס זאָל קענען ווייטער עקסיסטירן צווישן די אַרומיגלענדיקע יינגערע און געזונט־ווילדערע שכנים.

האָבן זיי ביידע חתונה געהאַט.

און זרחי מיט זיין פרוי האָבן געלעבט צוזאַמען, און אַזוי זיינען פאַרלאָפן יאָרן.

און דעם חלל פון זייערע טעג האָבן זיי זיך שוין געקליגט אויסצופילן מיט פאַרשיידענע מענטשלעכע באַשעפטיקונגען און שכלדיקע פאַרגעניגנס.

זיי האָבן פון דרויסן געלעבט, ווי אַ סך פון זייערס גלייכן.

ה.

און איינמאָל האָט עס גערעגנט, ווען זרחי איז געגאַנגען פון ערגעץ אַהיים. ער איז געווען איינגאַנצן דורכגענעצט און נאַס. איז עס דאָך גאָרניט: ער וועט קומען אַהיים, און זיך אויסטריקענען.

אַז ער איז אָבער געקומען אַהיים, האָט ער קיינעם ניט געטראָפֿן דאָרטן. דאָס ווייב איז אין ערגעץ אַוועקגעגאַנגען. איז ער אַרומגעגאַנגען אַזוי אַ שטיק צייט איבער די פּוסטע טונקעלע חדרים. אַפֿילו קיין ליכט האָט ער ניט געוואָלט אָנצינדן, כּדי ער זאָל ניט דערזען די פּוסטקייט אַרום.

נאָר ביים פֿענצטער האָט ער זיך אַוועקגעשטעלט, און דאָס פּנים צוגעקלעפּט צו דער פֿענצטער-שויב.

אין דרויסן האָט געפֿליוכעט, ווי פֿון עמערס. גאַנצע פֿלאַכטעם וואַסער האָבן זיך געשאָקלט אין דער לופֿטן, געטריבן פֿונם ווינט. אַ ריזיקע וואַסערדיקע בייטש האָט אונטערגעאײַלט מחנות איינגעבויגן-נאַסע מענטשן אַהיים.

געגאָסן האָט עס אַזוי אין משך פֿון גאַנצע שעהן. ביז היפּשע טייכלעך האָבן זיך אָנגעהויבן אָנצוקלייבן איבן ברוק.

און ווי ער שטייט אַזוי, זרחי, און עס פֿליוכעט אַ גוס-רעגן אין דרויסן, פֿאַלט אים מיט אַמאָל איין, אַז ווען ער וואָלט דאָ איצט אין טונקעלן חדר אויסגעגאַנגען, וואָלט קיינער וועגן דעם אַפֿילו ניט געוואוסט און די וועלט וואָלט זיך ווייטער אַזוי אָנגעגאַנגען. זיין זכר וואָלט דאָ איבן אָרט גלייך אָפּגעמעקט און אָפּגעוואַשן געוואָרן פֿונם אייביקן רעגן, וואָס גיסט איצט אויף דער וועלט. פּשוט: אַ פּוסטקייט וועט פֿאַרנעמען דעם פּלאַץ, וואָס ער האָט אויסגעפֿילט אין דער וועלט ביז איצט. און ביי לאָמפּבאַלויכטענע טישן אין אָוונט-ליכטיקע חדרים וועט ער שוין קיינמאָל ניט זיצן, — ער אין אַ יינגערער געשטאַלט, — און אָן זיך, דעם ואַמאָליקן, דערמאָנען.

— קיינמאָל ניט.

און יענע, אויף יענער זייט וואַנט פֿון זיין וואוינונג, זיינע פֿרעמדע שכנים, וועלן דען אַלעמאָל, ביזן ענד פֿון אַלע דורות, ביי זייערע טישן זיצן?

— יאָ — האָט ער זיך אַליין געענטפֿערט. — אַלעמאָל. אין אַלץ נייערע געשטאַלטן.

מער נישט זיין נאָמען וועט שוין קיינמאָל ניט דערמאָנט ווערן, — קיינמאָל, קיינמאָל דערמאָנט ווערן. פֿון קיינעם ניט.

ו.

און אַ גרויס שרעק, אַ שרעק אין מיטן דער נאַכט, איז אים פּלוצלינג באַפאַלן. און די טונקלקייט אַרום אים און אין אים האָט זיך געשטאַרקט.

די ווענט פון הויז זיינען מיט אַמאָל איינגעזונקען געוואָרן, און ער האָט זיך דערפילט אין דרויסן. ער לאָזט זיך ערגעץ לויפן. נאָר ער פאַלט גלייך אַנידער צום נאַסן ברוק, אַ מיד־אָפּגעשוואַכטער. דאָס אייביקע וואַסער דעקט אים באַלד צו. — — —

און זרחי האָט דאָ דערפילט, ווי ער הויבט שוין אָן — שוין טאַקע איצט — אָפּצושטאַרבן, און זיך פונאַנדערלייזן אין דער פינסטער. אין קאָפּ האָט זיך אים גלייך איפּגעצינדן, און ער האָט אָנגעהויבן שרייען ממש ניט מיט זיין קול:

— איך וויל ניט! איך וויל ניט! איך וויל נאָך ניט שטאַרבן!

און אָנגעהויבן אַרומלויפן אַ צעדולטער און אַ דערשראָקענער, ווי אַנטלויפנדיק פון אַ שווייגנדיקן נאָכיאָגער.

ער האָט גענומען באַלד און מיט ציטערנדיק־נערוועזע הענט אַלע לאָמפּן אין אַלע חדרים אָנגעהויבן אָנצינדן. ס'איז באמת געווען זייער מאָדנע: ווייל עס פלעגט זעלטן פּאַסירן, אַז מען זאָל איינצייטיק אָנצינדן אַלע לאָמפּן, אין אַלע חדרים.

אָבער מיט ווילד־צעטומלטע אויגן האָט ער דאָ דערזען אַ מאָדנע זאַך: זיי לייכטן, די לאָמפּן, מיט אַזעלכע טונקל־קאָליע פלעכלעך, ווי צו אַ יאָר־צייט מעריב; זיי פינקלען אין די קרישטאָלענע גלעזלעך פון די שענדעליערס מיט אַ אומעטיקן גלאַנץ, — דער שיין פון אַ וואַקסענער ליכט אין אַ גלעזל בלוט.

און דעמאָלט האָט אים נאָך אַ גרעסערע שרעק אָנגעכאַפּט: זייער אַ שאַרפע און אַ פלאַמענדיקע איינזאַמקייט האָט ער דערפילט אין די פילע ברענענדיקע לאָמפּן; עס איז געווען אַזוי בלייך־שטיל און אַזאַ טויטנשטימונג אין די בלוי־ווענטיקע חדרים, אַז ער האָט זיך שוין באַלד אַליין אויסגעדוכט, ווי אַ מת, — אַ מת, וועלכער איז פון דער אייגענער מיטה אַרונטערגעקראָכן, ווען דער טויטנשומר איז אויף אַ מינוט, צוליב אַ מענטשלעכער באַדערפעניש, אין

אַ צווייטן חדר אַרײַן. און די פֿילע ליכטער מיטן אומעטיקן גלאַנץ — דאָס זײַנען אַלץ טויטנליכט אַרום זײַן מיטה.

ער האָט מיט אַמאָל אַ הייזעריק־פֿאַרשטיקטן געשריי געטאָן, און איז צוגעפֿאַלן צו דער וואַנט. סאַמע אין אָט דער מינוט האָט ער טאַקע דערזען אַ ווײַס־באַצויגענע טויטנבעט — אַ מיטה איבערגעצויגן מיט אַ ווײַסן לײַלעך — הענגענדיק אומבאַוועגלעך אין דער לופֿט.

ז.

עס האָט אים קוים געשטאַיעט כּוחות אַרויסצוכאַפּן זיך פֿון אָט דעם שטיל־צוואַנגענדיקן נעץ, וואָס האָט זיך געשפּרייט פֿון די ברענענדיקע לאָמפּן אַרום דער ווײַס־באַצויגענער מיטה.

ער איז געלאָפֿן אָן אָטעם, מיט ציטערנדיקע איבֿרים און פֿאַרגליווערטן מוח.

אין דעם זעלבן קאָרידאָר האָט געוואוינט זײַנע אַ שוועסטער, שוין אַ פֿאַרהײראַטע. איז ער צו איר אַרײַנגעלאָפֿן: אַרויסראַטעווען זיך פֿון די נעגל פֿון דער גרויסער איינזאַמקייט, וועלכע האָט אים איצט דאָס האַרץ געריסן.

ער האָט געמוזט האָבן אין אָט יענער מינוט זייער אַ שרעקלעכן פּנים, ווײַל זײַן שוועסטער האָט בײַ זײַן אַרײַנקומען גלײַך אויסגעשריען:

— ברודער מײַנער, וואָס טוט זיך עס מיט דיר! דײַן פּנים קוקט דאָך אויס, ווי בײַ אַ טויטן!

ער איז געבליבן שטיין אין מיטן צימער, מיט פֿאַרמאַכטע אויגן און אַ פֿאַרחלשטער. מײַן פּנים איז ווי בײַ אַ טויטן, האָט ער צו זיך אַליין געזאָגט אין דער שטיל. — און מײַנע מחשבֿות זײַנען פֿון אַ באַלד־שטאַרבנדיקן.

די שוועסטער האָט אים אַנידערגעזעצט בײַם קיך־טיש. דאָ איז געווען היימיש. דער אויוון איז נאָך געווען הייסלעך: אַן אומגעוויינטע וואַרעמקייט האָט פֿון אים אַרויסגעשטראַלט. — „ברודער מײַנער!" די צוויי ווערטער האָבן שטיל אין דער לופֿט געציטערט און אים געגלאַשטשעט מיט אַזוי פֿיל אייגנקייט.

עפּעס האָט זיין שוועסטער צו אים גערעדט, זיך נאָכגעפרעגט. ער האָט געענטפערט. נאָר ניט געהערט האָט ער ניט אירע פראַגעס, ניט זיינע ענטפערס. געהערט האָט ער בלויז מיטן גאַנצן גוף: ער פילט אַזוי גוט; אַ חיותדיקייט האָט זיך אים אין די איברים צעשפּרייט. ער איז געווען איצט אונטער אַ דאַך, איבער וועלכן עס האָט געקלאַפּט אַ היימיש־וואַרעמער רעגן.

אַך, עס איז אים אַזוי גוט... זיין שוועסטערס ייִנגל איז צו אים צוגעגאַנגען... ניין; דער שוועסטערס ייִנגל איז צו אים ניט צוגעגאַנגען. דאָס האָט זרחי בלויז געוואָלט, אַז ער זאָל צו אים צוגיין, און זיך צווישן זיינע קני שטעלן, ווי תּמיד, ווען ער, זרחי פלעגט אַריינקומען. ער איז אָבער דאָ איצט ניט געווען, דער שוועסטערס ייִנגל. ער איז איצט געשלאָפן.

זרחי איז אַריין אין קינדער־חדר. איפן ווייסן בעטל איז דאָס קינד געלעגן און פאַמעלעך־גרינג געאָטעמט. די ווענט און די האָלצ־אַרבעט אינעם צימער זיינען געווען געפאַרבט ווייס. ליאַלקעלעך און שפּילצייג זיינען אומעטום געווען אָנגעוואָרפן. זרחי האָט דעם קאָפּ אַרונטערגעלאָזן, און מיט אַ שטיל־טרויעריקן שמייכל געטראַכט, אַז צו דעם, אַפּנים, האָט ער שוין ניט זוכה געווען... ער האָט שטיל און איידל באַרירט דאָס קליידעלע פון אַ גרויסער ליאַלקע, וואָס איז געזעסן אַליין אויף אַ שטול — אַ ליאַלקע די גרייס פון אַ לעבעדיק קינד.

פון דער קיך אַרויס האָט זיין שוועסטער געהערט, ווי דער ברודער איר'ער האָט זיך אין קינדער־צימער עפּעס געפּאָרעט, און אומגעוואָרפן איניקע זאַכן. נאָר זי האָט אויף דעם ניט געלייגט קיין אַכט. זי איז געווען איצט זייער באַזאָרגט. זי האָט געטראַכט וועגן דעם, וואָס איר ברודער איז לעצטנס עפּעס אַזוי מאָדנע, גייט אַרום די גאַנצע צייט מיט אַ פאַרטראָגן געזיכט און צעטרודערטע געדאַנקען, און איז פעיִק צו טאָן אומדערקלערבאַרע זאַכן.

אָט איצטער, למשל, אַפילו איצט, אין אָט דער מינוט, האָט זי געהערט, ווי ער איז מיט אַ ראַשיקן קלאַפּ פון דער קאָרידאָר־טיר צוריק אַרויסגעלאָפן.

— קיין גוט־נאַכט אַפילו האָט ער ניט געזאָגט!

ח.

זײַן האַרץ האָט אין אים זיך געצאַפּלט, ווי אַ ניט־דערקײַלעט עוף.

וואונדן בלוטנדיקע אין שוין אַ שטיק צײַט מיט אַ פֿאַרגעסעניש־הײַטל פֿאַרצײַגנגענע, האָבן זיך אין דער נאַכט איצט ווידער פֿונאַנדערגעבליט. רויטיקע פֿלאַמען, ווי רויטער מאָך, זײַנען אין האַרצן אים אויפֿגעגאַנגען. אײַנזאַמקייט־פֿײַערן האָבן אין מוח זיך גענומען גאָלדן. דאָס גאַנצע בלוט זײַנס האָט אין אים איצט מיט פֿײַן געברענט.

— יאָ... איצטער איז די צײַט.

ער איז אַרײַן אין קאַבינעט און זיך געזעצט בײַם שרײַבטיש. אַ שטיק צײַט איז ער אַזוי געזעסן אין פֿיבעריש, מיט גרויס חשק, געשריבן. אין דער שטילקייט פֿון די חדרים האָט זיך געהערט, ווי ער רײַסט, מיט גאָר קורצע פֿײַזן, אײן בײַגעלע נאָך דעם אַנדערן פֿונם שרײַב־העפֿטל אַראָפּ.

נאָר מיט אַמאָל האָט ער זיך אָפּגעשטעלט, און די אויגן מיט ווילדער משוגעת אויף דעם קופּקעלע אָנגעשריבנס אויסגעשטאַרטשעט.

— גאָט, דו אויסגעטראַכטער, אײנציקער און אײביקער! צי דען איז ער בלינד געוואָרן? אָדער האָט ער אפֿשר פֿאַרגעסן אײַנצוטונקען די פּען אינם טינט?

די אָנגעשריבענע בײַגעלעך זײַנען געלעגן פֿאַר אים ווײַסלידיק, אומבאַשריבן, ווי די אותיות וואָלטן פֿון דעם פּאַפּיר אַרונטערגעפֿלויגן און ניט־געוואָרן.

מיט אַ קילנדיקן שרעק אין האַרץ האָט ער ווידער די פּען אין טינטער אײַנגעטונקט, די אויגן מיט כּוונה פֿאַרמאַכט, און מיט פֿאַרדריקטע אויגן אָנגעהויבן שרײַבן: ער האָט מורא געהאַט אויפֿעפֿענען די אויגן, און איבערצײַגן זיך אין עפּעס. נאָר ער האָט זיך געפֿילט אַזוי שוואַך, אַז די פּען איז אים באַלד פֿון האַנט אַרויסגעפֿאַלן.

האָט ער צוריק אויפֿגעעפֿנט די אויגן. אויפֿן פּאַפּיר פֿאַר אים האָט זיך געשוואַרצט אַ קופּקעלע פֿון בלויז עטלעכע אותיות.

ער האָט איבערגעלייענט דאָס אײנציקע וואָרט:

— „ערירי“.

ט.

אַ שטיק צייט האָט ער אויף דעם וואָרט געקוקט מיט לײדיקע, ברייט־פונאַנדערגעעפנטע אויגן. ער האָט זיך געוואונדערט פון וואַנען דאָס וואָרט האָט זיך דאָרט גענומען. בשום אופן האָט ער ניט געקענט גלייבן, אַז דאָס האָט ער עס, מיט זיינע אייגענע וואַרעמע הענט, אָנגעשריבן, דאָס דאָזיקע טויטן־וואָרט.

—אַך, יאָ... הייסט עס...אַז יאָ, דאָס איינציקע וואָרט, וואָס ווערט שוין יאָ געבוירן ביי אים, איז אַ מפּיל־קינד, — אַן אָפּגעריסענער, פאַרדאַרטער קלאַנג...

מיט פאַרטרייבטע, ניט־בילנדיקע חושים איז ער דערנאָך אַ שטיק צייט אין דער נאַכט אַריין אַרומגעגאַנגען אין זיין אָפּגעאיינזאַמטן קאַבינעט. עס איז שוין געווען אַ היפּשע צייט שפּעטער, ווען ער האָט זיך אַ כאַפּ געטאָן, אַז ער האַלט אַלץ די גאַנצע צייט אין איין אומבאַוואוסטזיניקן איבערחזרן דאָס זעלביקע וואָרט,— אַ וואָרט, וואָס האָט אַ טרוקענעם, ברעקלדיקן קלאַנג, ווי פאַרטרינקטע יעסיען־בלעטער, וועלכע ווערן געטראָטן אונטער די פיס:

— עריר—ר—ר—רי—רי—רי—ררי...

י.

שפּעט ביינאַכט איז זיין ווייב אַהיים געקומען, און אַן איידל־פאַרפיינערטער ריח פון פאַרפיום און ציכטיקן פרויען־לייב האָט אין שטוב פאַרשמעקט.

זי האָט געפונען אַלע לאָמפּן אין די חדרים אָנגעצונדן, ווי צו עפּעס אַ גרויסן יום־טוב. עס איז געווען שטיל און ליכטיק. די גרויסע שטילע ליכטיקייט האָט אין דער דאָזיקער שפּעט־נאַכטיקער שעה אויסגעזען פרעמד און טראַכטעריש.

אַז זי האָט אירע אייבערשטע קליידער אויסגעטאָן און איז אין שלאָפצימער אַריינגעקומען, האָט זי דערזען דאָרטן, אין שלאָפצימער, איז אויך שטאַרק ליכטיק. עס ברענען אַלע לאָמפּן.

אויפן ווייסן פאַרבעטן געלעגער, אַ ניט־אויסגעטאָנענער, ליגט אויסגעצויגן די שוואַרצע פיגור פון איר מאַן, — אַ שטילע פיגור אויפן ווייסן בעט. און שטאַרק צום האַרצן צוגעקוועטשט, מיט פאַרשטשעמעטע פינגער, האַלט ער צו אַ היפשע ליאַלקע, — אַ ליאַלקע די גרייס פון אַ לעבעדיק קינד.

.1919

---

# לבנה־ליכט

(פראגמענט)

אין שפּעט־נאַכט — די ערשטע נאַכט פֿון זײַן אָנקומען אַהער אין דער התמדיקער שטאָט — האָט זיך אָרע אײַנגעכאַפּט. עפּעס האָט אים אַ צונד געטאָן. ברייט און זיך־וואונדערנדיק האָט ער פֿונאַנדערגעעפֿנט די אויגן, דערזעענדיק אַ זעונג.

זײַן בעט איז געשטאַנען לעבן פֿענסטער. אַ גרויסע ליכטיקייט האָט דורכן פֿענסטער אַרײַנגעשטראָמט. אַזאַ ליכטיקייט, וועלכע ער האָט נאָך קיינמאָל ניט געזען בײַנאַכט, — אַ ווײַסע און אַ שטילע ליכטיקייט, וואָס האָט אָנגעפֿילט די לופֿט מיט שטילן שטראַלן.

מיט אַ הילכיקן פֿאַל האָט אָרע דערמאָלט די פֿענצטער פֿונאַנדערגעעפֿנט. קאַלטע, פֿרישע לופֿט האָט אַרײַנגעשטראָמט. אַ פֿייגל האָט וואו אַ פֿאַרשלאָפֿענעם פּישטש געטאָן.

ער איז געבליבן זיצן בײַם פֿענצטער און האָט באַטראַכט די פֿרעמדע נאַכט. פֿון דער גאַנצער לופֿט, און אַרום זײַן קאָפּ, האָט זיך אָנגעהויבן גיסן איצט אַן אײַנזאַמע פֿרייד.

ער האָט זיך אויפֿגעהויבן אויף זײַן ריין־ווײַסן געלעגער, אַליין אַ ריינער, ווי אַ געטובלטער, אַ ווײַס־אָנגעטאָנענער אין ווײַס־ליכטיקע פּאַדזשאַמעס. ער האָט זיך מיטן עלנבויגן אָנגעשפּאַרט אויפֿן פֿענסטער־שוועל. זײַן פּנים איז אַזש ברייט געוואָרן מיט וואונדער קעגן דעם גרויסן ליכט, וואָס האָט אים איצט אויפֿגעשײַנט בײַנאַכט.

אין דער זעלבער צײַט דערפֿילט ער אין אַ מדיקייט, און וויל זיך שוין צוריק אויפֿן בעט אַנידערוואַרפֿן. ער דערהערט אָבער דאָ

אַ קריי: ערגעץ האָט זיך איבגעכאַפּט אַ האָן, װעמען עס האָט אָנגעדריבן צו ברענען אונטער די פֿליגלען פֿון דעם פֿייער פֿון דער שפּאַצירנדיקער פמליא דאָרט הויך, אין דער שטיל־פֿינקלדיקער שטילקייט, װאָס איבער דער שטערן־װעלט. דער האָן הייבט דעמאָלט אָן צו פּאַטשן מיט די פֿליגלען געצװאונגענערהייט, און גיט אַרויס אַן אויסגעצויגענעם פּאַטאָגיקן קריי.

עס גיט דעמאָלט אַ ציטער די טונקל־בלויע לופֿט, און רעדעלעך און קרייזעלעך הייבן זיך אָן דרייען איינס אין דעם אַנדערן.

האָט עס אָרען אויך אַ ברי געגעבן אין דער נאַכט און ער איז אַראָנטערגעשפּרונגען פֿון בעט אַראונטער.

און אָט איז ער שוין אין דרויסן, אַ לייכט־אָנגעטאָנענער.

אין דרויסן איז שטאַרק בלוי.

פֿון װאַנען קומט זי, די דאָזיקע גרויסע ליכטיקייט? עס איז דאָך ניט קיין אוראָרא באָרעאַליס, װייל װייט איז די געגנט, װאו ער געפֿינט זיך איצט, פֿון יענע צפֿונדיקע קאַנטן, װאו האָס ליכט פֿון װאונדער װייזט זיך פֿאַר מענטשן... און קיין דין־אַרויסשפּאַצירנדיקע זיילן ליכט, װי בלייך־װייסלעכע פֿינגער פֿון אַ גרויסער אויסגעשפּרייטער האַנט, זיינען אויך ניט צו זען איצט אויפֿן הימל: דער הימל איז ליכטיק־בלוי, כמעט בלייך. אַ גרויסע פֿולע לבנה העננט דאָרטן אין סאַמע מיטן, און גיט אַרויס פֿון זיך אַזאַ שטאַרק־שימערירנדיקי ליכט. אַ ליכט, װאָס אָרע האָט נאָך קיינמאָל ניט, אין קיין נאַכט, און אין קיין געגנט פֿון זיינע װאַנדערונגס־אָפּשטעלן, ניט געזען. עס זיינען אויפֿן הימל איצט אַפֿילו גאָר ניטאָ קיין שטערן, נאָר אַ װייסלעך־בלויע פֿערלמוטערנע ליכטיקייט פֿילט אָן די גאַנצע לופֿט.

און אָרע האָט זיך דערפֿילט מיט אַמאָל װאונדערבאַר, װי ער װאָלט פֿלוצלונג פֿאַרװאָרפֿן געװאָרן אין אַ חלום־לאַנד, — אינם לאַנד פֿונם בלייך־װייסן ליכט, װאו מענטשן ברענען אויס זייערע לעבנס מיט אַ שטילן פֿלאַם. זיין גאַנצער גוף איז געװען איצט אָנגעצויגן און שטייף, װי אַ סטרונע. און זיין בלוט האָט זיך אין אים

פֿונאַנדערגעשפּילט, ווי אַן אײדעלע האַרפֿע, וועלכע הייבט אָן שפּילן פֿון אַ קלײנעם ווינטל אין דער נאַכט.

ער גייט אום אײנער אַליין איבער די לבנה-ליכט באַגאָסענע גאַסן, דורך דער ווייסער נאַכט. די הייזער אויף בײדע זייטן גאַס זײנען שטיל-פֿאַרשלאָפֿענע און טונקעלע. פֿון די ווײטלעכע קוואַל-וואַסערן, בײ די באַרג-זאַוואָדן דערטראָגט זיך אַ זשורטשען. אַזוי דײטלעך און קלאָר טראָגט זיך עס דורך דער ווייסער שטילקייט, ווי אַ שטיל-געזאַנג. אָ'ע פֿילט זיך, ווי ער וואָלט אַדורכגעגאַנגען אין אַן אײַנגעחלומטער שטאָט.

— וואָס איז דאָס ליכט, וואָס איז אים דורך דער נאַכט אײַבעגאַנגען?

ער פֿילט זיך פֿול מיט וואונדער: און אַ טרייסט, אַ ליכטיקע, פֿלייצט אין אים אַריין. און ווייל עס איז שטיל אַזוי אַרום, און קײנער הערט אים נישט, האָט ער אָנגעהויבן צו רעדן הויך אויף אַ קול אין דער ליכטיקער לופֿט פֿון דער הייטער אַשמורה אַריין.

— האַ-האַ, מײַן ליכט, — האָט אָ'ע אײַנגעשטראַלט מיט די אויגן. — דאָס ביסטו דאָס ליכט, וואָס איך האָב געזוכט מײַנע גאַנצע טעג... אָ, איך האָב דיך ענדלעך געפֿונען, מײַן ליכטיקע אײנזאַמקייט. און דו וועסט מיך איצט אויסהיילן...

— מײַנע גאַנצע יאָרן, די שטיל-פֿרעמדע נאַכט, מײַנע גאַנצע יאָרן, ייִנג-אַלט ווי איך בין, האָב איך דאָך געזוכט אַ פּלאַץ, וואו איך זאָל מיך קאָנען פֿילן אין דער היים... און איצט זע איך, אַז איך קען מיך פֿילן אין דער היים בלויז אין דער פֿרעמד.

— ווײַל עס איז דאָך בעסער זיך צו פֿילן פֿרעמד צווישן פֿרעמדע, אײדער פֿרעמד צווישן אײגענע. צו פֿילן זיך פֿרעמד צווישן פֿרעמדע איז נאַטירלעך, געזונט און האָט אין זיך אַליין שוין עטוואָס פֿון היימישקייט: מענטשן מיט אַ היים פֿילן זיך פֿאַרפֿרעמדט אין דער פֿרעמד. און חוץ דעם: אין דער פֿרעמד בײ איך מיר אַרום מײַנע אײגענע ייִדישע וועלטן, וועלכע די פֿרעמדע קענען ניט צעשטערן, ווייל עס קער זיך מיט זײ ניט אָן... אָבער צו זײַן פֿרעמד צווישן אײגענע — ווי קאַלט עס איז און ווי אויסשוידערנדיק, און ווי דאָס האָט מיך געמוטשעט מײַן גאַנץ לעבן...

און אָרע האָט איצט אַזש אונטערגעשפּרונגען איבער די גאַסן פֿון פֿרייד.

אַלעמאָל האָט אָרע זיך געפֿילט פֿרעמד צווישן ייִדן, ווייל געזען האָט ער, ווי זיי גייען ניט אין די יעניקע וועגן, אין וועלכע זיי זאָלן גיין; געזען האָט ער, ווי עס זיינען זיי פֿרעמד זיינע חלומות; געזען האָט ער, ווי אומיידיש זיי לעבן... זיי זיינען אינגאַנצן דערווייטערט פֿונעם אַלט-ייִדישן לעבן, וועלכן ער האָט אָפּגעהיט אין זיך. שווער איז אים געווען צו זען, ווי אַלץ אַרום אים גייט אונטער, און ענג איז אים געווען צווישן זיי: הערן זיין בלויזער באַרירונג מיט זייער אמתן לעבן איצט פֿלעגן אַלע זיינע חלומות צערונען ווערן.

אָבער דערפֿאַר, ווי נאָר ער, אָרע, קומט צווישן גויים, צווישן פֿרעמדע, ווערט אים ברייט אַזוי און פֿריי, כאָטש אפֿילו אינזאַם. עס איז ניטאָ אַרום אים דאָס ייִדישע לעבן, וואָס זאָל אים איבער דער נשמה מיט זיין מיאוסער ווירקלעכקייט שמייסן, און אים די אייגן אַלע מאָל מיט אונטערגאַנג שטעכן, און פֿאַראורזאַכן אַ גייסטיקע אָפּגעלאָזנקייט ביי אים, אַ פֿאַרצווייפֿלטן פֿאַרלייגן די הענט און אַ יאושדיקן גאָרנישט טאָן.

דאָ, לכל הפּחות, קאָן ער זיך זיין אייגן וועלט אין ריינער אָפּגעזונדערטקייט און אין אַלט-ייִדישער פּרישות אָפּלעבן און איבחלומען, וואָס עס איז ניטאָ...

און די ליכטיקייט אין דער הויך האָט זיך מיט יעדער מינוט אַלץ מער געשטאַרקט און שימערירט. ער איז געגאַנגען ווייטער אין דער נאַכט אַריין. קיין לעבעדיקע באַשעפֿעניש האָט זיך אים אין וועג ניט באַוויזן, קיין הונט אַפֿילו. אַלע איינוואוינער זיינען געשלאָפֿן און ניט געוואוסט האָבן זיי, אַז איינער אַ מאָדנער ייד איז אין שטאָט צו זיי געקומען, און זיינען געווען דערווייל רו׳יק.

און אָרען זיינען דורכגעגאַנגען דורכן מוח שטילע זכרונות וועגן ווייטלעך-פֿאַרגאַנגענע וואַנדער-יאָרן. אים זיינען איפֿגעשוואוימען אין דער דאָזיקער נאַכט וואַנדער-יאָרן, פֿאַרבראַכטע אין אָהייאָ, אין אינדיאַנאַ, און איליניאָי, אין שטעט אין דער וועסט און

אין שטעט אין דער איסט; אין יידישע קהלות, וועלכע האָבן אים צע־בראָכן און באַרויבט; אין מענטשן יידישע, פון וועמען ער איז אַנטלאָפן; און די רוח, וועלכע איז אים פון דאַמאָלט אָן פאַרשוואונדן... אָ, ליכטיקע איינזאַמקייט, וואָס ער האָט אויסגעוואַרט אויף זיין אויסגעבאַשטימטן וואַנדער־וועג אָנגעטראָפן! אפשר וועט ער דאָ זיין רוח געפינען.

בלייע, פרעמדע נאַכט, איך וויל פון דיר רו...

אַרום איז דאָך איצטער קיינער ניט געווען, און אָרע האָט אָנגעהויבן שפּרינגען און טאַנצן אין דער נאַכט פון גרויס פרייד. ער האָט זיך געשטרויכלט און איז אַנידערגעפאַלן איבער אַ קליינעם סלופּיק ביים וועג, וועלכן ער האָט אין דער ליכטיקער נאַכט ניט באַמערקט, און אַ הילכיקער פּאַטש האָט זיך דערהערט אין דער שטילקייט. נאָר אייגנבליקלעך האָט ער זיך אַ הייב געטאָן, און אויסגעשאָסן מיט אַ גרויס געלעכטער. די הויט איבער די קני און איבער די קנעכלעך האָט זיך אָפּגעריסן און אים געשמאַרצט, האָט ער שוין דעם ווייטערדיקן וועג אונטערגעהונקען, אונטערגעהונקען מיט אַ שטילן געזאַנג.

די ליכטיקע ווייסקייט, וואָס האָט געשטראָמט נאָכאַנאַנד פון דער הויך, האָט די בלויקייט פון דער נאַכט דינער און בלייכער געמאַכט.

עס האָט אָנגעהויבן צו ווערן טאָג. קילע ווינטלעך האָבן אָנגעהויבן צו פעכערן די פאַרשלאָפענע רויט־דעמבעס, פּאַלמעטעס און מייפּל־ביימער אויפן וועג. דאָס ביינאַכטיקע קוואַקן פון די זשאַבעס, וואָס האָט ווי אַ שטילער קלאַנג זיך געטוואַליעט הויך דער גאַנצער לענג פון דער נאַכט, איז אָוועקגעשטאָרבן אין די זומפּן אַריין. פייגלען האָבן אָנגעהויבן אויסצווזינגען. קליינע שוועלבעלעך מיט פייערדיק־רויטע בייכלעך און בלויע, שפּיציק־פאַרשנאָבלטע מיילכעלעך האָבן זיך הויך דער בלויער לופט אָנגעהויבן דורכצושניידן.

אָרע האָט דערווייל פאַרבלאָנדזשעט גאַנץ ווייט, אין אַן אומבאַקאַנטער רייכער געגנט. ער לייענט איבער דעם נאָמען פון דער גאַס: „מאַנטע סאַנאָ עוועניו“. דער דאָזיקער שפּאַנישער נאָמען ציט אים צו. ער דענקט, אַז אויף אַ גאַס מיט אַזאַ נאָמען דאַרף מען

עפּעס טרעפן. ער לאָזט זיך דעריבער גיין איבער אירע פרימאָרגנדיק-באַטויטע טראָטואַרן.

עס הייבן שוין דערווייל אָן צו לויערן אין דעם פרימאָרגן ווייסגעפאַרבטע הייזער און מאַרמאָרנע קאָלאָנאַדן פון די אין גרינס-פאַרטונקלטע וועראַנדעס.

אַז ער גייט פאַרביי אַ גאַניק פון איינעם אַ הויז מיט שמאָלע גאָטישע פענסטער, וואָס פאַרקיילעכיקן זיך אין דער הייך, און מיט טורעמלעך, וואָס באַווינקלען אים אויף אַלע פיר זייטן, ווי אַן אַלטגאָטיש הויז, זעט ער, ווי עס זיצן דאָרט אויף דער וועראַנדע צוויי פרויען, אַן עלטערע און אַן יינגערע. די עלטערע, ווי ס'האָט געשיינט, האָט פאַרבראַכט אַ שלאָפלאָזע נאַכט, און פרישט זיך איצט אין דער פרימאָרגן-לופט, איינגעוויקלט אין אַ פלעד. די יינגערע גיט עס אויף איר אַכטונג. זיי ריידן עפּעס אין דער שטיל.

אירע איז לייכט אָנגעטאָן. אָן אַ היטל און אָן אַ רעקל, מיט אַ פונאַנדערגעשפּילעטן קאָלנער. אַז ער גייט פאַרביי, הערט ער, ווי די יונגע פרוי זאָגט אַרויס מיט אַזאַ מין קול, ווי זי וואָלט געוואָלט דערמיט די עלטערע פרוי טרייסטן און באַרויקן:

„— דהיס יאָנג מען מאַסט בי איי סאָמנעמבוליסט".*

אירע האָט שטיל פאַר זיך געלאַכט.

.1918

---

*) דער דאָזיקער יונגערמאַן מוז זיין אַ סאָמנאַמבוליסט.

# פון די אָפּגרונטן

„און די וואָס האָבן געלעבט אין דער פינ־
סטערניש, האָבן דערזען א גרויס ליכט“.

עס איז אַייך אַלעמען וואויל באַקאַנט די זינדיקייט און נישט־ריינקייט פון דעם איצטיקן מאַן־און ווייב־לעבן, און עס ווייטאָגט גאָר איינעם צו ריידן וועגן דעם, ווייל עס איז אומזיסט. און אַזוי איז גאָר די מאָדע. דערהויפּט אין אונזער גרויסער יידישער שטאָט, אין דעם כרך ניו־יאָרק, וואָס איז דער סדום פון אונזערע היינטיקע צייטן, און ער וועט נאָך, אַז די מאָס פון אומרעכט וועט שוין אי־בערפולט ווערן, חרוב ווערן, פונקט ווי דער אורשפּרינגלעכער סדום אַמאָל, אין לוטס צייטן. אייך נישט איר, די קומענדיקע דורות וועלן עס זיכער זען, הלוואי זאָל איך זאָגן אמת.

ליבע נו, אַז די בחורים נאַרן אָפּ די מיידלעך, נאַרן די מיידלעך די בחורים. וואָרעם פאַרוואָס נישט? אַלע דאָס זעלבע. אַלע גלייך. מער נישט, עס איז שוין אַזוי אין דער מענטשלעכער נאַטור, אַז ס'איז נישט אַזוי פאַרדראָסלעך ווען איר נאַרט אָפּ יענעם, ווי ווען יענער נאַרט אָפּ אייך. ערשט דאַמאָלס ווערט אייך אַ ביסל טרויעריקער, און איר פאַרטראַכט זיך, ווייל עס טוט אייך ווי, עס חכמט זיך אייך דעמאָלט: — איר זייט געוואָרן קליגער.

עס איבעריק צו דערציילן, אַז איך בין אין דעם פּרט נישט אָפּגעטיילט פון אַנדערע, בין אַזוי זינדיק און אומריין, ווי די איבעריקע יונגע לייט, ווייל, ערשטנס, וואָס קאָן איך זיך העלפן? און פאַרוואָס זאָל איך טאַקע זיין בעסער פון די איבעריקע? אַז איינער וויל נישט אינטערגיין, וויל זיך נישט געפינען צווישן די

אומבאַקאַנטע ערלעכע וועמען מען טוט אומרעכט, און וועלכע שטאַרבן אַזוי אַוועק פאַרטונקלט, מ׳ז ער זיך געפינען צווישן די אַנדערע, די אומערלעכע, די אומגלייביקע און שלעכטע, וועלכע מ׳ען דעם אַנדערן אומרעכט און וועמעס נעמען עס טיילן זיך דווקא יאָ אַריס אין דער אַלגעמיינער חשבניש פונם לעבן. וואָרעם אַז איר וועט זיך ניט פאָדערן און פייניקן דעם אַנדערן, וועט דאָך דער אַנדערער, אַזוי זיכער ווי דער טאָג, זיך פאָדערן און פייניקן אײַך, ווײַל דאָס איז די נאַטור פון מענטשן. אין סכום — אַזוי אָ איז טאַקע בעסער און אָנגענעמער... דאָס איז איינס, און צווייטנס...

בקיצור, איז זייענדיק אַ יונגערמאַן, אַ היינטוועלטיקער, און טועענדיק זאַכן, וואָס זיינען אין דער מאָדע, בין איך, פאַרשטייט איר דאָך שוין אַליין, אויך אַזוי זינדיק און אויסגעלאַסן (ווי די אַנדערע. איך האָב שוין, ווי איר קוקט מיך אָן, — און אויף מיין פנים איז דאָך גאָרניט ניט קענטיק איך זאָל זיין אַזאַ אויסוואָרף, ווי איך בין עס אין דער אמתן — ניט איין מיידל האָב איך שוין אין מיינע יונגע יאָרן אָפּגענאַרט און פאַרפירט; ליב געהאַט עטלעכע מיידלעך אין דער זעלבער צייט; יעדער איינער געזאָגט, זייער הייס, אַז איך האָב זי ליב מי ידע וויפל — און האָב די טאַקע, ס׳קאָן זיין, ליב געהאַט זייער פיל בשעת מעשה — נאָר אַפּנים, אַז מער ניט טאַקע, ווי בשעת מעשה.

און וואָלט איך אײַך געזאָגט, אַז עס האָט מיר דערנאָכדעם, שפּעטער, ווי געטאָן דאָס האַרץ און פאַרדראָסן, וואָס איך בין אַזוי אומריין און זינדיק און ניט־ערלעך, וואָלט דאָך עס געווען אַ ליגן... דער אמת איז, איך האָב מיך קיינמאָל וועגן דעם ניט פאַרטראַכט, ווייל אַלע זיינען דאָך אַזוי.

נאָר אַנומלטן מאַכט זיך, אַז מיינע אַ געליבטע נאַרט מיך אָפּ. שייך אָפּגענאַרט! נאָך זייער מיאוס אויך דאַצו. נאָך איידער, ווי זאָגט מען, מיינע קושן האָבן זיך באַוויזן אָפּצוטריקענען פון אירע ליפּן, ערשט שוין!...

אפשר טאַקע האָט זי די גאַנצע צייט מיך גענאַרט; דעם אַנדערן — דעם הייכן און בלאָנדן יונגמאַן — ליב געהאַט צו־

זאַמען מיט מיר די גאַנצע צייט... נאָר אַז מען ווייסט נישט, טוט דאָך ניט וויי. נאָר דאָ, אַנומלטן, האָב איך זי געכאַפּט, אַזוי צו זאָגן, אויפן אָרט פונם פאַרברעכן! איך האָב דעמאָלט געדענקט, איך וועל עס פּשוט ניט אויסהאַלטן.

סטייטש, איך האָב דאָך זי אַזוי ליב געהאַט, און זי מיך אויך, — אַזוי האָט זי מיר אַליין כמה מאָל געזאָגט און געשוואָרן זיך, און אַזוי האָט עס טאַקע אויסגעזען אויך, — ערשט מיט אַמאָל — נאַ דיר! הפּנים, אַז ביי אונז אַלעמען וואוינט אַ שד אין האַרצן און מען קאָן ניט וויסן פאָראויס ווען ער וועט אַרויסשפּרינגען.

און אַזוי אומגעריכטערהייט! פע... פאַרדראָסיק. היינט וואו איז שוין דער יושר, וואו איז די ערלעכקייט, — טענה איך, — וואו איז די פאַמיליע־ריינקייט, וואו איז די געשלעכטלעכע ציכטיקייט... אַ, איך אַליין? נאָר גאָרנישט: אָן מיינע איצטיגע טאָגנען האָב איך שוין פאַרגעסן... עס האָט מיר אַזוי געקלעמט ביים האַרצן, כאָטש גיי, שונאי ישראל, און באַגיי זעלבסטמאָרד. אַזאַ ווייטאָג...

כ׳האָב פון יענעם טאָג אָן אַזש אָנגעהויבן איינדאַרן, איינקוואַרן. מיין פּנים איז פאַרחשכט געוואָרן, פינסטער אַזוי, אויגן שרעקלעכע, פאַרלאָפענע מיט בלוט, בליצן אַזוי און פינקלען מיט פייער, — אַלץ פון טיפן אומדערקלערלעכן ווייטאָג און פון, — ממש אַ שרעק. ביז איך האָב באַשלאָסן, 'אין איינער אַ טונקעלער, פאַרצווייפלטער מינוט, טויטן, מאָרדן, דערהרגענען... אָבער וועמען?... ווער־זשע קאָן מיר באמת אָנצייגן דעם אמתן שולדיקן?...

מיינט איר דאָך עפּעס אַוודאי, כ׳ווייס גאָר ניט וואָס? קיין געפאַר ניט. כ׳האָב ניט נאָר קיינעם ניט דערהרגעט, נאָר בין אַליין איך ניט געשטאָרבן. פאַרקערט. אַ שטיק צייט בין איך טאַקע געווען אַליין מיט זיך, קיינעם ניט געוואָלט זען, ווייל געדוכט האָט זיך מיר דעמאָלט אַלץ צו זען די פאַלשקייט ממש אויסגעקריצט אויף יעדנס שטערן!... נאָר ביסלעכווייז האָט זיך דאָס ליכט פון לעבן צוריקגעקערט אין מיינע אויגן, מיין פּנים האָט זיך ווידער געהייטערט, און אינגאַנצן האָב זיך געקרעפטיקט און געשטאַרקט, ווייל איך האָב פאַר אָט דער גאַנצער צייט אַלץ געטראַכט און

איבערגעטראַכט, ביז איך בין אַרויסגעקומען אויף געוויסע געדאַנקען.

און דער חידוש נאָך זינד איז אין מיר פֿון דעמאָלט אָן נאָך געוואָרן שטאַרקער:

אַז דאָס צווייטע מיידל האָט מיך אָפּגענאַרט, האָט זיך די וועלט שוין פֿאַר מיר ניט געעקלט... מער ניט: איך בין געוואָרן נאָך אַ ביסעלע טרויעריקער און זיך אין גופֿא טיפֿער אײַנגעוויקלט, זוכנדיק אין זיך גופֿא שוץ און אָפּהיטונג. פֿאַר פֿרעמדע אויגן האָב איך עס אָבער ניט באַוויזן, נאָר אַדרבא.

און אַז דאָס דריטע מיידל האָט מיך אָפּגענאַרט, — דעם אמת געזאָגט, האָב איך זיך שוין אויף דעם איצט געריכט, און אויף דעם כמעט ווי אַרויסגעוואַרט: ווען־זשע, הייסט עס, וועט פּאַסירן דאָס, וואָס עס דאַרף פּאַסירן? — ביים דריטן מיידל האָב איך שוין בלויז געשמייכלט.

— נו, וואָס־זשע איז? איך גוט. עס מוז שוין זיין רעכט...

מער ניט — סאַראַ נקמה!.. ווי איך האָב זיך עס אָפּגערעכנט דערנאָך סיי מיט די, וואָס האָבן מיך אָפּגענאַרט און סיי מיט די אומשולדיקע. אַ ביטערע נקמה איז עס געווען: אַזוי פֿאַרהאַרטעוועט בין איך געוואָרן, אַזאַ גראָבע שאָלעכץ אויף זיך אַרויפֿגעצויגן... און וואָס איז דאָ אָפּצולייקענען? פֿאַרוואָס עפּעס שאָלעכץ, — דאָס קערנדל אַליין טאַקע, די יאָדרע, די נשמה, הייסט עס, גופֿא, איז שוין שטאַרק פֿאַרוועדעמט, כמעט אינגאַנצן צעפֿוילט, פֿאַרדאָרבן געוואָרן. איך האָב גענאַרט איצט רעכטס און לינקס, פֿאַרפֿירט מיידלעך, אומשולדיקע און שולדיקע. געזינדיקט, ווײַל נאָר עס איז מיר צום האַנט געקומען אַ געלעגנהייט, געזינדיקט שוין נישט אַזוי פֿון הנאה וועגן — וואָס דאָס גופֿא וואָלט שוין געווען אַ שטיק רעכטפֿאַרטיקונג — נאָר פֿון בלויזער זוכעניש נאָך זינד, פֿון זוכעניש נאָך זינד צוליב זינד. געמאָן אַלע אומווערדיקייטן און שמוציקייטן, ניט נאָר ניט דורכגעלאָזן קיין געלעגנהייט, נאָר ממש געזוכט זיי, די דאָזיקע געלעגנהייטן, ווי מיט אַ ליכט, ניט וועלנדיק פֿאַרפֿעלן קיין שום סאַמט

עבֿודה, קיין איינציקן אָפּן פֿון זינד, קיין איין פֿאַרקרימטן וועג פֿון פֿאַרדאָרבנהייט, — אַלץ געדאַרפֿט אַליין אויף זיך אַליין דורכפֿילן.

און אַזוי האָב איך געלעבט אַ שטיק צייט אין דער פֿינצטערניש — און די פֿינצטערניש איז געווען אַזוי געדיכט, אַז קיין איין טראָפּן ליכט איז אין איר קיינמאָל ניט אַריינגעגאָסן געוואָרן, אַזוי אַז איך האָב שוין גאָרניט געפֿילט, אַז איך לעב אין דער פֿינצטערניש.

איז ווער וואָלט זיך עס געקאָנט ריכטן?

איך שטיי אַמאָל אויף אין דער פֿרי, שפּעט אין דער פֿרי, עס איז שוין לאַנג געווען ליכטיקער טאָג, אַזוי אַרום צען אַ זייגער, און אַ שבת־טאָג איז עס געווען, שלאָפֿן לייג איך זיך דאָך שפּעט, ווייל איך שלעפּ זיך אַרום גאַנצע נעכט, ווי עס איז דער מנהג מיט אַ געוויסן סאָרט מענטשן, וועלכע האַלטן פֿון זיך גאָר די וועלט, און קראַנק איז מען דאָך. קראַנק איז ניט אַזוי דער גוף, וועלכער איז גלאַט אומריין — נאָר די נשמה איז אַ קראַנקע, אַ צעריסענע, אַ צעפּיצלטע; ניטאָ קיין אחדות, קיין אייניקייט, קיין גאַנצקייט אין איר גופֿא, — אָן אַ גלויבן אין אָן אומזען אויף אַ ליכטיקער צוקונפֿט... אַז מענטשן זיינען אין שטענדיקן קריג מיט זיך אַליין, און וואָס מען טוט, טויג עס ניט, און וואוהין מען גייט, איז עפּעס אַלץ ניט גוט, — ס'פֿעלט אַלץ עפּעס... ס'איז שווער צו זאָגן וואָס, נאָר ביים האַרצן ציט עס, און סע קלעמט, און סע נאָגט... עפּעס ווילט זיך, — עפּעס אַזוינס, וואָס ס'איז ניטאָ... און אַז ס'איז ניטאָ, קאָן מען דאָך, עס פֿאַרשטייט זיך אַליין, דאָס ניט קריגן, בלייבט מען אומצופֿרידן. גייט מען פֿון איין אָרט צום אַנדערן, און פֿון אַנדערן צו אַ דריטן, און פֿון דאָרטן צוריק צום ערשטן, און די אויגן זיינען גלאַנציקע און אומעטיקע און בעטן זיך:

— אויב ניט דאָ, איז אפֿשר ערגעץ דאָרטן... ווי?..

אָט אַזוי אַ גאַנצע נאַכט.

איז ווי איך שטײ אַזוי בײם פֿענסטער אין אָט יענעם פֿרימאָרגן, איז אין דרױסן ליכטיק. עס זעט זיך בײ מיר פֿון פֿענסטער אַרױס אַ פּלאַץ אַ לײדיקער, און אַ פּאַרק מיט בױמער, מיט נאַקעטע נאָך, מיט גראָזן, מיט קוסטעס, װאָס הײבן ערשט אָן צו קומען צו זיך, און מיט אַלץ. און די גאַס איז אַזוי גלאַט אױסגעברוקירט, און ציכטיק, און רײן, און זון אַ סך. גאָר היפּש ליכט.

און איך זע דאָ, װי קינדער שפּילן זיך אין פּאַרק, יונגע קינדער, ײנגלעך מיט מײדלעך, און װײסינקע זאַכן אָנגעטאָן, ליבינקע אַזעלכע, אַזש אַ דערקװיקעניש. שפּילן זיך אַזוי פֿײן, שײן, מיט הױכע קולות און אַלץ איז אַזוי אין דרױסן — פֿונעם היכל אַראָפּ הױך, דער בלױער ציכטיקער לופֿט ביז אױף דער ערד, און אױף דער ערד גופֿא — אַלץ איז אַזוי שײן און ליכטיק, און רײן, און ציכטיק. עס איז ערב־פּרילינג.

און דאָ כאַפּט מיך עס אָן פּלוצלינג אַ גרױל. און אַן עקל אַ אַ באַפֿאַלט מיך, — ניט צו באַשרײבן. װײ, װײ, װי קױטיק איך לעב עס אָפּ מײנע יאָרן. אַזוי אומרײן, שמוציק, ניט־זױבער. די נשמה מיטנע. און עס כאַפּט מיך מיט אַמאָל אָן אַזאַ אָפּשטױסנדיקער עקל צו זיך אַלײן, און עס װילט זיך מיר אַזש אָפּשפּרינגען פֿון זיך, טײטן אױף זיך גופֿא מיט די פֿינגער, און אױסשרײען: טמא! טמא!... און אַװעקלױפֿן פֿון זיך אַלײן, אַזוי װײט, כאָטש צום עק װעלט, אַז איך זאָל מיך אַלײן קײנמאָל מער ניט קענען געפֿינען, אָט װי יונה הנביא איז אַנטלאָפֿן קײן תּרשיש.

נאָר װי קאָן מען עס פֿון זיך אַלײן אַנטלױפֿן?... דעם אײגענעם פּגר מוז מען שױן נאָך זיך נאָכשלעפּן אַפֿנים דעם גאַנצן לעבן.

און אַ טאָג גײט אַזוי אַװעק, און נאָך אַ טאָג, און נאָך אײנער, און נאָך אײנער, אַזוי כסדר. און גאָרניט. גאָרניט האָט מיט מיר פּאַסירט, אַלץ בלײבט אַזוי װי געװען. רײנער ניט געװאָרן.

און עס װערט אַזוי אומעטיק אױפֿן האַרצן. אָט גײט מיר אױף אַ ליכט פֿאַר די אױגן — און אָט װידער פֿאַרלאָשן, װי ניט געװען.

און אַ צװײפֿל פֿאַלט אױף מיר דעמאָלט אָן, און עס װײנט אין מיר אַזוי דאָס האַרץ, װען קײנער זעט ניט, און עס פֿאַרגיסט

הייסע טרערן און שטילער פאַרצווייפלונג. ווען־זשע וועט שוין, — בעט איך מיך ביי עמעצן — עס ווילט זיך מיר דאָס וואָרט „גאָט" אַרויסזאָגן, נאָר איך דערלאָז עס ניט, ווייל איך ווייס דאָך, איך האָב גאָר קיין גאָט ניט אין האַרצן, און דאָס וואָלט זיין ניט אמת, אַ אָפּנאַרעריי בלויז, אַ פּרעטענציעזער אָנשטעל פון אַ היינטוועלטיק געבילדעטן מענטשן — ווען־זשע, בעט איך זיך, וועל איך דאָס אייביקע ליכט דערזען? ווען־זשע וועל איך אויסגעלייזט ווערן? ווען־זשע וועט מיין נשמה איר צושטאַנד פון ריינקייט צוריק געפינען?

און עס דוכט זיך מיר, אַז דאָס — דער צושטאַנד פון ריינקייט פון מיין נשמה — איז שוין געווען אַזוי לאַנג צוריק — נאָך איידער איך בין נאָך געבאָרן געוואָרן. ווייל איך בין שוין געבאָרן געוואָרן אין זינד.

...און דאָ איז אַרום מיר אַלץ און אַלע אומריין, און איך באָד מיך אין אַזאַ קויט, אַז, גלויבט מיר, אַנומעלטן איז מיר איינגעפאַלן, ניט ווייט פון אונזער הויז זעט זיך דער גרינער פּאַס פון דעם לאָנג איילאַנד־סאַונד*), איז מיר איינגעפאַלן, אַז איך וואָלט געדאַרפט אַמאָל אַזוי אַ נאַקעטער אַהין אַריינשפּרינגען אין קאַלטן וואַסער, און שווימען אַזוי מיילן ווייט, און באָדן זיך גאַנצענע טעג, אינם וואַסער אַנטקעגן דער זון, און אפשר וועט אויף אַזאַ אופן פון מיר מיין זינד אָפּגעוואַשן ווערן. און באַלד ווערט מיר אָבער מיט אַ ביטערקייט קלאָר, אַז איך וועל עס קיינמאָל ניט טאָן, אַז ס'איז בלויז אַ פאַנטאַזיע אַזאַ... און דערווייל איז אומעטיק.

איז ווי אַלעמאָל, ווען עס ווערט מיר אַזוי שטאַרק אומעטיק אויפן האַרצן, ניט אויסצוהאַלטן, פאָר איך ערגעץ אַוועק. קומט מען אין אַ שטאָט אַ נייער, ווערט אייך ליכטיקער אויפן האַרצן, און האָפענונגספולער, ווייל עס איז גרינג איבערצולאָזן אַלץ הינטער זיך, ווי אַ בייזן חלום, און עס דוכט זיך אייך, אַז דאָס, וואָס ס'איז געווען, איז גאָר קיינמאָל ניט געווען, נאָר איר האָט עס יאַקבי בלויז געלייענט ערגעץ, געטראַכט נאָר וועגן דעם, — אַ בלויזער דמיון...

און אַלץ איז אַזוי פיין, די הייזער ניי, און ריינערע, די גאַסן ציכטיקע און שטילע, — און גאָרניט רעדט אַזוי צו אייער געמיט,

*) וואַסער־צונג פונם לאָנג־איילענד אינזל.

ווי נייע אומבאַקאַנטע גאַסן, ווייל עס איז ליכט אָנצוצינדן אָן זיי נייע האָפענונגען, — און וועלטן נאָך ניט געזעענע און פאַסירונגען נאָך ניט דורכגעלעבטע, און וואָס אַנדערש איז דען דאָ אין לעבן?

יאָ. עס איז גוט פאַר יעדן מענטשן אַוועקצופאָרן פון צייט צו צייט פון דעם אַלטן וואוינונגס=פּלאַץ צו אַ נייעם, ווייל מען באַגעגנט אויפן נייעם אָרט אַזוי פיל אומבאַקאַנטע מענטשן, הײַנט אַז די מענטשן זיינען אומבאַקאַנטע, זיינען זיי ליבלעך, וואָרעם, אַז איך ווייס זיי ניט, טראַכט איך, אַז ווער ווייס, אפשר דאָ באַגעגנט מען עס טאַקע, די אמתע, די ערלעכע מענטשן, אָט=די זיינען עס אפשר די אויפריכטיקע, די שיינע און פרומע, — און איך קניפּט אָן זיי אָן נייע חלומות=פעדים, און די אויגן אייערע ווערן ווייטלעך=פאַרנעפּלט.

— סאַראַ טרייסט פאַר מענטשן, וואָס עס זיינען נאָך דאָ אויף דער וועלט נייע אומגעזעענע פלעצער!

איז אַנומעלטן, אַז מיר איז געוואָרן אַזוי פינצטער פאַר די אויגן און אַזאַ געדיכטע פאַרצווייפלונג איז מיך באַפאַלן, און אַלץ האָט אַזוי אויסגעזען האָפענונגסלאָז און מיין לעבן אָן אַן אויסגאַנג, ווייל וואָס אַמאָל, וואָס שטאַרקער איך באַמי מיך אַרויסצורייסן פון דער נעץ, אַלץ שטאַרקער און שטייפער וויקלען זיך די נעצן=שטריקלעך אַרום מיין יונגן בלוטיק=זינדיקן לייב; און עס איז געווען נאָך אַזאַ שטיקל צייט, ווען איך האָב אַ סך שלעכטס געטאָן עטלעכע אומשולדיקע נשמות — און כ'האָב עס אין דער אמתן גאָרניט געוואָלט, זיך געבעטן ביי זיי: לאָזט מיך אָפּ, כ'האָב שוין אַזוי אייך צופיל זינד אויף מיין נשמה=חשבון, און מיין זיין מיט אייך וועט אייך בלויז ברענגען קורץ=דויערנדיקן זיסן ווייטאָג, און לאַנג=דויערנדיקן פיין... נאָר ס'האָט ניט געהאָלפן, ווייל אַזוי איז שוין דער טרפהנער מזל פון אַ זינדיקן, וואָס אומשולדיקע נשמות וואַרפן זיך אים אין די אָרעמס אַריין, (פאַרצאַפּלטע און מיט קעפּ שווינדלענדיקע, ווי פייגעלעך קליין=פליגלדיקע ביים פייער=קוק פון אַ פּאָר שלאַנגען=אויגן — און כ'האָב נאָכאַנאַנד יונג=מיידלשע האָפענונגען און חלומות, מיט אַ בלויקייט פון

אָמצײַטיקײט באַהויכט, ווי ווײך־בײנערדיקע עפּעלעך צעקוועטשט...
און נאָך האָב איך געפילט בײַ זיך אויף די הענט דאָס וואַרעמע פאַרגאָסענע בלוט, און די פײַכטקײט פון די צעקוועטשטע ראָזעווע מאַרכלעך מיט די בלײַע אָדערלעך, — גאָט מײנער, עס האָט מיך אַזוי פאַרפאָלגט און אַזוי געפּײניקט, אַזאַ גלוטיקע פלאַם האָט מײַן נשמה אײַנגעוויקלט און זי געפרעסן, און ווי קינס צײכן איז בײַ מיר אויפן שטערן אויסגעקריצט געוואָרן, און ווי ער, האָב איך ענדלעך באַשלאָסן נע־ונד צו זײַן, און אַוועקוואַנדערן ביזן כאַמע עק פון דער וועלט... נאָר אַזוי ווי געלט האָב איך געהאַט זײער ווייניק, כדי צו פאָרן ביז צום סאַמע עק פון דער וועלט, בין איך דערפאָרן בלויז קײן ט ר ע נ ט אָ ן, אַ שטאָט, וואָס געפינט זיך אינם שטאַאַט ניו־דזשוירזי, בלויז בײַ אָנדערטהאַלבן שעה רײַזע פון דער שטאָט ניו־יאָרק.

און דאָ, אין דער שטאָט בײַם גרינעם נידעריק־ברעגיקן ד ע ל־ וו ע ר־ט ײַ ך, — ווי אַ פלאַטשיקער שפּיגל, ווי אַ דינער גלאָז, — אין דער דאָזיקער שטאָט, וואָס איז בלויז אַן אָנדערטהאַלבן שעה רײַזע פון אונזער גרויסן כרך, — דאָ האָט זיך מיר דאָס גרויסע ליכט באַוויזן.

— אָט האָסטו דיר דײַן הײלונג, רײַן זאַלב, דײַן דערלײַכטערונג, דײַן אויסלײזונג!...

מער ניט — מיך שרעקט: איז עס שוין חס־ושלום ניט צו שפּעט...

געגאַנגען בין איך אַזוי אין אַן אָוונט איבער די ברײטע הויפּט־גאַסן, איבער ב ר אָ אַ ד און איבער ס ט ײ ט, וואו עס איז געווען העל, נאָר ניט צו שטאַרק, און בין מיר אַזוי אַרונטערגעגאַנגען אין אַ זײַטיקן געסל, ערגעץ אַהינטער שטאָט, גאָרניט ווײַט פון אַ גרויסער געמויערטער תפיסה, די קאַונטי־דזשײל, הײסט זי. און דאָ דערהער איך מיט אַמאָל מוזיק שפּילן, טאַנץ־מוזיק. גיט עס מיר אַ קלאַפּ אין די שלײפן און אַ טיאָכקע אין האַרצן און אַ ברען אין די אָדערן — זינדיק בלוט! — און באַלד דערזע איך מיך שוין אַ הינטעלעכן, מיט צונטער־צעפלאַמטע באַקן, אין דעם גרויסן אַרײַנ־

גאַנגס־שפּיגל פֿון אַ גוואַלדיק־באַלויכטענעם טאַנץ־זאַל, און אַז איך לאָז אַרונטער די אויגן — צופֿיל פֿייער! — צו דער שטאַרק־געוועקסטער פּאָדלאָגע צו, איז עס ווייטער, ווי אַ מין שפּיגל, — אַ שפּיגל אונטער די פֿיס... און עס באַוועגן זיך אין אים יונגע מיידלעך, איבערגעקערטע, מיט די פֿיס אַרויף און די קעפּ אַרונטער, און שטייף־אָטעמענדיקע, זיידענע זאָקן רייצן, האַלב־פֿאַרהוילנדיק די דינע פֿיס, און קליידלעך אַלערליי פֿלאַטערן אַרום, און ציכטיקע אונטער־קליידלעך מיט זיידענע שפּיצן, און קלובעס ריטמיש באַוועגן זיך, ווי באַקעס פֿון יונגע אינדן, צום וואַסער גייענדיק — עס גיט מיר אַ פֿלאַקער הערצן בלוט...

הייב איך אויף די אויגן, און זיי שטויסן זיך אָן אָן נאָך אַ פּאָר אויגן אויף אַ בלייך־איבערגעהיצטן מיידעלשן געזיכט: ברענענדיקע שוואַרצלעך אונטער געמאָלענע ברעמען שטיצן לאַנגע וויעס. איך לאַד באַלד איין דאָס דאָזיקע מיידל צום טאַנץ. אָפּגעטאַנצט, לאַד איך איין אַ צווייטע, און אַז אַלץ ניט געפֿעלן — אַ דריטע, נאָר איך גיי מיט אָט דער דריטער זיך איך פֿונאַנדער־שיין צו אָפּט אַזוינע געזען, צו שטאַרק הערמאָנען זיי אָן ניו־יאָרק.

און מיין נשמה איז אַלץ ניט צופֿרידנגעשטעלט, און אין קאָפּ איז אַ ווירוואַר, אָן באַדייט און אָן מיין.

און דאָ דערזע איך אָן אַ זייט זיצן אַ מיידל, טאַקע אַ שיינע מיידל איז זי געווען, נאָר אַז איך זאָל אייך זאָגן, אַז איך האָב גלייך דערזען", „עס האָט מיר באַלד אַ שיין געטאָן אין די אויגן". „זי האָט אויסגעזען יידישלעך־צניעותדיק", און דאָס גלייכן, ווען איך זאָל דאָס אַלץ אייך זאָגן, וואָלט עס זיין ניט ריכטיק, ווייל איך האָב צוערשט גאָרניט אויסערגעוויינלעכס אין איר באַמערקט. גאָרנישט. אַ מיידל, ווי אַלע, כאָטש אַ שיינע.

איך לאַד זי איין צום טאַנצן. און דאָ ערשט, טאַנצנדיק, באַמערק איך, אַז איר קערפּער איז זייער אַ שיינער, אַ נאַטירלעכער, און אַ געזונטער אַזאַ, ווי אַ שטיק שמעקנדיק גרין פֿעלד. נאָר טאַנצט זי אַפֿילו ניט אַזוי גוט, באַוועגט ניט אַזוי לייכט־אויפֿרייצנדיק די קלובעס, — הפּנים, אַז אָדער זי איז אַ היימיש קינד, און גייט

זעלטן צו די טענץ אין די דענסינג-סאַלאָנען, האַלט זי זיך מער צוריקגעצויגן, אָדער, אַז די היינטיקע טענץ זיינען איר ניט אַזוי שטאַרק צום האַרצן. און אַז איך זע באַלד, אַז זי רעדט ענגליש מיט ניט קיין איינגעבאָרענעם אַקצענט, הייב איך אין שפּאַס אָן צו רעדן צו איר יידיש. יאָ, אַ יידיש קינד. דאָס הייסט, ניט זי שטאַמט פון יידן, נאָר זי איז טאַקע אַ יידיש קינד — אַ היימישע.

זי קומט פון פּרזשעמיסל נאָך אַלס קינד, און וואוינט די גאַנצע צייט מיט אירע עלטערן דאָ אין טרענטאָן, אויף דער און דער גאַס. עס איז מיר שווער אייך איבערצוגעבן פאַרוואָס, ווי אַזוי און וואָרעם, נאָר מיט יעדן וואָרט, וואָס זי האָט אַרויסגערעדט, איז זי מיר אַלץ מער איינגעבאַקן געוואָרן אין האַרצן, אַלץ טייערער געוואָרן. הכט זיך אַלץ אַזעלכע קלייניקייטן, איך האָב אַפילו ניט דעם מוט עס פון מיין מויל אַרויסצוברענגען, ווייל מען וועט מיך קוים פאַרשטיין, נאָר קלייניקייטן מיינען דאָך אַלעמאָל זייער אַ סך, דערהויפּט צווישן מאַן און פרוי. און זי איז אַזאַ שיינע און אַזאַ געזונטע מיט גרויסע, גרוי־לאַכנדיקע אויגן, נאָר לאַכט זי ניט אַזוי מיט די אויגן, ווי מיטן גאַנצן אָפענעם געזיכט, מיטן גאַנצן גוף, — ניט גרויסשטעטיש־כיטרע. אָט איז זי אַ קינד, אָט אַ פרוי, נאָר ניט קיין באַוואוסטזיניקע פרוי; זי ווייס קוים וואָס פאַר אַ באַהאַלטענע כוחות עס ליגן אין איר פאַרבאָרגן — וואָס זאָל איך אייך זאָגן, עס פעלט מיר שפּראַך דערצו, נאָר איך פיל, אַז אַ מיידל איז זי אַ נייע, אַ גאַנצע אַזאַ און אַ געזונטע, אַן אַמאָליק־יידישע. שיין, אין אונזערע זינדיקע צייטן, אַן ערדיקע...
און אפשר — אַ צוקונפטיקע?

עס ווערט מיר דעמאָלט וואַרעם אין אַלע מיינע גלידער, און פריידיק אַזוי און זינגענדיק אין ליכטיק. אָפן און אָן שום פּניות זאָג איך איר, אַז זי איז מיר געפעלן. לאַכט זי אויף דעם בלויז מיט אירע גרויסע גרוילעכע אויגן. „טאַקע?" — און מער גאָרניט. איך זע, זי גלייבט עס מיר קוים, ווייל אַ יונגערמאַן בין איך אַ גרויסשטאָטישער, מיט אַזעלכע פיינע מאַנירן, איז ניט וואָס קאָן זי עס ביי מיר אויסנעמען... נאָר אַך, מיט וואָס, מישטיינס געזאָגט, איך קאָן זיך עס איבערנעמען פאַר איר... כדי זי זאָל קיין

שום שלעכטס אין מיר ניט פֿאַרדעכטיקן, בעט איך זי, אַז זי זאָל מיך אײַנלאַדן צו זיך אין הויז. גוט.

און איך קום צו איר אויף מאָרגן אין הויז אַרײַן, און עס גיט מיר אַ ליכט און אַ בלאַסק אין פּנים אַרײַן די ליכטיקע אָרעמקייט פֿון דעם שטיבל, וואו זי וואוינט: אַ שטיק אַלטע הײם איז אַהער צו אַריבערגעטראָגן, ווי צוליב מײַן טרייסט.

בלויז אַ פּאָר חדרים אין דעם אונטערשטן שטאָק פֿון אײנעם אַ פֿאַרוואָרפֿענעם צוויי־שטאָקיקן הויז, אָרעם צוגעקליבן, נאָר ריין. ווייס־קייט וואַרפֿט זיך אין די אויגן. אויפֿן מענטל־פּיעס, אָנשטאָט נאַרישע, פּרעטענציעזע קונסט־זאַכן פֿון אַ ספּקדיקן ווערט, ליגן נאָר אויסגע־וואָרפֿן משניותן מיט אָפּגעפּליקטע רוקנס, עין־יעקבס מיט אָפּגעריבענע טאָוול־ווינקלען און מיט חלב־פֿאַרשמאָלצענע בלעטער, חומשים מיט פֿונאַנדערפֿאַלנדיקע און זיך אָפּברעקלענדיקע בלעטער־זוימען, און נאָך אַלערליי אַנדערע, אַנדערע ספֿרים, — ילקוטלעך, מדרשים־לעך, אָנגעוואָרפֿענע אַזוי, ווי ערשט אַרויסגעראַטעוועט פֿון אַ שׂריפֿה.

דער טאַטע איז איצט אין דער הײם ניטאָ, איז בײַ דער אַרבעט, אַ מיערער. די מאַמע, אַ נידעריקע ייִדענע, מיט אַן אָפּגעבליאַקע־וועטן, צעקאַרבעוועט און צערונצלט געזיכט, שמייכלט צו מיר אַזוי פֿריינדלעך, ווייל מיר אַרויסהעלפֿן אין מײַן פֿאַרלעגנהייט, און רעדט צו מיר אַזאַ מין סאָרט ענגלישע שפּראַך. איך לאָז מיך אָבער ניט דינגען, און רייד צו איר ייִדיש — קוקט זי מיך, פֿאַרשטייט זיך, אָן, ווי אַ בייז־וואונדער.

איך שווייג, מיט אַן אָטעם אַן אײַנגעהאַלטענעם. איך קוק אַרום זיך די גאַנצע צייט, וויל זיך אַלץ איבערצײַגן, צי בין איך ניט אָפּטמאָל פֿאַרפֿירט געוואָרן ערגעץ — צי געפֿין איך מיך אויף דער אמתן דאָ?

און דאָ קומט צו גיין איר טאַטע, אַ הויכער, געזונטער ייִד. „טאַקע נאָר פֿון אַזעלכע, טראַכט איך מיר, קרעפּטיקע לענדן האָט אַזאַ געזונט קינד, ווי דאָס דאָזיקע מיידל, געקאָנט אַרויסקומען". און דער לאַנגער באָרד שטעקן נאָך בײַ אים פֿאַרגליווערטע שטיק־לעך גיפּס, פֿון דער אַרבעט. ער שטעקט מיר אָפּ אַ ברייטן שלום־

עליכם — פֿון וואַנען איז אַ ייִד? — פֿון דאַנען און דאַנען. — וואָס איז אַ יונגנמאַנס געשעפֿטן? — ווער איך צונטער־רויט, האָט האַרץ קלאַפּט העפֿטיק און מיר און האָט פּנים פֿלאַמט מיר אַזש. פֿון בושה און נישטיקייט, נאָר איך מאַך זיך האַרץ איון זאָג מיט אַ מיזהתדיקער וויכטיקייט: „אָט, מען איז אַ רייזנדער". — „מען פֿאָרט, הייסט עס, אום?" — „יאָ", זאָג איך. — אַוודאי פֿאָרט מען מאַקע אום". — „צוליב געשעפֿטן?" — „יאָ", זאָג איך, „געשעפֿטן אַזוינע". ער שאָקלט מיטן קאָפּ, פֿאַרשטייענדיק, הייסט עס, מיין וויכטיקייט. — „און דאָ, וואָס טוט מען עפּעס אין אָט די היגע מקומות?" — „אייך צוליב די זעלביקע געשעפֿטן", זאָג איך, און פֿאַרהיכער אַ פּאַפּיראָס, און צי אַ ביסל אָפּ דעם אָטעם.

מען לאַדט מיך איין צו וועטשערע. אָפּגעגעסן, באַמיט זיך דער באַלעבאָס מיך צו אונטערהאַלטן מיט פֿאַרשיידענע פֿראַגן, צוליב איידלקייט וועגן. „נישקשה, הייסט עס, מיינט ניט, אַז די קליינשטעטלדיקע זיינען שוין גאָר..." נאָר מיר איז ער, שוין (אַכט אַ זייגער, און אַן אָנגעהאָרעוועטער איז ער אייך), קלעפּן זיך אים די ·אויגן צו מיט אַ שווערקייט, און די ווערטער פֿאַלן בײַ אים שוין אַרויס איינציקע אַזעלכע און אָפּגעהאַקטע, שווערע און אומגעהויבלעוועטע, ווי שטיקער האָלץ פֿון אונטער אַ האַק, ווי פֿאַראיינזאַמטע קלאַנגען און נאַכטיקע וועלדער — ווייל אַלע אַרום טיש שווייגן איצט, רוקט ער זיך באַלד אַרויס אין אַ צווייטן צימער, און איידער ער האָט נאָך צייט צו באַטראַכטן דאָרטן, אינעם פֿינסטערן אַלקער, אויב ס'איז נאָך אפֿשר ניט צו פֿרי צו לייגן זיך שלאָפֿן, שלאָפֿט ער שוין איין. עך, טראַכט איך מיר, און וואָס טוען מיר, אין די גרויסע שטעט, אין אָט דער שעה? —

דער טאַטע ניטאָ, די מאַמע אין קיך פֿאַרנומען מיט עפּעס אַ הויז־אַרבעט. און אין צימער בלייבן מיר דערמאָלט איבער זאַלבעדריט: דאָס מיידל, און איך, און אַ קעראָסין־לאָמפּ, וואָס לייכט אין דער שטיל.

איך זיץ, די הענט באַהאַלטן אונטערן טיש, ווי כ'וואָלט זיך געגרייט אויף עפּעס אַ פֿאַרהער פֿון אַ רבין. דאָס האַרץ קלאַפּט מיר אַזוי, פֿון גרויסער אומדערוואַרטער און קיינמאָל ניט דורכ־

געלעכטער פֿרייד, און אפשר פֿון אַ שרעקנדיקן טרויער, אַז די פֿרייד איז מיר געקומען מעגלעך צו־שפּעט. און עס קלינגט מיך אַזוי בײַם האַזיקן געדאַנק. נאָר איך מאַך זיך האַרט.

זי זיצט מיר אַנטקעגן, אַ ליכטיק־אויגיקע און אַ באַלויכטענע, שמייכלט מיט אַן ערשט־אַדיסקוואַלנדיקער קלוגשאַפֿט, אַן אײַנגע־באָרענער, ניט קיין גרויסשטאָטישער קלוגשאַפֿט. זי אַנטוויקלט פֿאַר מיר אירע פּלענער. זי וויל, הייסט עס, פֿאָרן נאָך ניו־יאָרק, ס'איז כמעט דערווײַל איר איינציקע אַמביציע. — און עס ווערט מיר מיט אַמאָל אַזוי אומהיימלעך פֿון דעם פֿייערל, וואָס גיט זיך אַ צינד אָן אין אירע גרינלעכע אויגן: אַ פֿײַער אין גרינע אויגן!...

— עס בענקט זיך איר, זאָגט זי, נאָך יענער שטאָט, וואו עס זײַנען דאָ אַזוי פֿיל מיערן... וואו מען לעבט אַזאַ סך, און אַזוי שנעל, און, דער עיקר, וואו ס'איז דאָ בײַנאַכט אַזוי פֿיל ליכט...

— ליכט? — זאָג איך אין דער שטיל — פֿײַערן, גרויסע פֿײַערן בײַנאַכט, און ניט קיין ליכט. און אַז די פֿײַערן גייען אויס פֿאַרטאָג, ווערט קאַלט, טאָפּלט־קאַלט... און אַפֿילו ווען פֿײַערן ברע־נען, איז וואָס? אָדער זיי ברענען צו ווייט פֿון דיר — בלויז אַ רייץ און אַ מאַניע פֿאַר די אויגן, און צו דיר דערגרייכט עס ניט; אָדער זי ברענען זייער נאָענט לעבן דיר, און דו ברענסט אין זיי אַליין, ברענסט אַזוי העל, און אַזוי צונטערדיק, און דו ווערסט פֿאַרברענט איידער דו קוקסט זיך אום, און דו ברענסט שוין ניט אַ צווייטן מאָל — דו ווערסט אַ שוואַרצע האָלאָווערשקע. — — —

זי שווייגט, קוקט אויף מיר מיט גרויס־פֿונאַנדער־געעפֿנטע, זיך־וואונדערנדיקע אויגן, וואונדערלעכע אַזוינע, און היימישע אויגן. די פֿריערדיקע אומהיימלעכקייט איז פֿון זיי פֿאַרטריבן געוואָרן, זי הערט זיך צו, מיט גרויס נייגעריקייט, ווי עס פֿאַלן אַרויס מײַנע שטילע ווערטער צו דעם ליכטיקן לאָמפּ צו.

— אָבער ליכט? — זאָג איך צו איר ווײַטער, — ליכט, צום בײַשפּיל, אונטער גרינלעכע אויגן, וואָס זאָלן אייך אַלעמאָל לויכטן און תּמיד דעם וועג באַשײַנען: דאָס פֿאַרבאַהאַלטענע ליכט, וואָס איז נאָך פֿון די ערשטע זעקס טעג; ליכט, וואָס זאָל אונז די אויגן עפֿענען? — ניטאָ אַזוינס אין אַ גרויסער שטאָט...

בײַ זיך אין האַרצן ווײס איך אָבער מיט אַ פֿלוצלונגדיקער זי־
כערקײט, — מיט אַ זיכערקײט, וואָס האָט מיר אַלעמאָל געפֿעלט, —
אַז דאָס שטילע, פֿון אונדז פֿאַרבאַהאַלטענע ליכט, איז דאָ, איך
האָב עס געפֿונען... אין אַ קלײן שטיבל מיט געקאַלכטע ווענט, דאָ
בײַם טיש, ניט ווײט פֿון די פֿאַרשמאָלצענע, אָפּגעפֿליקטע משניותן, —
האָב איך עס געפֿונען.

און וואָס זאָל איך שוין דאָ ווײטער דערצײלן. איך פֿאַרבלײַב
שוין האָ אין שטאָט — אַלײן, הײסט עס, צוליב מײַנע באַרימטע
געשעפֿטן.

טעג און אָוונטן פֿאַרבלײַב איך דאָ. הערן די טעג לעב איך מיט
די אָוונטן. זײ באַלײַכטן מיר מײַנע טעג. וועלן זײ אױך באַ־
לײַכטן מײַן וועג? — —

אַנומלט בין איך אַרײַנגעקומען צו זײ אַ שבת־נאָכמיטאָג —
אַלע זײַנען אין דער הײם. דער פֿאָטער אַרבעט ניט פֿון פֿרײַטאָג
האַלבן טאָג אָן. נאָך הינטער דער טיר, אין פֿאָדערצימער, הער
איך פֿון אינעווײניק אַרױס אַ באַקאַנטע שטים, וועלכע לײענט עפּעס,
„זאָגט“ עפּעס מיט אַ שטיל־אומעטיקן, זינגענדיקן טאָן.

— אױ, אין מדרש שטײט געשריבן... ווען די אישה זיצט
תמיד אין הױז איז זי מכפּר אױף די זינד פֿון איר גאַנץ הױז־
געזינד, ווי דער מזבח האָט מכפּר געווען אױף די זינד פֿון דער
גאַנצער וועלט... אױ, אַזױ ווי דער פּסוק זאָגט: אשתך כּגפן פּוריה,
דײַן ווײַב זאָל זײַן ווי אַ פֿרוכטבאַרער ווײַנשטאָק, וואָס...

גיט עס מיר האָ אַזאַ מין קלאַפּ אין האַרצן. מענטש, הו
האָסט שוין דאָס דאָזיקע געזאַנג אײנמאָל געהערט! שוין לאַנג,
לאַנג צוריק, דו געדענקסט האָך שוין קױם ווען, און ווײט ערגעץ, —
הו דענקסט האָך אַלעמאָל, אַז דו וועסט שוין קײנמאָל מער אַהין
דעם וועג צוריק ניט געפֿינען! —

און איך פֿיל, ווי איך וואָלט מיך מיט אַמאָל געפֿונען בײַם
טױער פֿון גן־עדן התּחתּון.

איך עפֿן אױף די טיר פּאַמעלעכן און דאָס האַרץ קלאַפּט
מיר בײַם סקריפּ פֿון דער קלאַמקע. איך רוק מיך אַרײַן ווײַטער־

וועגס און זעץ מיך גלייך אַנידער אין אַווינקל, איך זאָל קיינעם ניט שטערן און מען זאָל מיך גאָרניט באַמערקן אַפּילו, ווייל איך, זינדיקער, געהער מיך האָך גאָרניט אָן אַהערצו.

נאָר דאָ הערט דאָס מיידל אויף צו לייענען די סדרה, פאַרשעמט זיך, ווערט גאָר אינגאַנצן רויט — פאַר מיר, דעם היינטוועלטיקן, דעם גרויס שטאָטישן! זי רוקט אָפּ פון זיך דעם גרויסן טייטש־חומש, הפּוס ווילנא, און שמייכלט צו מיר פאַרלעגן. זי איז אין דעם גאָרניט שולדיק. די מאַמע, הייסט עס, באַשטייט, אַז זי זאָל יעדן שבת נאָך וואַרמעס לייענען אין טייטש־חומש די פּרשה פון דער וואָך.

— איז וואָס־זשע האָסטו וואָס צו שעמען זיך, קינד מיינס, — זאָג איך צו איר אין דער שטיל, אַזוי שטיל, אַז זי הערט מיך קוים, — וואָס־זשע האָסטו וואָס צו שעמען זיך אַנטקעגן מיר? מישטיינס געזאָגט, מיט וואָס איך האָב מיך עס וואָס צו גרויסן זיך אַנטקעגן אייך! — —

די מאַמע דערלאַנגט מיר אַ גלאָז טיי, באַפעלט דער טאָכטער אירער ווייטער לייענען, און איך, — וואָס האָב איך דען איר געקאָנט זאָגן אַזוינס, אַז איך זאָל ניט אויסזען ווי אַ גרויס־שטאָטישער אָפּשפּעטער, ווי אַ הייִנטוועלטיקער אָפּלאַכער? — מיט מיינע אויגן בלויז האָב איך זיך געבעטן ביי איר: לייען, קינד מיינס, לייען, מיידל, ליכטיק־אויגיקע, און פאַרשפּרייט דיין ליכטיקייט איבער מיר, און הלוואי וואָלט איך ראוי געווען צו זיין אין שטאַנד צו קענען טאָן דאָס אייגענע, וואָס די טוסט.

און דאָס מיידל, מיט לאַכנדיקע אויגן, ווי אַ געטרייע טאָכטער און אַן איבערגעגעבענע יונגע פרוי, טוט וואָס איר מאַמע באַפעלט איר. זי טוט עס מיט אַזאַ מינע, ווי דאָס וואָלט הייסן: דו בחור, לאַך פון מיר ניט אָפּ אין דער טיפעניש פון דיין האַרצן, ווייל אַז די מאַמע הייסט — מוז איך פאָלגן! — און איך, פון מיין ווינקל, שמייכל צו איר און דערמוטיק זי מיט מיינע אויגן, זי זאָל זיך ניט שעמען פאַר מיר.

און דאָ דערהער איך ווי זי לייענט די מעשה פונם ערשטן באַגעגעניש פון יצחקן מיט רבקהן; ווי אַזוי אברהם אָבינו האָט

געשיקט זיין קנעכט אליעזרן קיין אַרם-נהרים, צו ע־גען-וואו אַנדערש, צו קריגן אַ באַהעלפערין, דאָס הייסט, אַ ווייב, פאַר זיין בן-יחיד, פאַר זיין איינציקן זון, פאַר יצחקן; און ווי אליעזר איז געקומען צוריק אַהיים אין אברהם אָבינום פעלדער, אין אַ שטילן פאַרנאַכט, מיטברענגדיק אויף די הויכבעוואַטע גמלים מתּנות צו אברהמען, און דאָס מיידל רבקה צו זיין איינציקן זון; און ווי יצחק איז גראָד דאַן אַרויסגעגאַנגען אין פעלד אַריין דאַוונען מנחה, און דאָ ערשט דערזעט רבקה פון דערווייטנס אינם טונקעלן פאַרנאַכט איר באַשערטן, יצחקן, אַרויסשווימענדיק פון יענער זייט, וואו די זון זעצט זיך, האָט זי זיך אַראָנטערגעלאָזן פונם קעמל, און האָט צוגעדעקט איר פנים. — — — — — — — — —

— — — — — — — — —

דאָ, אינם טונקעלן שטיבל, איז מיר אויפגעגאַנגען אַ גרויס ליכט, און איך פאַרמאַך מיינע אויגן, ווייל עס איז שווער זיי, וואָס וואָס האָבן זיך אַלעמאָל געבאָדן אין דער פינסטערניש, אָנצוקוקן דעם גרויסן שיין.

מיט פאַרמאַכטע אויגן פאַל איך צו צו דער ליכטיקייט, און טרינק זי, און וויל אַזש דערטרונקען ווערן אין איר, אין מיין ביז איצט קיינמאָל נאָך-ניט געזעענעם ליכט...

— אוי, ווער האָט זיך עס געקאָנט ריכטן, ווער האָט זיך עס געקאָנט ריכטן!

און איך האָב דאָך געדענקט, אין טונקעלע מינוטן, אַז איך בין שוין פאַרמשפּט אויף צום אונטערגיין — — — יאָ, עס איז וואָר: „און די, וואָס זיצן אין דער פינסטערניש, האָבן דערזען דאָס גרויסע ליכט!"

— — — — — — — — —

און אין שטאָט פאַרבלייב איך אַליין לעגנער און קאָן פון דעם קוואַל מיך ניט אָפּרייסן. אין שטוב האָט מען מיך אַזוי גערן. איך פיל, אַז מען באַטראַכט מיך שוין דאָ, ווי אַ צוקינפטיקן חתן. דאָס מיידל שטראַלט אויף מיר מיט אירע גרויסע ליכטיקע אויגן. זי וואַרט אַליין, אַז איך זאָל איר עפּעס וואַרעמס זאָגן, און זי נעמען

אונטער מיינע פליגל. נאָר איך, וועלכער האָב אין מיין יונגן לעבן שוין כמה מיידלעך פאַרפירט, שרעק מיך פאַר דעם דאָזיקן יידישן מיידל, מיין צונג, וואָס איז אַזוי ווייך געווען צו זאָגן שיינע ווערטער, וואָס זאָלן צעגליען די יונגע מיידלשע בלוטן, איז שטיל, און מיינע ליפּן, וואָס האָבן אַמאָל געוואוסט אַזעלכע פאַרפירערישע רייד פון זיך אַרויסברענגען, עפענען זיך ניט אויף צו זאָגן דאָס איינציקע אמתע וואָרט!

— בין איך עס ווערט, בין אך עס ווערט!

און איך פיל, אַז איך וויס ניט, ווי אַזוי מיין פאַרלאַנג איר אַרויסצוזאָגן, און ווי אַזוי דאָס האַרץ און איר מיידלשאַפט ביי איר בעטן. איך פיל, אַז עס איז איבער מיינע כוחות. און עס גיט מיר פלוצלונג אַ שטראַל אַ האָפענונג:

— אַ שדכן!

וואָלט זיך אפשר געפונען אַ ייד אַ כשרער, אַ ייד מיט אַ לאַנגער באָרד, מיט אַ ווייסן איבערגעפּיגענעם העמד־קאָלנער, מיט באַרטאַבאַקטע וואָנצן, און מיט אַ גרויסן פאַראַסאָל אונטערן פאַכווע; וואָלט זיך נאָר געפונען אַזאַ ייד, וועלכער זאָל פאַר מיר ריידן, און מיר דאָס מיידל אויסשדכנען. —

— וואו איז ער? — — — וואו איז ער? — — —

און אין די לאַנגע נעכט, אין מיין האָטעל, וואַרף איך מיך אויף מיין געלעגער און קאָן שוין מער ניט אַנטשלאָפן ווערן. איך צינד אָן און דריי אויס די עלעקטרישע לעמפּלעך, איך דריי זיי אויס און צינד זיי ווידער אָן. מיר איז זייער ניט גוט, איך פאַרלעש זיי ווידער, און בלייב שוין ליגן אין דער פינסטערניש. און אין דער פינסטערניש פון דער נאַכט הערט דערנאָך קיינער ניט מיין געבעט:

— אַ ליכט איז מיר אויפגעגאַנגען, אַ ליכט איז מיר אויפגעגאַנגען... און איך וויל נאָענט צו דעם ליכט צוקומען, און זיך מיט אים באַהעפטן, נאָר איך דאַרף אַן אַרויסהעלפנדיקע האַנט צו מיין פולקומער דערלייזונג... ווען־זשע וועט די דאָזיקע האַנט צו מיר אין דער פינקלהייט זיך באַווייזן? ווען וועט מיין פולשטענדיקע

דערלייזנג קומען? און דער רײנער, לאַנג־בערדיקער שדכן — ווען וועט ער זיך שײַן צו מיר באַווייזן, אַ בונה צווישן מיר און דעם ליכטיק־איניקן מיידל, און אונז ביידן פאַרקנסן — — ווען? — — — ווען? — — —

.1919

---

# אויף דיין לאַנד

.I

אין איינעם פֿון די ערשטע טעג פֿונם חודש סעפּטעמבער האָט זיך איבער די טאָלן און די בערגלעך, וואָס אַרום דעם דאָרף אידזשיפּט מילים, געלאָזט הערן אַ שטיל קלינגען.

די פֿאַרמערס פֿון די נאָענטע און ווייטע פֿעלדער, וואוהין דאָס קלינגען האָט אינם קיל־זוניקן פֿרימאָרגן דערגרייכט, האָבן אויף אַ ווײַלע איבערגעהערט אַרבעטן. זיי האָבן מיט אַ „וואָהאָו!" אָפּגעשטעלט די פֿערד, וואָס זיינען געווען אײַנגעשפּאַנט צום אַקער, און מיט פֿריידיק־באַלײַכטענע פּנימער זיך אומגעדרייט אין דער ריכטונג צו יענעם אָרט, פֿון וואַנען עס האָט זיך געצויגן דאָס קלינגען.

אַ גאַנצן זומער האָט מען עס שוין ניט געהערט דאָס קלינגען, און איצט — עס ווענדט זיך, וואָס איינעמס שייער אָדער פֿעלד איז געווען. האָבן אייניקע טאַקע ג ע ז ע ן מיט זייערע איבערגלאַנצדיקע אויגן דעם הילצערנעם קופּאָל פֿון דאָרפֿס־שול, וואָס האָט זיך געפֿונען אויף אַ ווייטלעכן בערגל, און צו אַנדערע האָט ער זיך בלויז פֿאָרגעשטעלט, דער קופּאָל, אַ ריין־יום־טובדיקער, אין דער קלאָר־קילער לופֿט.

און אַזוי ווי אינם האָזיקן פֿרימאָרגן האָבן זיך די פֿערמערס געפֿינען אַליין אין פֿעלד, ווייל דאָס קליינוואַרג איז אין שול אַוועקגעגאַנגען און די שטאָטישע אַרבעטער זיינען זיך שוין צעפֿאָרן אין זייערע שטעטישע היימען אַריין, האָבן זיי ניט געהאַט מיט וועמען אַ וואָרט אויסצוריידן. שווייגנדיק האָבן זיי דעמאָלט אַ גלעט געטון די פֿערד און ווייטער געאַקערט און נאָך אַנדערע האָבן געשטופּט בינטלעך תּבֿואה אין די דרעש־מאַשינען אַריין, ווי אין די מיילער פֿון אַזעלכע מעטאַלענע פֿעלד־חיות, און פֿונם נאָכאַנאַנד זיך־טרייסלענדיקן און

ציטערדיקן מעכאַניזם האָבן זיך פֿון הינטן, אויך, ווי פֿון חיות, קליינע קערנדלעך געשאָטן אין די צוגעבונדענע שטייביקע זעק אַריין.

אין יענעם פֿרימאָרגן האָבן פֿון אַ סך אומגעזעענע ווינקעלעך, פֿון פֿילע פֿערמישע הייזער, וואָס זיינען געווען פֿאַרהוילן אין פֿעלדער און אין טאָלן, זיך געצויגן מחנות יונגע קינדער... יונגע קינדער אָנגעטאָן אין ריינע אָנצוגלעך, מיט ביכער און אַן איינגעפּאַקט אָנבייסן אונטער די אָרעמס. אַליין און באַזונדער זיינען זיי געגאַנגען איבער די הניקע וועגן, וואָס האָבן זיך געשניטן דורך פֿעלדער און דורך בערגלעך, און די קינדער האָבן די גאַנצע צייט געזונגען, ווער מיט אַ קול און ווער אָן אַ קול.

זיי האָבן געפֿילט:

עטוואָס נייס און פֿריידיקס הייבט זיך איצט אָן פֿאַר זיי: דער זומער איז שוין פֿאַרגאַנגען. אין דרויסן איז עס נאָך אַפֿילו ניט צו זען, אָבער דאָס גיין אין שול אַריין האָט שוין געטראָגן אין זיך דעם שטילן אָנזאָג פֿון דער ליכטיקער סוף-זומער-צייט. אין די וואַרעמע זוניקייט פֿון דרויסן האָט שאַרף געשמעקט מיט אָפּגעשניטן היי און פֿריש-איבערגעאַקערטער ערד. די ווילדע וויינטרויבן-ביימער ביים וועג זיינען אויך אָקאָרשט איצט צייטיק געוואָרן. די גרין-שטייפֿע קערנדלעך פֿון די וויינטרויבן, ווי ניסלעך, זיינען ערשט איצט ווייך און פֿול געוואָרן, און טיף-בלוי און דער שטיל-דורכזיכטיקער לופֿט האָט זיך שטאַרק געשפּירט דער ריח פֿון וויין.

און האַרט, וואו די וועגן צו דער מאַסקענאַזאַ-אָזערע און צום מינקס פֿאַנד בוקן זיך איינס צו דאָס אַנדערע ביי זייער באַגעגעניש, האָבן זיך אויך די קינדער באַגעגנט. פּאָרלעך און קופּקעס האָבן זיך דאָ צונויפֿגעשלאָגן אַ היפּש ביסל. פֿאַר ניין אַ זייגער איז מען שוין פֿאַר דער פֿאַרמאַכטער טיר פֿון דער דאָרפֿס-שול געשטאַנען. יינגלעך האָבן זיך איינס דעם אַנדערן דערלאַנגט די הענט, מיידלעך האָבן זיך אַרומגענומען. פֿאַרשיידענע געשיכטעס פֿונם פֿאַרגאַנגענעם זומער האָבן זיך אָנגעהויבן צו וועבן אין דעם פֿרימאָרגן... מען האָט זיך דערציילט איינער דעם אַנדערן, וואָס מען האָט איבער-

געטון פאַרן זומער, און געוואַרט דערווייל אויפן אָנקומען פון דער לערערין.

אין מאָריס, דער זון פונם איינציקן יידישן פערמער אין דער געגנט, איז דאָ אויך געווען. ער האָט זיך געפרייט, ווי די איבעריקע, און נאָך מער, ווייל יעדער איינער האָט געוואוסט, אַז ער האָט שטאַרק געהאָלפן אין דעם צוקלייבן און צורוימען די שול בשעת די לעצטע צוויי וואָכן. אין גרויסע לערערנע שטיוול — עס האָט גראָד גערעגנט האַמאָלסט, און די וועגן זיינען געווען בלאָטיק — אין גרויסע לערערנע שטיוול איז ער איבער איינציקן היפשלעכן חדר פון דער שולע אַרומגעגאַנגען, אַרונטערגעווישט דעם שפינוועבס פון די ווינקלען, דעם שטויב פון די בענק, האָט צעשטעלט די שוואַרצע טאָוולען ביי די ווענט, און געהאָלפן אויפהענגען די גרויסע געאָגראַפישע קאַרטעס. יאָ, ער איז עס געווען, וועלכער האָט צוגעהאַלטן דעם עמער מיט קאַלך, אין וועלכן מר. דזשעניננס, דער שול-פאַרוואַלטער און דער אָנהאַלטער, אַגב, אויך פון נאָך פיר זייער וויכטיקע אַמטן אין דער אַדמיניסטראַציע פון דער שיטער-באַפעלקערטער געגנט, האָט געטונקט אַ גרויסע באַרשט און געקאַלכט מיט איר די סטעליע און די ווייסע ווענט.

זיין טאַטע העך גרינשטיין, האָט אויך צוגעשטעלט דעם קלענסטן „עסטימייט" (חשבון) אין דעם סקול-באָארד (שול-ראַט), און עס איז אויף אים דעריבער געלעגן איצט די פליכט צוצושטעלן האָלץ פאַר דער שול דעם גאַנצן קומענדיקן ווינטער.

דערווייל איז אָנגעקומען די לערערין אויף אַ וועלאָסיפעד. זי איז געווען אינגאַנצן אָנגעטאָן אין ווייסן. אויפן קאָפּ — אַ ברייט-ברעגיקער, שטרויענער הוט. די קינדער האָבן זי שטיל באַגריסט.

אין דעמאָלט האָט זיך דערהערט דאָס קלינגען פון דער שול-גלאָק, וואָס האָט זיך צעגאָסן איבער די אַרומיקע בערג און טאָלן. ווי אין אַ שטילער האָרפּס-קירך, זיינען די קינדער אַריינגעגאַנגען איינס נאָכן אַנדערן און זיך צעזעצט אויף זייערע פּלעצער.

דעם גאַנצן פאַרמיטאָג האָט מאָריס פלייסיק געאַרבעט אויף די אויפגאַבן אין ספּעלינג, אַריטמעטיק און געאָגראַפיע. דערביי האָבן זיך מאָריסן פונאַנדערגעעפנט די אויגן בשעת דער געאָגראַפיע-לערע.

אַזוי פיל לענדער, אַזוי פיל לעגנדער... ער, פון זיין זייט, האָט געוואוסט בלויז פון איין לאַנד, פון אַמעריקע, דאָס לאַנד, וואָס איז געווען זיין לאַנד. געבוירן איז ער אין ניו־יאָרק, נאָר פון דעם געדענקט ער בלויז אַ חלום פון אַ ריי הויכע טורעמס צווישן וואַסערן, איינגעוויקלט אין אַ נעפּל, אַמאָל זוניקן און אַמאָל אַ גרויען. אויפגעהאָדעוועט געוואָרן איז ער אָבער דאָ, צווישן די בערגלעך און טאָלן פון קינגס קאַונטי, אין דעם העכערן טייל פון שטאַט ניו־יאָרק, — באַזונטע און ליכטיקע בערגלעך און טאָלן, ווי לעגנדער אין ערגעץ אַ מעשה.

נאָכמיטאָג איז ער שוין געוואָרן אַ ביסל אומגעדולדיק. ער האָט זיך דערמאָנט, אַז אין מיטן דעם גרויסן פעלד, וואָס געפינט זיך אויפן באַרג, ניט ווייט פון זייער הויז, ליגן שוין עטלעכע טעג גרויסע קופּעס טרוקענע צווייגן און קוסטעס, וועלכע דאַרפן נאָך היינט פאַרברענט ווערן.

איידער דער פאָטער האָט זיך געשטעלט אַקערן, האָבן זיי ביידע צונויפגעקליבן אַלע שטיקער פאַרטריקנטע צווייגן, וועלכע זיינען בשעת ווינטן און זומער־שטורעמס אַרונטערגעפאַלן פון די ביימער אין מיטן פעלד, ווי אויך די קוסטעס און ווילד־גראָז, וואָס זיינען דורכן זומער אָנגעוואַקסן ביי דעם פּאַרקאַן. אַ גאַנצן טאָג נאָכאַנאַנד האָט זיי גרינשטיין געשניטן מיט דער קאָסע, אָט דאָס דאָזיקע ווילד־גראָז און די קשאַקעס. אַז מען האָט דערנאָך צונויפגעשאַרט די קופּעס אין מיטן פעלד, האָט גרינשטיין מיט זיין אַקעראַייזן געפּאַשעט די ערד אַרום און אַרום, אָנהייבנדיק פון די זוימען פעלד. נאָר וואָס אַמאָל איז ער אַלץ נעענטער צוגעקומען צו די קופּעס אין מיטן פעלד, און היינט האָט מען שוין זיי געמוזט פאַרברענען.

אַרום דריי אַ זייגער האָבן זיך אַלע קינדער אַ שפּאַר געטאָן הורך דער שמאָלער טיר פון דער שול, ווי אַ מחנה יונגע הירשן. מען האָט זיך געלאָזט שפּרינגען איבער פעלד, באַרג און טאָל. מאָריס האָט שוין לענגער ניט געקאָנט איבערבלייבן, כדי צו פאַרמאַכן די פענסטער פון דער שול, וואָס ער פלעגט געוויינלעך טון. אַ זיסע אומרו האָט אים אַרומגעכאַפּט. די פיס האָבן אים געביסן

פון צו-פיל זיצן. דורך די זומער-חדשים האָט ער זיך שוין פון דעם אָפּגעוווינט, און ווי אַ הונט וועמען דער ווינט האָט פּלוצלונג געבראַכט די שפּור פון דער פאַרלאָרענער היים, האָט ער זיך אַ שאָס געטון דורך דער ליכטיקער לופט אין דער ריכטונג צו זייער פאַרם צו.

אין אַ ווײַלע אַרום, בײַסנדיק אַ לופטע ברויט מיט אײַנגעמאַכטס, האָט ער זיך שוין קוים דורכגעזען דורך דעם רויך פון אַ גרויסן פײַער, וואָס ער האָט אַליין אָנגעצונדן. קופּעסווײַז האָט ער אויף די שפּיציקע יונגע אַקסלען זײַנע געשלעפּט גרויסע צווײַגן און זיי געוואָרפן אין פײַער אַרײַן. אַרויף האָט זיך געליגט איבערן הימל פון די נאַסלעכע בלעטער, וועלכע האָבן שלעכט געברענט.

און וואָס מער דאָס פײַער האָט געקנאַקט, און אין וואָס מער צווײַגן אין קשאַקעס ער האָט זיך אַרײַנגעביסן, אַלץ גרעסער איז מאָריסעס פרייד געוואַקסן, און אַלץ בלישטשענדיקער זײַנען זײַנע אויגן געוואָרן. שטילע פּישטשען האָבן זיך באַלד געלאָזט הערן פונם פײַער אַרויס. מאָריס האָט געוואוסט, אַז דאָס זײַנען די קלײַנינקע פליגעלעך און אינזעקטן, וועלכע האָבן געהאַט זייער היים אין די צווײַגן און אינם האָלץ. דאָס פײַער האָט זיי געפּאַקט אין מיטן. און זיי האָבן זיך ניט געקענט אַרויסראַטעווען. זיי האָבן שוואַך, זיך-בעטנדיק געפּישטשעט.

— זאָלן זיי ברענען — האָט מאָריס פריידיק אַרומגעטאַנצט.— זאָלן זיי ברענען. וועמען אַרט עס? דאָס פעלד וועט שוין אינגיכן אָפּגעלײדיקט ווערן פון די צווײַגן און ווילד-גראָז. דער פאָטער וועט עס צעאַקערן, דערנאָך וועט מען עס באַשוטן מיטן דינעם, צוגעטריקנטן גנאָי, און אין אַ ווינטער אַרום וועט עפּעס אויסוואַקסן פון דעם... זאָלן זיי ברענען...

און אַז דאָס פײַער האָט זיך געשטאַרקט, האָט זיך מאָריס אין אַ טאַנץ געלאָזט גיין אַרום און אַרום דעם פײַער... מיטן קאָפּ איינגעשטרעקט פאָראויס און אַרונטער, ווי די אינדיאַנער, בשעת אַ קריגס-טאַנץ, האָט ער מאַרשירט אַרום דער ברענענדיקער קופּע, ווי אַרום אַ הייליקן פײַער, אין וועלכן עס זײַנען פאַרברענט גע-

וואָרן די קערפּערס פֿון שונאים .. ער האָט מאַרשירט מיט שטימען געזאַנג, און פֿרייד, און פֿײַערלעכקייט.

אַרום אָט דער צײַט איז שוין דער פֿאָטער אײַנטערגעקומען מיט קיידין און דיקן — די צוויי פֿערד, מיט וועלכע ער האָט געאַקערט — צום עק פֿעלד, וואו ער האָט זיך געדאַרפֿט פֿאַרקערעווען. ער האָט אָפּגעשטעלט די פֿערד, אַראָפּגענומען די ליולקע פֿון מויל, אָנגעשטאָפּט זי מיט „בול-דורהעם" און פֿאַררויכערט. זײַן רעכטן פֿוס האָט ער אָנגעשפּאַרט אויפֿן אַקעראײַזן-רוקן, און דעם עלנבויגן — אויפֿן פֿוס. ער האָט זיך אָפּגערוט.

ער האָט געקוקט אינעם מערב. דורכן רויך פֿון דער ליולקע האָט ער געזען, ווי די זון דערנענטערט זיך צום אונטערגאַנג. עס איז געוואָרן קילער אין פֿעלד. די פֿערד האָבן אָנגעהויבן אונטערציטערן. האָבן שווערלעך געטאָפּעט. די אויערן און די קעפּ זייערע זײַנען אַראָנטערגעהאַנגען. געווען מיד.

אַ קיל-ריטלעך ליכט האָט זיך אָנגעהויבן שפּרייטן איבערן לאַנד אַרום און אַרום.

און דאָ האָט ער אַ קוק געגעבן אויפֿן ייִנגל, זײַן זון, ווי ער האָט עס געטאַנצט אַרום פֿײַער, ווי אַ ווילדער געצן-דינער... און אים איז מיט אַמאָל אײַנגעפֿאַלן, אַז איצט זײַנען די לעצטע טעג פֿון עשרת ימי תשובה. און שאַ... מאָרגן איז דאָך ערב-יום-כיפור... אַ געפֿיל פֿון פֿרעמדקייט האָט אים מיט אַמאָל אַרומגענומען צום אַרומיקן פֿעלד.

דער האָזיקער גרינשטיין איז אין זײַנע יונגע יאָרן געווען אַ ייִדיש קינד, האָט ער נאָך געדענקט, אַז פּונקט אין דער צײַט זײַנען אין דער היים די בין-הזמנים געווען, אין אלול-צײַט, די צײַט, וואָס פֿאַר די ימים-נוראים, מיט אַ גאָטספֿאָרכטיקייט און אַן אײמעט... און דאָ גאָר הייבט זיך ערשט אָן אין אָט דער צײַט דאָס שול-יאָר, די ליכטיקע, לויטערע טעג פֿונם אינדיאַנער זומער און די פֿרייד, די פֿרייד פֿון די קינדער, פֿאַר וועמען די אַרבעט הייבט זיך ערשט אָן, און די פֿרייד פֿון די דערוואַקסענע, פֿאַר וועמען די שווערע זומערדיקע אַרבעט איז שוין איבער.

— און וואָס ווייס זיין קינד פון דעם, וואָס אַ ייִדיש קינד דאַרף וויסן? אַז מאָרגן איז ערב יום-כּיפּור... און וואָס וועט פון דעם קינד אויסוואַקסן? וועט דאָס פילן כאָטש אַ קליין ביסעלע פון דעם, וואָס אַ ייִדיש קינד האָט געוואוסט און געפילט אין אַזוינע טעג ערשט מיט איין דור צוריק? און איז זיין זון גאָר אַ ייִדיש קינד?

גרינשטיין האָט די דאָזיקע פראַגע שוין נישט איינמאָל זיך געשטעלט, און שוין פון לאַנג געוואוסט דעם ביטערן ענטפער אויף איר. געוואוסט האָט ער, אַז זיין קינד איז אים פרעמד און מיט זיין, גרינשטיינס, טויט וועט עפּעס אָפּשטאַרבן אויף אייביק אין דער וועלט.

ער האָט שטאַרקער געפּיפּקעט איצט זיין ליולקע.

ווייל אינם קילן כוף-טאָג האָט ער דערפילט אַ סקרוך איבערן לייב ביים געדאַנק, אַז דאָס קינד, וואָס איז אַן אַרויסקומעניש פון זיינע אייגענע לענדן, איז אים אַ פרעמדס... און אַז ער האָט זיך דערמאָנט, אַז אים איז שוין באַשערט אַזוי אָפּצולעבן זיינע יאָרן אויף דער פרעמדער ערד און אַרויסברענגען פון זיך אַ דור, וועלכער איז אים פרעמד, איז אים פון דעם נאָך קילער געוואָרן אינם אָוונט, און פאַרביסן האָט ער, מיט אַן עקשנותדיק-פאַרפאַלענעם מאַך מיט דער האַנט די אונטערשטע ליפּ, ווי ער וואָלט אין זיך אַ לעבן אויף אייביק איינגעשלאָסן.

און אַז ער האָט ווייטער דערזען, ווי זיין זון טאַנצט עס אַלײן אַרום דעם פייער, טאַנצט מיט אַ פרייד אַזאַ און מיט אַזאַ זיכערהייט ווי ער וואָלט אַרויסגעקומען פון אַ שטאַם, וועלכער לעבט שוין דאָ אין לאַנד פון דורות-לאַנג, און ווי ער וואָלט געווען שוין פון אייביק אָן אַ טייל פונם אַרומיקן, — האָט צו אים גרינשטיין דערפילט מיט אַמאָל אַ ניט-פאַרגינערישקייט, אַ ניט-פאַרגינערישקייט, וואָס האָט זיך כּמעט געגרעניצט מיט שנאה.

.II

די ביימער און די שטיינערנע פאַרקנס אַרום פעלד האָבן דערווייל אָנגעהויבן שפּרייטן שאָטנס צו מזרח-צו, צו דער בערגלדיקער געגנט איבער באַרג-שפּיע, וואָס אין מזרח-זייט, האָבן זיך אָנגעהויבן

לױכטן װײַסע הײזלעך אין דעם שקיעה־פֿלאַם. גרינשטײן האָט איבערגעשפּאַנט דאָס פֿערד פֿונם אַקער, אַריבערגעװאָרפֿן דאָס געשפּאַן איבערן פֿערדס רוקן, און זיך געלאָזט גײן צום טױער פֿונם פֿעלד. דאָס פֿעלד איז געװען אַרומגערינגלט מיט אַ הױכן שטײנערנעם פּאַרקן. מאָריס האָט אונטערגעטאַנצט הינטער אים. מיט די אױגן האָט ער אַרומגענישטערט צװישן די שטײנער, און געזוכט אַ שלאַנגען־נעסט. אין די הענט האָט ער געהאַלטן אַן אױטאָמאַטיש צװײַגל, װאָס ער פֿלעגט װאַרפֿן אױף אַ שלאַנגען־קאָפּ און עס גלײַך אָפּהאַקן.

אַז זײ זײַנען אַרױסגעגאַנגען פֿונם פֿעלד אױפֿן װעג אַהײם, האָבן זײ אַ קוק געגעבן אין מערבֿ־זײַט. אַ געשטאַלט האָט זיך איבערגעהױבן פֿון אױף יענער זײַט בערגל, פֿונם טאָל, װוּ דאָס הױז איז געשטאַנען. די געשטאַלט האָט זיך געשװאַרצט אַ װײַלע אױפֿן בלױען הימל, — װי אַ גרױסער בױם װאָלט זיך אױסגעריסעװעט אױפֿן בלױ.

אַ װײַלע איז די געשטאַלט אַזױ געשטאַנען קעגן הימל און געשװיגן. דערנאָך האָט זיך דער שװאַרצער בױם אָנגעהױבן באַװעגן און זיך דערנענטערן צו זײ. איצט האָט דער נידעריקער, ברײטער בױם שױן אָנגענומען מענטשלעכע פֿאָרמען? ער האָט געהאַט שױן אַ לאַנגע, װײַסע באָרד, װאָס איז געװען אינגאַנצן באַלױכטן פֿון שקיעה־גלאַנצן.

— דער טאַטע מוז אַװדאי גײן דאַװנען מנחה אין פֿעלד, — האָט זיך גרינשטײן אַ טראַכט געטאָן. אַזױ איז געװען די געװױנהײט פֿונם אַלטן אין אַזעלכע לױטערע פֿאַרנאַכטן.

און אַז זײ האָבן זיך אַלע דרײַ באַגעגנט, האָט זיך גרינשטײן אַ װײַלע אָפּגעשטעלט און אַרױפֿגעלײגט זײַן האַנט אױפֿן פֿערד.

— פֿאָרן מיר, הײסט עס, טאַטע, מאָרגן גאַנץ פֿרי קײן פּאָקיפּסי, איבער יום־כּיפּור.

דער אַלטער זעליק האָט אױף דעם גלײַך ניט געענטפֿערט. ער האָט פּאַמעלעך אומגעפֿירט זײַנע בליקן איבערן אַרומיקן לאַנד, און געטראַכט, עפּעס בײַ זיך געטראַכט... און אָט האָט ער אָנגעהאַנגען זײַנע בליקן אױפֿן אײניקל, און באַלד נאָכדעם — אױפֿן זון,

מיטן האָרעפּאַשנע-צעאַקערטן געזיכט און מיט די טונקעלע אויגן, די ליבע טונקעלע אויגן, פון וועלכע עס האָט אַן אומרויִקייט תּמיד אַרויסגעקוקט. עס איז אָבער געווען קענטיק, כאָטש ער האָט אויף זיי אַלעמענע ווײַלע געקוקט, אַז ער זעט זיי בײַדן נישט.

פּאַמעלעך, און מיט ישוב-הדעת האָט ער געשאָקלט מיטן קאָפּ אַהין און צוריק — ניין, מײַן זון, איך פאָר נישט מאָרגן מיט אײַך. איך וועל שוין בלײַבן דאָ אויף יום-כּיפּור.

און מיט עטלעכע שעה שפּעטער, אין שווײַגנדיקן אָוונט אויפן לאַנד, נאָך וועטשערע, זײַנען די דרײַ געזעסן אויף דער וועראַנדע. אַ טונקלקייט האָט געשפּראָצט פון די אַרומיקע בערגלעך און טאָלן. מען האָט שוין לאַנג געהאַט אויסגעמאָלקן די בהמות. פון דער גראָזיקער פינסטערניש, פון די פעלדער, וואו זיי האָבן זיך איצט געפּאַשעט, האָט זיך געלאָזט הערן דער מאָנאָטאָנער געקלאַנג פון זייערע גלעקלעך. דאָס דאָזיקע קלינגען האָט אַלע ווײַלע אויף אַ מינוט-צוויי איבערגעריסן דעם חלום פונם אָוונט. און ווידער איז דער אָוונט אַנטדרימלט געוואָרן.

אינם הויז, וואָס האָט מיט זײַנע פענסטער געלויכטן אין דער בערגיקער געגנט אַרײַן, — אַן אויג פון דער נאַכט, — איז די שנור געשטאַנען איבער עפּעס אַ מאַשינדל, און אָפּגעטיילט די סמעטענע פון דער מילך. דער זון האָט געפרעגט דעם אַלטן:

— פאַרוואָס, טאַטע, וועסטו נישט פאָרן אין שטאָט אַרײַן אויף יום-כּיפּור?

אַ שטיק צײַט האָבן זיי בײדע, פאָטער און זון, געשוויגן, אויפן פערמערישן אופן, וואָס האָבן נישט ליב צו פּלאַפּלען גלאַט אין דער וועלט אַרײַן, נאָר פּונקט ווי די ביימער און גראָזן אַרום זיי, לערנען זיי זיך אויס צו לעבן און צו וואַקסן שווײַגנדיקערהייט. זיי האָבן בײדע געפּיפּקעט די ליולקעס און געווען יעדער פאַרטראַכט אין זײַנע באַזונדערע רעיונות, וועלכע זײַנען אפשר געווען איינע און די זעלבע. אומפאַרשטענדלעך און מאָדנע האָט עס גרינשטיינען אויסגעקוקט דעם טאַטנס בלײַבן אין דער היים אין אַזאַ טאָג, ווי יום-כּפּור.

— איך בין שוין צו־אַלט, מיין זון, — האָט אים ר׳ זעליק געענטפערט מיט אַ פייערל־גלי פון זיין פּיפּקע פון דער נאַכט אַרויס. — שווער איז פאַר מיינע אַלטע ביינער די האָזיקע ריזע אין אַ וואָגן אינם משך פון גאַנצע פופצן מייל. גאָט וועט מיר שוין מוחל זיין. איך האָב אים דאָך אַזאַ לאַנגע צייט און אַזוי כשר געדינט מיט מיין גאַנצן האַרצן. נישקשה, ער וועט שוין פאַרשטיין מיין געמיט.

און נאָך אַ קורצער ווײַלע שווייגן, האָט ער צוגעגעבן אין דער שטיל:

— איבער דעם, וויל איך ניט איבערלאָזן די מאַמע אַליין אין אַזאַ טאָג.

און ביי די ווערטער זיינען ביידע ווידער אַנטשוויגן געוואָרן. די מאַמע, ר׳ זעליקס פרוי, איז געווען אַ לעבעדיקע טויטע, און וועגן איר האָט מען זעלטן גערעדט. אומהיימלעך האָט מען זיך שוין געפילט ביים בלויזן געדאַנק, אַז זי איז נאָך צווישן די לעבעדיקע. אין אַ ווינקל־מוח האָט מען די ערינערונג פון איר פאַרשטופּט, פונקט, ווי זי גופא איז געווען שוין אַ לאַנגע צייט פאַרשלאָסן אין אַ חדר פונם משוגעים־הויז, וואָס האָט זיך געפונען אויפן „שבים־בערגל״, עטלעכע מייל ווייט פון דאַנען, לינקס פונם הויפּט־וועג.

נאָך אינם מאַמעס ערשטן יאָר פון זייער קומען אַהער אין לאַנד, איז זי משוגע געוואָרן. געריהרט האָט זי זיך פון מוח נאָך דאָרט, אויף „יענער זייט״. נאָר אַפנים, אַז די שרעק און דער גרויל פונם אַרומיקן זיינען דאָרט אויפן פּלאַץ געווען צו־שטאַרק, מען זאָל זיי קאָנען אַקוראַט באַגרייפן. אָבער דאָ זיינען זיי פּאַמעלעך אין איר געוואַקסן און צייטיק געוואָרן, אַז די שרעק און גרויל, וואָס זי האָט איינגעזאַפּט אין זיך אין משך פון די לעצטע מלחמה־יאָרן אין אוקראַינע.

ערשט דאָ, אין דער רויקער, בערגיקער געגנט אין קינגס קאָונטי, ווען זי איז אין איינעם אַ טאָג אַזוי געגאַנגען איבערן זאַמדיקן וועג און האָט זיך געוואונדערט איבער דער שטילקייט און זוניקייט פון דער געגנט אַרום, און איבער דער אַרבעטס־זאַמער פרידלעכקייט פון די מענטשן אַרום, וועלכע האָבן

מיט ליכטיקייט אין די פּנימער געשמייכלט איר אַנטקעגן, און געדוכט האָט זיך איר דעמאָלט, ווי זי וואָלט פאַרבלאָנדזשעט געוואָרן אין גן־עדן התחתּון אַריין — ערשט דאָ האָט זי פּלוצלונג פאַר זיך איינמאָל דערזען:

איך אַ שפּין באַרג, אין דער שטאַרק־ליכטיקער זוניקייט, זיינען אין אַ ריי אויסגעשטעלט געווען אירע קינדער, די צוויי זין און די דריי טעכטער, וועלכע זיינען געשאָכטן געוואָרן אין דער צייט פון אַ פּאָגראָם. געהאַנגען זיינען זייערע יונגע קערפּערס אויף פינף תּליה־בוימער אַזעלכע, געהאַנגען און געפּילט קעגן דעם בלויען הימל, פון וועלכן אַ היציקע ליכטיקייט האָט געציטערט... און מאָרנע, אַפילו איצט זיינען איבער זייערע קלאָרע העלזער ריטשקעלעך בלוט גערונען פּונקט ווי אין „יענעם" טאָג.

און די קינדער זיינען געווען אירע קינדער.

האָבן זיך די אויגן אירע דעמאָלט שטאַרק צעעפנט, צעעפנט זיך איינמאָל פאַר אַלעמאָל, און מער האָבן זיי זיך שוין שוין נישט פאַרמאַכט. אויף איר גאַנץ לעבן איז זי שוין פאַרבליבן מיט אָפן־זעענדיקע אויגן, וואָס דאָס איז ניט גוט פאַר קיין שום מענטשן. האָט מען זי דעריבער געמוזט פאַרשפּאַרן אין אַ משוגעים־הויז.

איז געבליבן, אַז ר׳ זעליק וועט שוין מאָרגן ניט פאָרן. נאָר דאָ האָט זיך מאָרים צוגעשאַרט צו די צוויי און אַרויפגעלייגט די האַנט אויף דעם יונגערן גרינשטיינס קני:

— טאַטע, אָבער מיך וועסטו דאָך מיטנעמען?

און גרינשטיין האָט אויף אים אַ קוק געטון אין דער פינסטער, און אַ טראַכט געטון:

— צו וואָס? צו וואָס געהערט דער אַהין?

נאָר דער אַלטער זעליק, וועלכער האָט באַמערקט העריס — הערשלס — טונקעלן בליק, האָט אַ שלעפּ געטון דעם זון ביים אַרבל און אים אויפן אויער געזאָגט:

— וואָס אַרט דיך, קינד מיינס... די נעם אים מיט. זאָל ער איך עפּעס זען! בעסער אַזוי. זאָל ער דיר אינגאַנצן נישט פאַרפרעמדט ווערן...

און דער זון האָט ברוגזדיק־קאַלט מסכּים געווען. נאָר בלויז איבערהויפּט אַזוי, אינעווייניק אין זיך האָט אַלץ אָנגעהאַלטן עפּעס אַ מרידה... אַ מרידה קעגן עמעצן און אומבאַוואוסטן, וואָס איז שולדיק אין זיין שווערן גורל.

אין דעם יונגל, מאָריסן, האָבן זיך שוין דערנאָך אַ גאַנצע נאַכט געפּלאָנטערט אין קאָפּ אַלערליי וואונדערלעכע בילדער: די שיינע שטאָט פּאָקיפּסי, וואָס ליגט אויף אַ באַרג ביים ברעג האָדסאָן, און די הויכע אייזערנע בריק, וואָס הויערט איבערן הודזאָן־טייך, האָרט, איבער וועלכן זיי דאַרפן אַריבערפאָרן, און די ליכטיקע ווייס־געפאַרבטע דאַמפערס, וועלכע גליטשן זיך איבן וואַסער פון אָלבאַני קיין ניו־יאָרק און צוריק, — גליטשן זיך אַזוי יעדן טאָג הורכן גאַנצן זומער, איבער אַ שפּיגל־וואַסער, און וועלכן עס טונקען זיך די פעלזן־ברעגעס פונם הודזאָן אויף ביידע זייטן. די דאַמפערס גליטשן זיך שטיל אַזוי, פּונקט ווי זיי וואָלטן אַליין געווען ווייסע חלומות פונם טייך.

און אין דערפרי איז ער, מאָריס, איפגעשטאַנען אַ ליכטיקער און אַ פריידיקער, גרייט צו אַ גרויסן, פאָרשטייענדיקן יום־טוב, און האָט זיך אַרומגעוואַשן מיט קאַלטן וואַסער. און אַז ער האָט אַרויסגעקוקט הורך דער טיר, האָט ער דערזען, אַז די וועלט איז אַ נייע, אַ ליכטיקע אין חדיסן — אַז זי איז גוט, זייער גוט.

דערנאָך זיינען זיי עטלעכע שעה געפאָרן אין דער לייכטער, צווי־רעדערדיקער „באָגי", צווישן זון־באַגאָסענע פעלדער און אין רויט־גראָזיקע טאָלן, פאַרביי ווייסע פערם־הייזלעך און פעלדער, פאַרביי לאָנקעס, אויף וועלכע מען האָט שוין די לעצטע היי געקאָשעט, אָדער צוגעגרייט די ערד פאַרן זייען דעם ווינטער־ווייץ.

די בלעטער אויף די ביימער ביי די זייטן וועג און אין די וועלדלעך, הורך וועלכע מען איז דורכגעפאָרן, זיינען געווען איצט פון די פאַרשיידנסטע קאָלירן: רויט, און בלוי, און שאַרלעך, און פונם קאָליר פון בוריקעס.

און די אַרומיקע גוים האָבן זיך געוואונדערט. וואָס איז עס פאַר אַ יום־טוב אַזאַ ביי דעם יוד, וואָס ער האָט אַוועקגעלייגט די

אַרבעט אין אַזאַ „בוזי-צייט"*). נאָר איידער איז דאָך אַלע מאָל אַ מאָדנע באַשעפעניש אַזאַ... אַ סאָרט באַשעפעניש, וואָס פאַר דעם קאָן מען בלויז דרך-ארץ האָבן, אָדער שטאַרק האָבן פיינט, און ערשט קיינמאָל נישט וויסן, וואָס עס איז אַזוינס, האָבן זיי זיך אָפּגעקערט אין אַ זייט, אויסגעשפּיגן דעם קיי-טאַבאַק און ווייטער געאַרבעט.

און אַז הערי גרינשטיין מיט זיין זון, מאָריסן, האָבן זיך אַרום מיטאָג-צייט, סוף-כּל-סוף אַ ווינגעקראַפּקעט אויפן לעצטן באַרג, פון וואַנען עס האָט זיך שוין געזען די שטאָט פאָקיפּסי, מיט אירע פאַבריק-קוימענס און דעכער, וואָס האָבן געגלאַנצט אין דער זון, מיט דעם בלוי-גרינעם טייך אונטן ביים באַרג-זויס און די טונקל-פאַרדיכערטע צוגן, וואָס האָבן פריילעך אַרומגעשמייעט אויף ביידע זייטן ברעג, ווי לאַנגע, פול-גלידערדיקע חיות, — האָט מאָריסן אַרומגענומען אַזאַ פרייד, אַז ער האָט אַזש אָנגעהויבן צו שרייען און צו טאָפּטשען מיט די פיס אינם וועגעלע. האַ—אַ—אַ... אויפן באַרג-שפּיץ, צום טייך-צו, האָט זיך אויסגעשפּרייט אַ נייע וועלט, אַ יום-טובדיקע און אַ יונג-פריידיקע וועלט.

— טאַטע — האָט ער אויסגעשריען אין מיטן דערינען — זע!... זע!... זע!... סאַר אַ מאָדנע גאָלדענע פייגעלעך!

אויף די פאַרקאַנעס פון די ערשטע הייזער פון דער שטאָט האָבן געזעסן עטלעכע „גאָלדען פינטשעס", פייגעלעך, וואָס זיינען ווי פון גאָלד, בלויז מיט שוואַרצע שנעבעלעך און אַ שוואַרצן שפּיץ עקעלע. זיי האָבן אָנגעקוקט די וועלט פאַרווירט, — פאַרבלאָנדזשעטע און זעלטענע פייגעלעך.

און דאָס יונגל האָט געשריען אין גרויסער פרייד.

— זע, טאַטע, קוק נאָר אָן, סאַראַ זעלטענע גאָלדענע פייגעלעך! פייגעלעך פון גאָלד!

גרינשטיין אָבער האָט אויף דעם טאַנצנדיקן זון זיינעם אַ זייטיקן טרויעריקן קוק געטון און געפרעגט ביי זיך אין דער שטיל, אויב זיין זון דענקט ניט, אַז היינט איז אפשטמאָל שמחת-תורה, אַנשטאָט יום-כּיפּור.

---

*) סעזאָנצייט.

דער זון האָט אָבער גאָרנישט געדענקט. אים איז בלויז געווען פֿריידיק און זוניק, סתּם אַזוי פֿריידיק און זוניק.

## .III

לאָמיר דאָ איבערלאָזן דעם זון און דעם טאַטן אין דער קליינער שול פֿון קאָנגרעגיישאָן „תּפֿוצות ישׂראל", און זיך אומקערן צום זיידן.

אַ חלום פֿון ווייסע פֿעלדער האָט זיך דורכגעטראָגן אין דער קאַלט־ווערנדיקער לופֿט.

ביינאַכט, די ערשטע נעכט פֿונם חודש תּשרי, האָט מען אין די שטיבער, אונטער די אַריבערגעצויגענע קאָלדרעס, געציטערט, און אינם פֿרימאָרגן האָט מען מיטן בלויזן וואַרעמען מענטשלעכן אָטעם אין דער קיל פֿון די חדרים גרוילעכע פּאַרעס געלאָזט רעדלען זיך. און אַז די אײַנוואוינער פֿון דער בערגיקער געגנט זײַנען שפּעטער אַרויס אין דרויסן, פֿאַר דער טאָג־אַרבעט, האָט אַ באַהאָרטע ווייסקייט זיך געשפּרייט איבערן גראָז און איז אַזוי געלעגן ביז אַרום צען־עלף אַ זייגער פֿאַרמיטאָג.

אויף יענער זייט פֿון די ווייטלעכע קעטסקיל־בערג, ערגעץ אין די וועלדער פֿון קאַנאַדע, האָט דער שניי שוין געוואַרט אויף זיין טאָג, אַ ליכטיק־שמייכלענדיקער...

און אין דער פֿאַרגאַנגענער נאַכט, דער נאַכט פֿון יום־כּפּור, האָט דער אַלטער ר׳ זעליק אַ חלום געהאַט, — אַ חלום פֿון ווייסע פֿעלדער.

ער האָט געחלומט, ווי ער איז געגאַנגען אַזוי אַליין איבער־עפּעס אַ באַשנייטן פֿעלד. ער איז געגאַנגען און געגאַנגען, אַזוי זייער אַ לאַנגע צייט און האָט אַליין ניט געזען קיין סימן פֿון קיין בוים, אָדער אַ הויז, אָדער אַ מענטשן. ער איז געווען נאָר איינער אַליין איבערן שנייִקן פֿעלד. נאָר אויפֿן שניי זיצנדיק איז ער סוף־כּל־סוף מיד געוואָרן און האָט זיך אינגאַנצן אַנידערגעלייגט. און אַז ס׳איז אים שוין געווען אַזוי גוט, האָט ער גענומען אין זיך אײַס־

געציגן און אײַנגעשלאָפֿן, און דער שני האָט אים באַלד צוגעדעקט און אים איז געווען וואַרעם.

מיט חדשים און חדשים שפּעטער איז די זון אַרײַנגעגאַנגען, און עס איז געוואָרן פֿרילינג. און אַז די זון האָט שטאַרקער געוואַרעמט אַ טאָג נאָך טאָג, איז דער פּלאַץ, וווּ ער איז אײַנגעשלאָפֿן, ביסלעכווײַז אָפּגעדעקט געוואָרן פֿונעם שניי, נאָר ער איז שוין דאָרט נישט געווען, ר׳ זעליק. בלויז צייכנס פֿון אַ מענטשן האָבן זיך אײַנגעקריצט אין דער ערד, און דעם פּאַרוויאַנעטן לעצט־יאָריקן גראָז, — די סימנים פֿון עפּעס אַ פּאַר־מבֿולדיקן בוים — — —

דאָ האָט ער זיך אויפֿגעכאַפּט. ע׳שט עס איז געווען בלויז אַ חלום.

אָבער אַז ער איז אויפֿגעשטאַנען אינם סוף נאַכט, — ר׳ זעליק פֿלעגט שפּעט נישט קאָנען שלאָפֿן, — האָט אים גלייך אַ קלאַפּ געטאָן אין קאָפּ, אַז דאָס איז זײַן לעצטער טאָג הײַנט.

און ווײַבאַלד, אַז עס איז זײַן לעצטער טאָג, האָט ער קיין סך נישט געטראַכט נאָר גלייך אַרונטערגעגאַנגען פֿון בעט, זיך נישט אײַנגעוואַשן — עס איז דאָך געווען יום־כּיפּור — און אינם שײַן פֿונם לעמפּל, וואָס האָט אַ גאַנצע נאַכט געברענט, האָט ער אָנגעהויבן זאָגן, פּונקט ווי יעדן געווײנלעכן טאָג, דעם יום תּהילים, וואָס ער האָט געהאַלטן.

אַ שטיק צײַט האָט ער געזאָגט אַזוי געשמאַק. און אַז עס איז געקומען צום פּסוק: „אל ההרים אשא עיני, מאין יבוא עזרי“, — האָט ער הערן בלויז־וועדיקן פֿענצטער אַרויסגעקוקט אין דרויסן אַרויס, וווּ די פֿרימאָרגן־חעמערונג האָט שוין איצט גענדיקט. אין דער ווײַטקייט האָבן זיך שוין אָנגעהויבן אַרויסשיילן די פּאַנצפּלטע שפּיצן פֿון די קעטסקיל־בערג. אַ ווײַלע האָט ער געטראַכט אַזוי פֿאַר זיך אין דער שטיל, און דערנאָך געפֿרעגט בײַ זיך מיט אַ שטילן קול אַזאַ, אַ קול, וואָס איז גיכער געווען אַן אײַנגעווײניקסטער, ווי אַן אויסווייניקסטער:

— וואָס וועט זײַן מיט מײַן זון? און וואָס וועט זײַן מיט מײַן אייניקל?

נאָר אַזוי ווי קיין ענטפער האָט ער נישט באַקומען, האָט ער ווייטער געזאָגט תהילים.

אין דערפרי, אַז די זון איז אויפגעגאַנגען, און כאָטש דער האַריקער ווייסער שטויב איז פונם גראָז נישט אַנטרונען געוואָרן, איז האָך געוואָרן וואַרעמער, האָט זיך דער אַלטער ר' זעליג דערפילט שטאַרקער און געזינטער, און האָט גאָר פאַרגעסן אָן דעם חלום פון דער לעצטער נאַכט; פאַרקערט, ער האָט זיך נאָך אָנגעהויבן פילן גאָר פריידיק, ווייל ער האָט געטראַכט פון דעם באַזוך, וואָס ער וועט מאַכן זיין פרוי נאָך היינט בייטאָג.

און ביים האָזיקן געדאַנק האָט ער זיך אָנגעהויבן פילן זייער יום-טובדיק, און זיך אָנגעטון אין זיינע שענסטע און בעסטע בגדים, נישט קוקנדיק אויף דעם, וואָס עס איז געווען יום-כּיפּור היינט. ער האָט מער נישט געוואָלט טרייערן.

און מיט אַ זיכערן טריט און אַ יונגן גלאַנץ אין די אויגן איז ער אַרונטער די טרעפּ פונם הויז און זיך געלאָזט גיין צום הייפּט-שאָסיי, — דעם ברייטן אַספאַלט-וועג, וועלכער שניידט-דורך דאָס גאַנצע לאַנד פון מען ביז סאַן-פראַנציסקאָ.

אויפן האָזיקן הויפּט-שאָסיי, וועלכער איז געווען תמיד טונקל-בלישטשענדיק פון דעם בוימאייל, מיט וועלכן ער ווערט פון צייט צו צייט באַגאָסן, כּדי קיין שטויב זאָל זיך אויף אים נישט אויפהייבן, איז ער געגאַנגען שעהן און שעהן און האָט זיך אַליין געוואונדערט, פאַרוואָס ער פילט זיך גאָרנישט מיד. פיל זאַכן האָט ער אין דעם טאָג איבערגעטראַכט.

און געטראַכט האָט ער אויך וועגן זיין זון, וועגן הערין און דאָס גאַנץ גוט געפילט זיין ביטער האַרץ. און ער האָט אויך געטראַכט וועגן זיין אייניקל מאָריסן און וועגן זיך, איז אים הע-מאָלט באַפאַלן עפּעס אַ געמישט געפיל אַזאַ: אַ געפיל אי פון פרייד, אי פון שטילן טרויער.

און ער איז ווייטער געגאַנגען.

נאָך מיטאָג-צייט, ווען די זון האָט זיך געשטאַרקט און האָט זיך פון איר דרום-מזרחדיקן ווינקל ביז הויך אינם מיטן הימל אַרויפ-

געקאַראַפּקעט, איז ר׳ זעליק אָנגעקומען בײַ יענעם אָרט אויפן הויפּט־שאָסיי, וואו עס פאַרנעמט זיך דער וועג לינקס צום משוגעים־הויז.

דאָרט, אַהם און אַרום דער ציגל־געביידע, פונם משוגעים־הויז, האָט ער זיך אַ שטיק צייט אַזוי אַרומגעדרייט און אַלץ אַרויפגעקוקט צו די ליכטיק־בלאַנקענדיקע שויבן, וועלכע זיינען געווען אָפן אין דעם שטיל־האַרבסטיקן טאָג אַריין.

אויף יענער זייט פון איינעם פון די דאָזיקע פענצטער איז אויף אַ בעט אַוודאי איצט געלעגן זיין ווייב, ביי וועמען די אויגן האָבן זיך אַזוי פריידיק פונאַנדערגעעפנט פון דער רו און שיינקייט פונם אַרומיקן לאַנד, און איר איז אַזוי אומגלויבלעך־גוט געוואָרן, אַז זי האָט אין דער אומדערוואַרטער און צו גרויסער פרייד אַ בייזן חלום דערזען, פון וועלכן זי האָט די אויגן שוין מער נישט געקאָנט פאַרמאַכן. אָפן־דערשראָקענע און פאַרחלומט־ווייטזעענדיקע זיינען זיי ביי איר שוין געבליבן אַזוי אויף איר גאַנץ לעבן.

ר׳ זעליק האָט זיך איצט דאָ אַרומגעדרייט, ווי אַ פויגל קרייזט זיך אַהם און אַרום אַ שטייגל, וואו עס איז פאַרשפּאַרט די מוטער פון זיינע עופעלעך. און אָט דאָ, אַז די מיטאָג־זון איז אַלץ שטאַרקער געוואָרן, האָט זיך אים ווידער דערמאָנט דער חלום פון דער לעצטער נאַכט.

נאָר מאָרגנס — ער האָט גאָר קיין ווייטאָג און קיין טרויער נישט געפילט, ניט פון אָט דעם חלום און נישט פונם געדאַנק פון זיין זיך־דערנענטערדיקן טויט. ווייל ער איז שוין געווען זאַט אין יאָרן, און האָט ער נישט פאַרבראַכט זיין עלטער אַ באַרויקטער, אין אַ פריילעכן לאַנד, וואו מענטשן זיינען געבענטשט צו שטאַרבן מיט זייער אייגענעם טויט?

אַן אָפּשייד־בליק האָט ער בלויז אויפגעהאַנגען אויפן פענסטער פונם משוגעים־הויז, וואָס האָט מיט אַ גרוילעכער לופטיקייט אויפן טאָג אַרויסגעקוקט, אין דער שטיל־בלויער לופט האָבן נאָכאַנאַנד געטרעשטשעט און געקלונגען די „קריקעטס“*), וואָס דאָס איז געווען דער געזאַנג פונם לאַנד אַרום. און ר׳ זעליק האָט געבעטן

*) אַזאַ סאָרט אינזעקטן.

גאָט, ער זאָל מוחל זיין זיין פּדיון, פאַרוואָס זי איז נישט אינשטאַנד אָפּצוהיטן דעם הייליקן טאָג, ווי עס באַדאַרף צו זיין, און זאָל אויך מוחל זיין טאַקע אים גופא. ר׳ זעליק בר׳ משה׳ן, פאַרוואָס ער פילט זיך גאָרניט אַזוי טרויעריק און ציטערדיק־ערפורכטיק אין דעם דאָזיקן טאָג, ווי עס פּאַסט פאַר אַ יידן אין אַזאַ טאָג.

— כ׳האָב שוין גענוג, אָ, גאָט — האָט ער גערעדט — געטרויערט און געפּייניקט זיך אין מיין לעבן מיט מיין אייגענעם חילן, איבער די פיל פּייניקונגען, וואָס פרעמדע האָבן מיר פאַרשאַפט. און איצט איז אויפגעגאַנגען מיין טאָג, אַ ליכטיקער און אַ זוניקער, און איך וויל מיר מאַכן אַ יום־טוב. און עס איז שוין צייט, אַז דער נייער דור, וואָס קומט אַרויס פון מיינע און מיין גלייכנס לענדן, זאָלן אויך מאַכן אַ יום־טוב. און לאָמיר פאַרענדיקן אונזערע טעג אין פרייד און אין זוניקייט, ווייל מיר האָבן שוין צופיל געטרויערט.

אָט אַזוי האָט ער גערעדט. גערעדט צו דער זוניקער אַרומיקייט פון ליכטיקע פעלדער און זון־באַגאָסענע בערגלעך פון דער קינגס קאַונטי.

און ער איז אַרומגעגאַנגען אַזוי אַ גאַנצן זוניקן טאָג איבער די בערג און טאָלן פון דעם פרעמד־שטילן לאַנד און געוואָרפן זיינע בליקן איבער פעלד און וואַלד און אויף די איינציקע פערמער־הייזלעך, וואָס האָבן זיך דאָ און דאָרט געוויזן פונם גרינס אַרויס. עס האָט אויסגעזען, ווי ער וואָלט באַקוקט אַ לאַנד פאַר זיינע קינדער, אויף צו וואוינען, און ער האָט געזען, אַז עס איז גוט, דאָס לאַנד, עס איז גוט.

און אַז די זון איז קיילעכדיק און רויט געוואָרן, ווי אַ גרויסער גאָלדענער טאַז, — עס איז שוין געווען אַרום זעקס אַ זייגער פאַרנאַכט — האָט זיך אַן אָנגענעמע מידיקייט אים אָנגעהויבן שפּרייטן איבער אַלע איברים. עס איז שוין צייט געווען צו גיין אַהיים. אויפן וועג אַהיים איז ער אַריין אין אַ פּויערש הייזל און האָט געבעטן, מען זאָל אים געבן אַ גלאָז מילך, ווייל ער איז חלשטיק.

און די אומבאַקאַנטע גויע האָט דעם אַלטן ייד מיט דער לאַנגער גרויער באָרד באַגעגנט מיט אַ גאַסטפרײַנדלעכן שמייכל און פאַרשטאַנען די בקשה, וועלכע ר' זעליק האָט אין יידיש אַרויסגערעדט און אים געגעבן צו טרינקען.

— יעס, יעס, — האָט זי צו אים געשמייכלט — מילך, מילך.. קאַלט מילך.

און ר' זעליק האָט געדאַנקט דעם רבונו-של-עולם און די פרוי.

און ער האָט זיך מתיר געווען צו טרינקען אום יום-כפור, ווייל ער האָט שוין אין זיין לעבן גאָר אַ סך געהאַט געפאַסט, און אַלע זיינע זינד זיינען אים שוין זיכער אין פאָראויס פאַרגעבן געוואָרן.

ערשט מיטן פאַרנאַכט איז ער אָנגעקומען אַהיים.

מיט די ערשטע מוצאי-יום-כיפורדיקע שטערן איז ער אַרויס אויפן הויף און מחדש געווען די לבנה, דערנאָך האָט ער אויפגעזוכט אַ דרענגל און אים אָנגעהויבן אַריינקלאַפן אין דער ערד אַריין, אַן אָנהייב פון אַ סוכה. קלאַפנדיק אַזוי דאָס דרענגל האָט ער דערפילט, ווי אַ יונגקייט קוואַלט אים אויף אין זיין בלוט. די איינזאַמע קלעפ האָבן פריידיק אָפּגעהילכט אינם אָוונט און אינם לבנה-ליכט. עס איז געווען אַ קלאָר-פרעסטלדיקע נאַכט.

ווי ער איז געשטאַנען איינגעבויגן און האָט געקלאַפט מיט דער איבערגעקערטער זייט פון דער האַק אין דרענגל אַריין, האָט ער זיך מיישב געווען, אַז אפשר איז עס גאָר נישט נייטיק.. אפשר דאַרף מען שוין מער נישט קיין סוכות? — —

— געווען סוכות געבויט...

איז ער אַרויף צו זיך אין חדר, ער איז אַ ווײַלע געזעסן און געשוויגן, נאָך אינגיכן איז ער אויפגעשטאַנען פון אָרט, האָט אויפגעזוכט טינט און פעדער, און זיך געזעצט שרייבן. מאָרגע... איצט, פאַרן טויט, האָט זיך אין אים אויפגעוועקט אַ לײַדנשאַפט, פון וועלכער ער האָט געליטן בלויז אַ גאָר קורצע צייט, ווען ער

איז נאָך געווען זייער יונג, און האָט נאָך געשריבן שירים, וועלכע זיינען, אַגב, קיינמאָל נישט געדרוקט געוואָרן.

האָט ער זיך איצט אייך מיט אַמאָל צוגעכאַפּט, איז געזעסן אַזוי אַ שטיק צייט און געשריבן און זיך די איבערגעבליבענע שווערקייט פון האַרצן אַרונטערגעשריבן. — — —

און אַז די קינדער האָבן זיך פאַרזאַמט צו קומען פון שטאָט, איז ער דערנאָך הויך אַרונטערגעגאַנגען אויף דער וועראַנדע און אַ באַרויקטער זיך אַריינגעזעצט אין אַ שאָקל־שטול. דעמאָלט ערשט האָט די מידקייט זיך אין אים פאַרשטאַרקט, די מידקייט פון דעם טאָג און פון אַ סך אַנדערע טעג, און ער איז פּלוצלינג אַנידערגעזונקען אין זיין שטול, האָט אַרונטערגעלאָזן דעם אַלטן האַרן קאָפּ, וואָס אַפילו די הויט אויף זיין שאַרבן איז געווען צעקנייטשט, און איז גלייך איינגעשלאָפן. ער איז מער שוין ניט אויפגעשטאַנען.

און אַז העררי מיטן זון זיינען אין שפּעט־נאַכט געקומען אַהיים פון זייער יום־טובדיקער נסיעה, האָבן זיי געפונען ר׳ זעליקן שלאָפנדיק אין זיין שטול מיט זייער אַ שטילן און רויקן שלאָף, גאָרניט ווי דער שלאָף פון יונגעלייט.

האָבן זיי אים געפּרוווט אויפוועקן, ווייל עס איז שוין געווען שפּעט־נאַכט און די לופט איז געווען קאַלט, און עס איז געווען נישט גוט צו שלאָפן אין דרויסן נישט נאָר פאַר אַזאַ אַלטן מאַן, ווי ר׳ זעליק, נאָר אַפילו פאַר אַ ייִנגערן מענטשן. און אַז זיי האָבן אים ניט געקאָנט אויפוועקן, האָבן זיי געוואויסט, אַז ער איז טויט.

האָבן זיי אויסגעבראָכן אין אַ גרויס געוויין, ווי דער שטייגער איז אין אַזעלכע פאַלן. און האָבן אים אַרויסגעטראָגן אין זיין צימער אַריין און דער הויך אויפן צווייטן שטאָק און אים איבערגעשטרעקט אויפן בעט.

און מען האָט אָנגעצונדן דעם לאָמפּ, ווייל עס איז דאָ אַ דין, אַז אַ פייער דאַרף אַלעמאָל ברענען ביים גלעגער פון אַ טויטן. און דאָ, ביים שיין פון דער לאָמפּ, האָבן זיי דערזען אויפן טיש אַ שטיק פאַרשריבן פּאַפּיר, געשריבן אין ר׳ זעליקס דראָבנינקע אותיותלעך. העררי האָט גלייך דערקענט, אַז דאָס פּאַפּיר איז געשריבן

מיטן טאַטנס, מיט ר׳ זעליקס, באַקאַנטע האָפּנינקע אותיותלעך. ער האָט אַריינגעקוקט אין דעם און דערזען, אַז דאָס איז אַמין בריוו צו מאָריסן, נאָר אַזוי ווי מאָריס האָט דאָך ניט געקאָנט לייענען קיין יידיש, איז געשען אָט וואָס:

אין דער שפּעט־נאַכטיקער שעה איז הערדי גרינשטיין געזעסן אויף אַ שטול צווישן דעם בעט פונם טויטן און דעם יינגל מאָריס, וועלכער האָט פאַר אים צוגעהאַלטן די לאָמפּ. אינם געלבלעכן שיין פון דער לאָמפּ האָט גרינשטיין געלייענט דעם בריוו, וועלכן זיין פאָטער, ר׳ זעליק, האָט געשריבן צו זיין זון, צו מאָריסן. מיט אַ טרוקן, גלייך און ווייט קול האָט ער אים געלייענט, דעם בריוו, פונקט ווי גאָר אַ זייטיקער. פון צייט צו צייט בלויז האָט ער, לייענענדיק דעם בריוו, עפּעס אַזאַ ציטער געטאָן. נאָר דאָס איז אפשר געווען דערפאַר, וואָס די קעלט האָט זיך איצט זייער געשטאַרקט אין דרויסן.

און אָט זיינען די ווערטער פונם בריוו:

„מיין קינד,

אַ גאַנצן טאָג בין איך היינט אַרומגעגאַנגען איבער פעלד און וועג.

די זון האָט שטאַרק געשיינט. און מיין לעבן האָט אויפגעקוואָלן אין מיר. נאָר מאָדנע: איך האָב עפּעס די גאַנצע צייט געפילט, אַז דאָס איז שוין מיין לעצטער אויפציטער, — אַז דאָס איז מיין לעצטער טאָג.

יאָ. איך וועל דיר זאָגן אין קורצן און גלייך. מיט אַמאָל האָב איך דערפילט, אַז איך וועל שטאַרבן — שטאַרבן אין אַ פרעמדן לאַנד.

ווייסט... מעסערס פלעגן אַלעמאָל שניידן מיין האַרץ ביים ראָזיקן געדאַנק, ווייל וואָס איז דען דער ווייטאָג פון לעבן אין אַ פרעמדן לאַנד אין פאַרגלייך מיט דעם ווייטאָג פון שטאַרבן אין אַ פרעמדן לאַנד? אַפילו די לעצטע זוניקע טעג פון מיין לעבן, ווען

איך האָב געזען, ווי דו און דער טאַטע לעבן זיך אַזוי רויִק און וואָרצלען זיך אַזוי פעסט און צווייַגיק אין אַ נייעם לאַנד — אַפילו די דאָזיקע לעצטע זוניקע טעג מיינע פלעגן אויך איבער דעם פאַרטונקלט ווערן.

און אין די פינסטערע נעכט, אַליין מיט דער געדיכטער שוואַרצקייט, פלעג איך גאָט בעטן, ער זאָל עפּעס טאָן אַז מיינע ביינער אומקערן צו יענעם לאַנד, וואו איך, און מיינע עלטערן, מיינע עלטערנס עלטערן זיינען געבאָרן געוואָרן, און וואו אונזער לעבן איז שוין איצטער געקומען צו אַ סוף.

דאָס לאַנד, וואָס איז פאַרבליבן מיין לאַנד, נישט געקוקט אויף אַלע יסורים און פורעניות, וואָס איך און מיין משפחה זיינען דאָרט אויסגעשטאַנען — מיין לאַנד אויף אייביק און אייביק, ביז מיין לעצטן טאָג.

נאָר היינטיקן טאָג, גייענדיק אַזוי איבער זוניקע שטעג און וועג, איז מיר מיט אַמאָל עפּעס אַזוי ווי גרינגער געוואָרן.

עס איז געשען פּלוצלונג. איך קאָן דיר ניט דערקלערן ווי אַזוי. נאָר פּלוצלונג, אין איין ליכטיקער מינוט פון אַנטפּלעקונג, האָב איך געזען, אַז דאָס לאַנד, וואו איך און מיין זון, דיין פאָטער, וואוינען, איז דיין לאַנד, — וועט נאָך מער ווערן דיין לאַנד.

איך ווייס מיין קינד, אַז דו וואַקסט מיר אויס אַ פרעמדער, און אַז מיין שפּראַך איז ניט דיין שפּראַך, און אַז מיינע מנהגים זיינען ניט דיינע מנהגים, און אַז מיין אופן לעבן איז ניט דיין אופן לעבן. אָ, איך ווייס שוין מיין גורל. איך וועל דיר פאַרבלייבן פרעמד; אין בעסטן פאַל — עפּעס אַ מאָדנער, אַן אָרעמער, אַ ווייטער קרוב אַזאַ.

דיין פאָטער ווייס עס אויך, דעריבער איז זיין האַרץ אַזוי בלוטיק און פאַרוואונדעט, און זיינע אויגן זיינען תמיד פאַרטונקלט, — אַ שנאה פילט ער עפּעס צו דיין פרייד קייט.

איז פאַרדענק אים ניט דערפאַר, מיין קינד. דאָס נעמט זיך דערפון, ווייל ער ווייס, אַז ער איז דער לעצטער פון זיין דור. ער איז אַן עקר און, ווי אַ דאָרן אין דער ווידסטעניש, וועלכער ווערט

פאַרוויאַנגעט אָן אַ בלאַט און אָן אַ פרי. ער ווייסט, אַז זיין לעבן דאָ ווערט איבערגעהאַקט אויף אייביק.

און איך — איך ווייס עס דאָך אויך... און דאָך — איך שטאַרב שוין איצט אַ באַרויקטער, מיט אַ שטילן האַרץ און אַ קלאָרן קאָפּ. און וואָס איז, אַז דו וועסט מיר אַ פרעמדער בלייבן? און וואָס איז, האָב איך מיר היינט געטראַכט, אַז דו וועסט מיין שפּראַך קיינמאָל ניט וויסן? און וואָס איז, אַז מיין גאַנצער אַמאָליקער לעבן און דאָס לעבן פון מיינס גלייכן וועט דיר תמיד אויסקוקן, ווי דאָס לעבן פון עפּעס אַ ווייטן, ווילדן שבט? אָבער אַ לאַנד וועסטו דאָך האָבן, וואו דו וועסט קאָנען אַרבעטן און לעבן רויק. און פאַר דיין פרוי וועט די פרייד זיין אַ נאַטירלעכע און אַ געוויינלעכע זאַך, און די וועט פון דעם ניט משוגע ווערן. און דיינע זין און טעכטער וועלן זיך אין אַ זוניקן טאָג ניט שוואַרצן אינם זומערפּלוי אויף ערגעץ אַ קברים-באַרג, מיט ריטשקעלעך בלוט, וואָס טריפן אַרונטער פון זייערע העלזער.

אָ, שוין דאָס אַליין איז גענוג... אַ דאַנק דיר, גאָט... האָב איך, ניט דערלעבט אַ גליקלעכע עלטער? כ'האָב דערלעבט דו.

מיין קינד,

איך זע איבער די אַקסלען פון מיין זון, דיין טאַטן.

איך ווייס, אַז דו וואַקסט מיר אויס אַן אַנדערער און אַ פרעמדער, און וועסט זיך אויסמישן מיט די אַרומיקע.

נאָר האָב איך דען אַ האַרץ צו פאַרלאַנגען, אַז דו זאָלסט בלייבן דער זעלבער, וואָס איך, און פילן אויף זיך די פייניקונגען און שנאה פון דער גאָרער וועלט?

זאָל שוין זיין גענוג! לאָמיר זיך פרייען מיט דער פאַרלענגערונג פון אונזער לעבן, וואָס מיר קריגן, און לאָמיר מאַכן אַ יום-טוב אַ גרויסן אין אונזערע לעצטע טעג.

איך האָב געשריבן און געשריבן. אפשר וועסטו עטוואָס פאַרשטיין פון דעם...

און איצט איז מיר שוין גוט. דאָ שטאַרב איך אין דאָ דריבסטו

אָן לעבן. יאָ, אין דיר, הורדך דיין וויאַנעדיקן פאָטער, בין איך ענדלעך אָנגעקומען צו אַ ברעג.

און איצט שטאַרב איך מיר רויק — אין פרעמדן לאַנד, ווייל — דאָ איז דאָך פאָרט וואַרעמער... דאָ וועל איך דאָך פאָרט זיין באַגראָבן — אויף דיין לאַנד.

דיינע אייניקלעך וועלן מיר דאָך מיט יאָרן שפּעטער נישט אויסגראָבן פון קבר און וואַרפן פאַר די הינט, מיין קינד?...

נאָר אַ — — — אַז איך בין שוין מיד טראַכטנדיק... זינדי־קער, וואָס איך בין... היינט איז מיר דאָך גוט — איך שטאַרב — און איך וועל איבשטיין אין דיר און דיין לאַנד..."

.1919

---

# משהל

## א. חלום־ייִנגל

געווען איז משהל אַ ייִנגל אַ פֿאַרחלומטער, אַ פֿאַרטראַכטער.

ער האָט ניט ליב געהאַט צו שפּילן זיך מיט חברים. די שפּילן, וואָס זײַנע חברים האָבן געשפּילט, האָבן אים שוין לאַנג דערעסן. ער האָט ניט ליב געהאַט מער ניט קיין פּאַלאַנטעס, ניט קיין באַל־שפּיל „אין קלאַסן", ניט קיין באַהעלטעניש, ניט קיין „קאַמער־קאַמער־הויז, קום צו מיר אין הויז", ניט קיין מלחמות צווישן צוויי מחנות ייִנגלעך און ניט קיין גיין איבן בית־עולם גנבענען אײַעלעך פֿון די נעסטן בײַ די בושלעם.

ער האָט בלויז ליב געהאַט גיין כאַפּן פֿיש.

צובינדן אַן אויסגעבויגן שטיקל דראָט צו אַ לאַנגן, אין־דרייען געפֿלאָכטענעם פֿאָדים, וועלכן ער פֿלעגט אַליין אַזוי קונציק אויספֿלעכטן, נעמען אַ שאַכטעלע מיט פֿליגן געכאַפּטע און דורכגעשטאָכענע מיט אַ שפּילקע; אַוועקגיין צום ברעג טײַך, זיך אַנידערזעצן אויף אַ שטיין און וואַרטן ביז אַ פֿישעלע וועט קומען, אַ הונגעריק פֿישל, וואָס וועט נעמען עסן וואַרעמס, — אַ דורכגעשטאָכענע פֿליג.

אָבער קיין הונגעריק פֿישל פֿלעגט זיך ניט אײַלן אַזוי צוצוקומען צו דעם שטיין בײַם ברעג טײַך, אויף וועלכן משהל איז געזעסן, — אַ שטיין, וועלכער איז געווען פֿון אויבן באַדעקט מיט ווײַסלעכע לישייעס.

די פֿישלעך זײַנען געווען קלוגע אין אָט יענעם טײַך: זיי האָבן שוין פֿון לאַנג אויפֿגעהערט צו עסן פֿליגן אויף וואַרעמס.

— אויף פֿליגן, — האָבן זיי זיך געזאָגט, — עס קומט דערפֿון קיין גוטס ניט אַרויס.

אָבער משהלען האָט דאָס ניט געאַרט. ער פלעגט קאָנען אָפּזיצן אַזוי אויפן שטיין שעהן נאָכאַנאַנד און ניט באַמערקן אַפילו אַז עס כאַפּט זיך ניט קיין פיש. ער פלעגט זיין גאָר בשעת מעשה פאַרטיפט אין אַלערליי טראַכטונגען, אין מאָדנע אַזעלכע אומקלאָרע פאַרשטעלונגען.

דער טייך דאָ איז געווען ניט טיף. די זון־שטראַלן פלעגן זיך אָפּשלאָגן אָן דעם זאַמדיקן דעק פון דעם טייך, צוריקשפּיזן זיך הירכן וואַסער און אַרומטאַנצן אין גאָלדענע העזעלעך איבערן שטיין, איף וועלכן משהל איז געזעסן. און משהל פרווט כאַפּן די העזעלעך, יאָגט זיך נאָך זיי.

דער ברעג טייך און אַ היפּשער טייל פון דעם טייך גופא זיינען געווען געדיכט באַוואַקסן מיט וואַסער־גראָז און וואַסער־בלומען, מיט לאָזעס און אַיר. און אין דער ווייט, אין מיטן טייך, האָט זיך געגעלט אין דער זון אַ גרויסער זאַמדיקער „פּערעמעל“, ווי דער ריקן פון אַ ריזיקן פיש, — פון אַ וואַלפיש, וועגן וועלכן משהל האָט שוין געהאַט געלייענט אין די מעשיות פון לעבער־ים און אין די מעשיות פון צענטוריע־ווענטוריע, — וואָס איז אַרויסגעשוואומען פון וואַסער־טיף און וואַרעמט זיך אין דער ביטאָגיקער זון.

פאַרביי דעם „פּערעמעל“ האָט זיך איצט פיל און פאַרשלאָפן געצויגן אַ לאַנגע קייט פליטן. איף די פליטן זיינען געווען הייזלעך, אמתע הייזלעך, מיט פענסטער און מיט טירן, און פון זיי איז געגאַנגען אַ רויך. עס האָט ממש פאַרכאַפּט דעם אָטעם אָנצוקוקן די הייזלעך, וואָס זיינען געשוואומען איבער וואַסער. אַך, שווימענדיקע הייזלעך...

און אין די האָזיקע שווימענדיקע הייזלעך האָבן געוואוינט מענטשן. אַפילו קינדער פלעגן האָרט אַרומטאַנצן איבער די קלעצער, איבערהיפּן קינציק אַזוי די וואַסער־פּאַסן און וואַסער־לעכער און וואַסער־צינגלעך, וואָס צווישן איין קלאָץ אין דעם אַנדערן, און שפּרינגען און לאַכן. פונדעסטוועגן פלעגן זייערע קולות אָפּקלינגען מאָדנע אַזוי, זוניק און פאַרחלומט, פלעגן אָפּקלינגען איבער וואַסער און איבערן ליידיקן דרימלענדיקן, זוניקן „פּערעמעל“, ווי קולות ניט־היגע, ווי קולות פון קינדער אין אַ מעשה־לאַנד.

אין די שווימענדיקע הײַזלעך אויף די פּליטן האָט מען געקאָכט איצט וואַרמעס. גלײַכע רייען רויך, ווי שלאַנקע לאָפּטיקעס־פּלימער, זײַנען אויפֿגעגאַנגען קעגן אַ ריין־בלויען, אויסגעשייערטן און איידעלען הימל.

אַז די פּליטן פֿלעגן ביסלעכווייז אָנהייבן פֿאַרשווינדן, פֿלעגט זיך ערשט דעמאָלט אָנהייבן באַווײַזן און ציען דער צווייטער ברעג־טײַך.

אויף יענעם ברעג האָט זיך געריכערט אין דער זון אַ וואַלד פֿון בערעזעס, האָט זיך געריכערט אין דער הייך בײַ די קרוינען און געזילבערט זיך אונטן בײַ זײַנע יונגע שטאַמען. דאָס האָזיקע זילבערנע וועלדל אויף יענער זײַט טײַך, האָט גאַנצענע טעג גאָרניט געטאָן, נאָר נאָכאַנאַנד געקוקט, טאָג און נאַכט געקוקט אויף אַ צווייטן וועלדל פֿון בעריאָזעס, וואָס האָט זיך איבערגעקערט, געשפּיגלט אינם טײַך אים צופֿוסנס.

— אַך, ווען משהל וואָלט...

ווען משהל וואָלט געהאַט אַ שיפֿל, וואָלט ער גענומען און אײַנגעפּאַקט זײַנע זאַכן — זײַן אײַנפֿאַכע היימיש־געמאַכטע „וואַדקע“ און זײַנע ביכער — און וואָלט איבערגעפֿאָרן צו יענעם „פֿערעמעל“.

ער וואָלט זיך אַהין אַריבערגעקליבן און זיך דאָרט באַזעצט גאָר אינגאַנצן, — אַרומגעגאַנגען איינער אַליין אויפֿן לײדיקן און זאַמדיקן אינזל. וואָלט ער געוואָרן הונגעריק און ניט געקאָנט כאַפּן קיין פֿיש, וואָלט ער אָפּגעזוכט אַ גראָז, אַ בלאַט, אַ קרײַטעכץ, צי אַ פֿרוכט צום עסן; וואָלט געפֿינען אַ שטיין, וואָס זאָל אים באַשיצן בײַנאַכט, בשעת ער'ט זיך לייגן שלאָפֿן; אַ קוואַל אונטערן שטיין פֿון וואַנען צו טרינקען, ווען עס וועט אים דורשטן און אין וועמענס קאַלטן וואַסער זיך אײַנוואַשן, ווען ער וועט אינם פֿרייען באַגינען אויפֿשטיין. דורך לאַנגע זוניקע טעג וואָלט ער אַרומגעגאַנגען איבערן זאַמדיק־גאָלדענעם „פֿערעמעל“ פּונקט, ווי דאָס האָבן געטאָן ראָבינסאָן קרוזאָ מיט פֿרײַטאָגן, וועגן וועמען משהל האָט שוין געלייענט אין איינעם אַ וואונדערלעכן בוך. ער האָט אַפֿילו ניט געטראַכט דערפֿון, אַז אָט דער „אינזל“ אויפֿן טײַך איז בלויז

אַ „פּערעמעל" — אַ קליינע ווײַסטעניש פֿון בלויז זאַמד און זאַמד און קליינע טײַך־מישלען.

אַך, ווען משהל וואָלט...

ווען משהל וואָלט ניט מורא געהאַט פֿאַר דער מאַמען, וואָלט ער זיך באַדאַי געלאָזט שווימען אָט צו יענעם פּליט, וואָס פֿאַרשווינדט שוין באַלד פֿון אויג; וואָלט זיך אָנגעכאַפּט אָן אַ קלאָץ, אַפֿילו אָן איינער פֿון די זיך־שײַלנדיקע הילצערנע שטריק, מיט וועלכע די קלעצער זײַנען איבערגעבונדן; זיך אַרויפֿגעקראַפּקעט אַ דורכגענעצטער אויפֿן פּליט און וואָלט זיך שוין דאָרט אײַנגעבעטן בײַם׳ הייכן גוי, וואָס שטייט בײַם רודער, ער זאָל אים, משהלען, לאָזן מיטשווימען מיט זיי, אַהין וואוהין זיי פֿאָרן. אים אַרט ניט־וואוהין. משהל קאָן דאָך דערפֿאַר כאָטש שיילן זיי קאַרטאָפֿל, ניין?

— אַך, ווען משהל וואָלט...

ווען משהל וואָלט געהאַט כאָטש יענעם שיפֿל, וואָלט ער דאָך געקאָנט זיך אַריבערודערן צום צווייטן ברעג, צובינדן דעם שיפֿל צו אַן אומגעוואָרפֿענעם בוים און זיך לאָזן גיין אינם זילבערנעם וועלדל אַרײַן. דאָרט איז אַזוי ליכטיק און אַזוי זילבערדיק — פֿון דאַנען זעט אים גאָר ווי אַ וואַלד, אין וועלכן עס זיצן תמיד קאַליקעס און קלוגע, רײַדנדיקע פֿייגלען — משהל האָט שוין וועגן דעם אײַך געלייענט — קאַליקעס און פֿייגלען, וועלכע טוען נאָר אין דערציילן זיך וואונדערלעכע זילבערנע מעשׂיות.

משהל וואָלט דאָרט מיט אַ פֿאַרהאַלטענעם אָטעם זיך באַהאַלטן אונטער אַ בוים און זיך צוגעהערט צו די האָזיקע וואונדער־מעשׂיות, צו די מינדסטע שאָרכן אין וואַלד. אָט פֿליט פֿאַרבײַ אַ בישעל און טראָגט אַ פֿראָש אין זײַן שנאָבל, ער פֿליט אַרויף צו זײַן נעסט, דערלאַנגט דעם פֿראָש זײַנע קינדערלעך, פֿאַרוואַרפֿט דעם לאַנגן שנאָבל אויף צוריק, און קנאַק־קנאַק־קנאַק, — צום שרעק פֿון גאָר די פֿרעש אין גאַנצן וואַלד.

און אָט שפּרינגט אָן אַ גרויע וועווערקע, אַן איבערגעשראָקענע פֿון גאָרניט, אַ זיך־צאַפּלענדיקע חיהלע, זי פֿליט פֿון צווײַג צו צווײַג פֿון בוים צו בוים, קוקט זיך אַלע ווײַלע אום אויף צוריק, ווי אַ געיאָגטע. זי כאַפּט זיך אָבער באַלד, אַז קיינער יאָגט זיך גאָרניט

נאָך נאָך איר, — בלײַבט זי שטײן אױף אַ צװײַג מיט פאַרװאונ־דערטע, דערשטױנטע אײגעלעך, פאַרװאַרפט דעם פעלציקן עק אױף איבן רוקן, װי אַ פראַגע־צײכן:

— איז איב אַזױ... איז װאָס־זשע בין איך, נאַרעלע, אַזױ געלאָפן?

און אָט הערט זיך אַ פאַלן פון אַ בלאַט, אַ טרישטשען פון אַ צװײַג, װי אַן אומבאַקאַנטע חיה װאָלט פאַרדיכטיק זיך געגנבעט צװישן די בײמער. אפשר איז עס אַ האָז, אָדער גאָר אַ הירש?

— אַך, װען משהל װאָלט...

— װען משהל װאָלט כאָטש געקאָנט פאַרבלײַבן זיצן דאָ אױפן שטײן און כאַפן פיש, אױב ער האָט שױן ניט קײן שיפל און אױב ער האָט שױן מורא זיך לאָזן שװימען אָט צו יענעם װײַטן פליט. דער פליט איז איצט שױן פי װי װײַט אײַסן אױ. און דאָ אױפן שטײן, װעלכער איז װאַרעם־אָנגעגליט הורך דער זון, איז גוט אַזױ צו זיצן, צו האַלטן דעם געפלאָכטענעם פאָדים — די „װאונדקע" — אײַנ װאַסער, און טראַכטן אַלערלײ טראַכטונגען.

נאָר האָס קאָן משהל זיך פאַרגינען בלױז בין־הזמנים־צײַט, אָדער אפשר אַמאָל אין אַ פרײַטאָג־נאָכמיטאָג. טאַקע בלױז אַמאָל, װײַל די מאַמע, אַז זי דערזעט אים זיך אַרײַנגנבענען פון הײז אַ באָרװעסער, מיט פאַרקאַטשעטע הױזן, מיט אַ פאַרפלאַמטן פנימל. מיט די הענט פאַרשטופט אין די קעשענעס, — װײס זי שױן װאוהין ער גײט.

— זאָלסט זיך מיר ניט דערװעגן גײן צום װאַסער, משהל... הערסט? װײ איז מיר... דער טײַך האָט דאָך נאָך ניט אײַנגעשלונגען אַלע זײַנע דרײַ קרבנות הײַנטיקן זומער! און ער קריכט אַהין...

איז װאָס־זשע זאָל משהל טאָן? אַ מאַמען מוז מען פאָלגן. פאַרבלײַבט ער אין הױז. נעמט ער אַרױס פון אַלמער אַ בוך און פאַרטיפט זיך אין לײענען. דאָס שטערט אים קײנער ניט.

אַז ער לײענט ביכער, פילט ער, אַז ער װײס פון זאַכן, פון װעלכע די אַנדערע ייִנגלעך װײסן ניט. ער נעמט אַרױס אַ גרױסן שװערן געבונדענעם יאָר־גאַנג פון אַ קינדער־זשורנאַל, פאַרקלײַבט

זיך אונטער אַ בוים, אונטער אַ געדיכטן שטרויך אויפן שטיק באַרג, וואָס געפינט זיך אַיינגעצוימט אין זייער הויף.

אָדער ער קריכט אַהיף מַמש אויף משקולת, אויף די רעשטאָוואַניעס פון אַ שכנהשן הויז, וועלכן מען האַלט ערשט אין בויען. שבת און יום־טוב איז דאָך קיינער ניטאָ. די בויערס אַרבעטן ניט אין אַזעלכע טעג. איז ער דאָרט איינער אַליין.

פונם פרישן האָלץ שמעקן וואַלד־זאַפטן, זאַפטן פון צעלאָזענער קאַליפאָניע אין דער זון. אינם ליידיקן פוסטן בנין טראָגן זיך איצט אַרום קולות. שיטלעך קולות פון אומגעזעענע באַשעפענישן, וואָס טאַנצן אַרום אינם ליידיקן בנין איבער משהלס קאָפּ, שפרינגען אַרום, שפּילן, קיצלען זיך איינס דאָס אַנדערע און לאַכן שטיל, — ווינקען זיך איבער איינער מיט דעם אַנדערן מכּוח משהלען דעם נאַר.

אַז מיט קינדער שפּילט זיך משהל אַזוי ווייניק. איסער מיט אין מיידעלע, זיינס אַ שוועסטערקינד.

נו, און אָט קומען אָן די ווינטער־אָוונטן. אין די גאַסן איז תמיד, תמיד אַ גרויסע בלאָטע. עפּעס זעט מען גאָר קיינמאָל ניט אין זייער שטאָט קיין שניי. אַ שניי זעט מען בלויז אין דער לופט, צווישן הימל און ערד, ווי אַ חלום. אָבער ווי נאָר ער פאַלט אַרונטער, דער שניי, אַזוי מישט ער זיך גלייך אוים מיט דער בלאָטע, וואָס ליגט דאָ אַ גאַנצן ווינטער אויף די גאַסן, און ווערט ניט.

די בלאָטע איז שטאַרק געדיכט. ערטערווייז איז זי אַזוי טיף, אַז מען דאַרף זיך היטן ניט אַריינפאַלן אַהין: זי איז אַזש אַריבער די שיך.

אַ גאַנצן טאָג זיצט מען דעמאָלט אין דעם טונקעלן חדר. פון די פענסטער זעט מען בלויז אַרוים אַ ווינטערדיקע גרויקייט, אַ שאַרע און אַ קאַלאַמוטנע. און ביינאַכט זיצן אַלע קינדער אַרומגערינגלט אַרום דעם לאַנגן טיש. עס ברענט אויף אים אַ אומעטיקנאָגנדיק אַ קעראָסין־לאָמפּ. עס דוכט זיך: דעם לאָמפּ אַליין איז אַזוי אומעטיק, וואָס מען האַלט די קינדער אַזוי שפּעט אין אָוונט פאַרשפּאַרט אין חדר.

אַז מען קערט זיך אום שפּעט אַהיים איז שוין גאָר פֿינצטער אין די גאַסן. מען טראָגט פּאַפּירענע לאַמטערנעס, וועמעס ווענט זיינען אײַנגעשמירט מיט פֿעטס, כּדי די חלבֿנע ליכטלעך זאָלן זיך בעסער אַרויסלײַכטן, אָבער עס העלפֿט ניט.

אין גאַס איז שטאָק פֿינצטער. די קינדערשע פֿיס שלאָמען אין בלאָטע, כליפּען זיך און שלאָמען. די קראָמען זיינען שוין אַלע פֿאַרמאַכט. כּמעט אַלע. די פֿענצטער פֿון די הייזער זיינען שוין לאַנג פֿאַרהאַקט מיט לאָדנס, קוים וואָס קינדער פֿאַרשלעפּן זיך אַהיים, אין גרויס שרעק.

אָבער דערפֿאַר איז אין דער היים וואַרעם און ליכטיק. קינדער עסן אָפּ אויף דער גיך די וועטשערע. מען זעצט זיך אַנידער לעבן דער היים־אָנגעהייצטער הרובע און מען לייענט און מען לייענט ביז שפּעט אין דער נאַכט.

דער טאַטע שלאָפֿט שוין לאַנג. און דער מאַמען אַרט ניט, וואָס משהל זיצט שפּעט. זי זיצט אַליין אויך שפּעט, זי שטריקט אַ זאָק, נייט אַ וואַטאָווקע, אָדער שטאָפּט אָן אַ נייעם קישן פֿון די פֿעדערן, וואָס האָבן זיך בײַ איר אָנגעקליבן אין משך פֿון אַ היפּשער צייט, פֿון די אָפּגעפּליקטע גענז און קאַטשקעס. איר איז פֿריילעכער, וואָס נאָך איינער זיצט מיט איר אין דער שפּעטער נאַכט, כאָטש משהל רעדט צו איר דעמאָלט קיין וואָרט ניט.

ער איז איצט פֿאַרטיפֿט, משהל. ער לייענט מאָדנע אַזעלכע מעשׂיות — מעשׂיות פֿון קוילן־גרעבער, וועלכע גראָבן אויס טיף אונטער דער ערד שוואַרצע דימענטן; דערציילונגען פֿון געוואַגטע מענטשן, וועלכע האָבן זיך אַוועקגעלאָזט אויף אַ רייזע צווישן ווייטע און ווילדע אַפֿריקאַנישע שבֿטים; מעשׂיות פֿון בוסתּנאַי, פֿונם פֿאַלשן משיח דוד אלראי, און נאָך, און נאָך.

נאָר צײַטן ציט משהלען גאָר צו אַן אַנדער סאָרט מעשׂה־ביכלעך. אָבער אָט יענע מעשׂה־ביכלעך לאָזט אים דער טאַטע ניט לייענען. בלויז אין אַ שבת־נאָכמיטאָג, אַז דער טאַטע שלאָפֿט אײַן, כאַפּט זיך משהל צו צו זיי און פֿאַרטיפֿט זיך שעהן און שעהן אין די האָזיקע ביכלעך, וואָס דער טאַטע אַליין לייענט זיי שבת נאָך וואַרעמס, ביז ער שלאָפֿט אײַן.

מאָדנע אַזעלכע מעשׂיות אין קליינע דאַרע ביכלעך, אָן טאָוו־לען, מיט אָפּגעריבענע ברעגן און פּאַרוויקלטע ווינקלען פון אַסך ליינען. אַסך מענטשן האָבן זיי שוין, קאָנטיק, אָט די דאָזיקע מעשׂיות געליינט. דער טאַטע נעמט זיי איף פּראָקאַט, — אַ קאָפּיקע אַ שטיק — ביי אַ פּאַקנטרעגער. און די דאָזיקע מעשׂיות האָבן אַזעלכע וואונדערלעכע נעמען, וואָס אַז מען ליינט זיי איבער אַליין, די דאָזיקע נעמען, ווערט שוין אַזוי וואונדערלעך איף דער נשמה.

— מעשׂה משני קצבים... מעשׂה מג' אחים... מעשׂה פון צענטוריע און ווענטוריע... מעשׂיות פון רייזנדע, וועלכע זיינען געבליבן שטעקן אינם לעבערנעם ים... אַ מעשׂה פון איינעם אַ מענטש, וועלכער האָט שיר ניט איבערגעגעבן די פּאָקרישקע, וואָס דעקט צו דעם מוראדיקן צפון־ווינט און האָט אים שיר ניט אַרויסגעלאָזט — ער, דער דאָזיקער מוראדיקער ווינט, וואָלט נאָך איבערגעקערט די גאַנצע וועלט...

משהל ליינט אַזוי לאַנג, ביז דער קורצער ווינטערדקער שבת־נאָכמיטאָג ווערט ניט. עס ווערט האַלב־פינסטער. קיין לאָמפּ טאָר מען נאָך ניט אָנצינדן. אַזוי זאָגט די מאַמע. ניטאָ נאָך קיין שטערן. זיצט משהל און חלומט, ער חלומט פון ווייטע לענדער.

— אָ, ער ווייס איך, כאָטש ער איז נאָך אַזוי יונג, פון איינעם אַ ווייט לאַנד — אַ ווייט לאַנד, וואָס געפינט זיך אַפילו גלייך דאָ, הינטער דער שטאָט. ער וואַרט בלויז, משהל, אַז דער ווינטער זאָל שוין פאַריבער. וועט אָנקומען דער פרילינג, וועלן אָנהייבן גרינען די ביימער. וועט אָנקומען דער זוניקער פּסח. וועט משהל דעמאָלט נעמען און זיך לאָזן גיין צו אָט יענעם ווייטן לאַנד, — צום מאַיאַק.

## ב. צום לייכט־טורעם.

צום מאַיאַק*) האָט משהל געבענקט שוין גאָר אַ לאַנגע צייט— שוין גאָר, גאָר אַסך טעג און אַסך נעכט.

וויל וועגן דעם מאַיאַק האָט משהל אַסך מאָל געהערט פון

*) לייכט־טורעם.

זיינע חברים, געהערט מיט אָפענע אויפגעגלאַנצטע אויגעלעך, מיט ברייט־פונאַנדערגעעפנטע; מיט אַ באַוואונדערנדיקן, פאַנאַנדערגעעפנטן מיילכל און מיט אַ טיאָכקענדיק, קלאַפּ־קלאַפּנדיק הערצל.

ער, דער מאַיאַק, געפינט זיך ווייט, ווייט — זייער ווייט; שוין אין די גרענעצן פון עפּעס אַן אויסגעטראַכטער, פאַנטאַסטישער מדינה — גאַנצע דריי וואָרסט הינטערן שטאָט...

ער האָט געהערט, ווי העלדישע חברים זיינע דערציילן, אַז כּדי מען זאָל דערגרייכן אַהין, מוז מען צוערשט אַריבערגיין דעם קליינעם הילצערנעם בריק, אַזש איבער טייך־אָרים פונם פּריפּיעט. דערנאָך דורכגיין דעם נאָענטן, גרייסן פאָרשטאָט קאַליניק, וואָס די גאַסן זיינען דאָרט ניט קיין ברוקירטע, די פיס בראָדזיען טיף אין זאַמד, און תּמיד, אַפילו אין די הייסטע טעג אין תּמוז, איז דאָרט מאָדנע שאָטנדיק און קיל, ווי אין אַ קעלער זומער־צייט — עס שמעקט דאָרט תּמיד מיט סאָד, מיט געדיכטן גרינס און מיט ברונעם.

צו דעם האָזיקן פאָרשטאָט פלעגן יידישע קינדער זעלטן גיין. אין דער זומערדיקער קיל פון אָט יענעם פאָרשטאָט האָבן געלייערט אויף די יידישע קינדער קליינע שקצימלעך מיט גרויסע קודלאַטע הינט, וואָס זייער בילן פלעגט זיך די יידישע קינדער פונדערווייטנס אויסדוכטן, ווי אַ ברומען פון לייבן, — פון אָט יענע זעלביקע גבורהדיקע מדבר־חיות, וואָס קינדער האָבן זיי אַוודאי קיינמאָל ניט געזען. סיידן אויסגעשניצט אין באַגאָלטן האָלץ איבערן אָרון־קודש, אָדער אויסגעמאָלט אויף דער הויכער סטעליע פון שול, צי איבערן ווענטל פונם עמוד — מאָדנע אַזעלכע באַשעפענישן, מיט געדרייטע עקן, וואָס האָבן זיך פאַרענדיקט מיט אַ שאַרפן קנופּ, און פון די מיילער זיינען ביי אָט־די באַשעפענישן אַרויסגעגאַנגען פלעמלעך פייער... וועגן זיי, וועגן אָט־די באַשעפענישן, האָבן קינדער איינמאָל געלערנט אין חדר:

— „אַ לייב האָט געטאָן ברומען אין דער מדבר...“

גיין אַהין, אין אָט־יענעם געהיימניספולן פאָרשטאָט, פלעגט מען סיידן מיט גרויסע, מיט טאַטע־מאַמען. נאָר טאַטע־מאַמע און עלטערע לייט פלעגן גיין אַהין זייער זעלטן — בלויז אין זעלטענע,

פֿון פּרנסה־װאָכיקע פֿרײַע זומעדיקע פֿאַרנאַכטן, אָדער גאָר אין יענעם זעלטענעם זומערטאָג, — אין דעם לופֿטיק־שמעקעדיקן טאָג פֿון שבֿועות.

אָבער אַז מען איז שױן דורכגעגאַנגען דעם גאַנצן פֿאָרשטאָט, קאַליניק, פֿלעגט מען ערשט דערנאָך דאַרפֿן קלעטערן אַרױף אײנעם אַ היפּשן און זאַמדיקן באַרג — צװישן אַ לאַנגער רײ הױכע, שטאַרק־גלײַכע ליפּע־בײמער: עס איז געװען מאָדנע־אומגעװײנלעך צו זען אַזױפֿיל בײמער, װאָס זײַנען אַלע גלײַך געװען הױך און שלאַנק, אײנס אין אײנס, פּונקט, װי רײען אױסגעמושטירטע ריזיק־הױכע אולאַנען אין עפּעס אַ פֿײַערלעכן פּאַראַד־טאָג.

דאָס איז געװען דער װעג, װאָס האָט געפֿירט צו דער „בײנע״ — צום שלאַכטהױז.

און ערשט פֿון דאָרטן פֿלעגט מען זיך פֿאַרנעמען אױפֿן מיכאַלקער טראַקט, — אַ שטאַרק־ברײטער, זאַמדיקער שאָסײ, װעלכער ציט זיך גלײַך, גלײַך פֿאָראױס, װי אַ ריזיקע ברײטע װירע.

קײן ײנגל איז נאָך קײנמאָל ניט דערגאַנגען ביזן סוף פֿון דעם דאָזיקן מיכאַלקער טראַקט. ער ציט זיך, זאָגט מען, װײט, װײט אַװעק — שרעקלעך װײט. ער פֿאַלט דאָרט ערגעץ אַרײַן אין די געדיכטע זומפּיקע װעלדער פֿון פּאָלעסיע, װעלדער, װאָס אַפֿילו איצט נאָך אײַך שפּאַצירן דאָרט פֿראַנק און פֿרײַ אַרום װילדע קאַבאַנעס, בערן, װעלף און הירשן.

דאָרט, אין אָט יענע װעלדער, האַלטן זיך אױך אױף שאַיקעס פֿון שרעקלעכע גזלנים, — כאָטש מען האָט אין שטעטל, בכלל, װײניק געהערט באַשטימט פֿון זײ אָדער פֿון זײערע שלעכטע מעשׂים... דאָס זײַנען געװען גזלנים אַזעלכע אומבאַשטימטע און מעשׂהדיקע — גזלנים אָן אַ צײַט און אָן אַ דור, אי פֿון הײַנט, אי פֿון נעכטן, אי פֿון מאָרגן...

יאָ. ס'איז געװען אַ מורא און אַן אימה זיך לאָזן גײן אַהין, אױף יענעם טראַקט אײנער אַלײן.

אײַב אָבער קײן ײנגל איז קײנמאָל ניט דערגאַנגען ביזן סוף פֿונם מיכאַלקער טראַקט, זײַנען דערפֿאַר אַ פּאָר ײנגלעך עט־

לעכע מאָל הערגאַנגען ביזן מאַיאַק, וואָס האָט זיך געפֿינען ערגעץ איבן טראַקט.

אָ, וואָס פֿאַר אַ מעשׂיות אָט יענע ייִנגלעך פֿלעגן זיך עס הערנאָך פֿון דאָרט אָנדערציילן...

פֿון די האָזיקע ייִנגלאַכס רייד האָט עס משהל ביסלעכווייז פֿאַרשטאַנען, אַז דער מאַיאַק — דאָס איז אַזאַ גוואַלדיק הויכער טורעם; אַ טורעם, וועמעס הויך מען קאָן זיך קוים פֿאָרשטעלן...

ער איז העכער פֿון אַ וועלכן ס׳איז ניט בנין ביי זיי אין שטאָט; משהל פֿלעגט פֿון אים טראַכטן ניט אַנדערש, ווי וועגן דעם טורעם פֿון בבֿל, וועגן וועלכן ער האָט שוין אַוודאי געהאַט געלערנט אין חומש.

דערפֿאַר אָבער, אַז מען קלעטערט שוין אַרויף אויף די געדריטע און סכּנותדיקע שווינדל־טרעפּלעך ביזן שפּיץ פֿון מאַיאַק, איז אַי, וואָס דאָרט טוט זיך... מען קאָן פֿון דאָרטן זען דאָס גאַנצע לאַנד ווייט־ברייט אַרום — שיִער ניט די גאַנצע וועלט...

אַזוי ווי קליינינקע שטריכעלעך, אַזוי ווי קאָרטן־הײַזלעך, וואָס קינדער בויען אויס אין ווינטערדיקע נעכט אויף טישן, — שפּרייטן זיך ווייט אונטן די פּייכטע און זומפּיקע, הויך־באַגראָזטע פֿעלדער פֿון פּאָלעסיע. באַשפּרינקלט זײַנען זיי, די דאָזיקע קעסטלעך־פֿעלדער מיט אָן־אַ־שיִער פּינטעלעך — מיט קליינע פֿאַרביקע פֿלעקן און פּינטעלעך פֿון פֿעלד־בלימלעך און קאָלירטע קיסטעס.

און ס׳איז טאַקע אמת, אַז פֿון שפּיץ מאַיאַק קאָן מען טאַקע זען שיִער ניט די גאַנצע וועלט... אַ ראָיה: מען קאָן פֿון דאָרטן זען גאָר די ווײַטסטע דערפֿער, וואָס אַרום דעם שטעטל — הרעטשקעס, אין באָברי, קאָלענקעוויטש און שיטנע. אַ פּאָר ייִנגלעך האָבן אַפֿילו דערציילט, אַז אין איינעם אַ שטאַרק זוניקן טאָג האָבן זיי געזען אַפֿילו דאָס גאָר־גאָר ווײַטע שטעטל סקריהאַלאָוו, וואָס געפֿינט זיך אַרויף דעם טייך פּריפּיעט.

— אַ סימן האָט איר — האָבן אָט יענע כוואַטסקע ייִנגלעך באַוויזן דעם אמת פֿון זייערע רייד — אַ סימן האָט איר: דעמאָלט איז געווען פֿרײַטאָג: האָט מען געקאָנט זען פֿון דעם מאַיאַק, ווי עס תּיכערן זיך בלויז און גרייזלדיק — ווײַל ס׳איז דאַמאָלט גע-

ווען אַ קליין ווינטל — די קימנס פון די סקרידהאַלאָווער הייזער, אין וועלכע מען האָט דעמאָלט געהייצט די אויונס לכבוד שבת... מען האָט איך געקאָנט זען — ווי אין אָט יענעם ווייט-ווייטן שטעטל שטייען איצט ייִנגלעך ביים טייך פּייפיעט, — זיי כאַפּן די פישלעך מיט זייערע איבגעשוואָלענע העמדער, וועלכע די ייִנגלעך גע-בריכן ווי נעצן; און עלטערע ייִדן מיט ברייטע בערד, ווי בעזימער, טוקן זיך דאָרט אין דער זעלביקער צייט פרום עטלעכע מאָל אין דעם זוניק-באַשטראַלטן פרייטאָגדיקן טייך, — זיי ווינען זיך עס איצט טובל לכבוד שבת.

איך האָב שוין דערציילט, אַז משהל האָט אין זיין פאַנטאַזיע זיך ניט געקאָנט מאַכן קיין שום בילד פונם מאַיאַק, ווייל ער האָט ניט געקאָנט מאַכן קיין בנין, וואָס ער האָט שוין פריער געהאַט געזען — חוץ מיטן טורעם פון בבל, וועלכן ער האָט ניט געזען. — דער מאַיאַק — האָט ער אַליין געטראַכט — מוז זיכער זיין אַזוי הויך, ווי דער טורעם פון בבל... און יענער באַרג, איבער וועלכן מען דאַרף ערשט אַריבערקלעטערן, איידער מען קומט אָן צום מאַ-יאַק, איז אַוודאי נאָך העכער פון דעם באַרג נבו, אויף וועלכן משה איז אַרויפגעגאַנגען פאַר זיין טויט, כדי צו זען אויף יענער זייט טייך ירדן דאָס פאַרשפּראָכענע לאַנד.

ייִנגלעך, ווייסע-חברהניקעס פלעגן צו יענעם ווייטן מאַיאַק גיין מחנותוייז אין זומערדיקע שבת-נאָך-וואַרמעסן. אָבער משהל, וועלכן טאַטע-מאַמע האָבן געוואָלט הערציען ניט אַנדערש ווי אַ „לייטיש-ייִנגעלע״, פלעגט דאָך מוזן גאָר יעדן שיינעם שבת-נאָך-וואַרמעס גיין אין חדר אַריין. דאָרט פלעגט ער מוזן זינגען, מיט אַ שלאָפעדיקן מאָנאָטאָנעם קול, דעם פרק פון דער וואָך.

— מאין באת? מטיפה סרוחה... ולאן אתה הולך? למקום עפר רימה ותולעה...*)

ער פלעגט ניט פאַרשטיין דעם מיין פון די ווערטער, וועלכע

*) פון וואַנען קומסטו אַרויס, מענטש? פון אַ שטינקענדיקן טראָפּן... און וואוהין גייסטו, מענטש? צו אַן אָרט פון שטויב און ווערים...

ער רעדט אַהיים. פלעגט ער בשעת מעשה זיך צוהערן מיט אַ בענקענדיק, פֿאַרצערט געמיט, ווי פון דער זוניקער שטילקייט, וואָס איז איף דער שבתדיק אויפגערוימטער גאַס, הערטראָגן זיך אין שטוב אַריין אַזעלכע ליסטיקע קולות פון קליינע קינדער, וואָס שפּילן אין „באַהעלטעניש" אָדער אין פּאַלאַנטעס.

און דאָ אין חדר איז אַזוי היים אין אַזוי נאָגנדיק-פֿאַרשפּאַרט.. דער רבי זיצט אין אַ צעשפּליטן וואַטאָון לייבל. איף הער צעכראַשטשעטער ברוסט רינען אים אַרונטער ריטשקעלעך שווייס. ער גענעצט מיט אַ מויל ברייט, ווי אַ קאַנאַווע — מיט אַ מויל, פון וועלכן עס זעען זיך אַהיים וואָרצלען פון אָן אַ שיער צעפּילטע ציינער; ער קרעכצט נאָכאַנאַנד... ער קראַצט זיך אונטער די פּאות און אונטער די פּאַכוועס און קרעכצט הנאהדיק; ער זופּט הייך איף אַ קול טיי אָן צוקער און קרעכצט אַזוי, פּונקט, ווי דאָס טיי-טרינקען וואָלט גאָר געווען ביי אים אַ שרעקלעכע אָפּקומעניש; פּונקט, ווי ער וואָלט דאָס פּאָר עפּעס אַ שווערע זינד פֿאַרמשפּט געוואָרן צו טרינקען אָן אַ שיעור זודיקן טיי אין די זומערדיקע, הייסע און צעפּאַרעטע, שבת-נאָך-וואַרמעסן.

און משהל לייענט מיט אַן אָנגעשוואַכט דרעמלענדיק קול דעם פּרק, וואַרפט סקאָסנע פֿאַרצערטע בליקן אין דרויסן אַרויס — און בענקט. און דער רבי קרעכצט, גענעצט און קרעכצט און הערט אַלץ ניט אויף צו גיסן אין זיך הייסן טיי. דעם טיי גיסט ער נאָכאַנאַנד אין דער ליימענער געגלייזטער קופּליע אַריין פון אַ גרויסן בייכיקן שבתדיקן הליאַק. דער הליאַק שטייט לעבן אים איף אַ שטול, און איז אַרומגעוויקלט מיט אָן אַ שיער שמאַטעס, כדי דער טיי זאָל ניט אָפּקילן. און פון אָט-די צעהיצטע שמאַטעס שמעקט אַזוי פריקרע און אַזוי נודנע, ווי פון דורכגענעצטע קינדערשע וויקעלעך, וועלכע מען האָט אויפגעהאַנגען טריקענען אויף אַ הייסן אויוון.

משהל האָט געחלומט אַזוי אַ סך טעג און אַ סך נעכט פון מאַיאַק.

אין די ווינטערדיקע נעכט פלעגט ער בעטן דער מאַמען, זי

קאָל אים דערציילן עפּעס מעשהלעך פון מאַיאַק. און די מאַמע משהלס, וועלכע איז געווען זייער אַ גוטע, ווי עס זיינען גוט אַלע מאַמעס, פלעגט אים דערציילן אַ סך מעשהלעך.

זי פלעגט זיין אַפילו זייער מיד אין די אָוונטן פונם גאַנצן טאָג, וואָס זי האָט פאַרבראַכט אין גרימיקן פּאָסט איפן מאַרק ביי איר רינדוק מיט אַלטן שוכוואַרג. זי פלעגט דעריבער פון דער האָזיקער מידיקייט און פון דער וואַרעמקייט אין ווינטערדיק-אָנגעהייצטער שטוב אַלע ווייַלע איינדרעמלען. נאָר זי פלעגט זיך פונדעסט-וועגן אָנטאָן אַ כּוח, זיך אָנשטרענגען צו שמייכלען צום קינד אַ מידן, אַ טויטן שמייכל און פלעגט איר משהלען דערציילן מעשיות וועגן מאַיאַק.

— דעם מאַיאַק האָבן עס איסגעבויט מיט אַ סך יאָרן צוריק די פּוילישע פּאָווסטאַניקעס... אין דער צייט פון איינעם אַן איפשטאַנד זייערן, האָבן זיי עס אים איפגעבויט. הויך, הויך — ממש ביזן הימל... זיי פלעגן אַרויסשיקן אַהין זייערע אויסקוקער מיט די גרויסע פעלד-שפּאַקטיוון, אַרויפשיקן זיי סאַמע אויפן שפּיץ מאַיאַק... די אויסקוקער פלעגן פון דאָרט קאָנען זען אויף הונדערטער און הונדערטער מיילן ווייט, — זען, אויב עס דערנענטערן זיך די שונאים, — די מאָסקאַלן, די רוסישע קאָזאַקן...

און די מאַמע פלעגט סוף-כּל-סוף אַזוי אַנטשלאָפן ווערן, דערציילנדיק. אָבער משהל פלעגט שוין ליגן אַוואַכנדיקער אויף זיין געלעגער — וואָס איז געווען אויסגעבעט אויף דריי צונויפגעשטעלטע שטולן — ביז שפּעט אין דער נאַכט אַריין; ער פלעגט אַליין חלומען פון מאַיאַק.

— וואַרט, דער ווינטער וועט באַלד פאַריבער. וועט אָנקומען דער פרילינג. וועלן איבערן טייך זיך לאָזן גיין קריעס. וועלן אָנהייבן גרינען די ביימער. וועט אָנקומען דער זוניקער פּסח... אָ, דעם קומענדיקן פּסח וועט משהל שוין אויף זיכער נעמען און נאָך לאָזן גיין צו אָט יענעם וואונדערלעכן מאַיאַק — איך געווים.

אָבער פּסח איז געקומען און משהל איז צום מאַיאַק אַליין ניט געגאַנגען.

ס'איז נאָך יענעם יאָר געווען אַ בלאָטיקער, אַ רעגנדיקער פּסח. צוליב דעם נאַסן דרויסן האָט מען אין אָט־יענעם פּסח אַוודאי ניט געקאָנט שפּילן אין ניס; ניט אין גריבעלעך און ניט אין ברעטלעך. און די נייע איבערגענייטע שיך האָט מען, צוליב דער בלאָטע, אויך ניט געקענט טראָגן; אַן עבירה געווען זיי איינצופּאַטשקען.

אַ שלעכטער פּסח געווען: ער האָט אָפּגענאַרט אַלע קינדער.

דערנאָך האָבן זיך אָנגעהויבן די שטרענגע, די שטילע און איינגעהאַלטענע ספירה־טעג — שטרענגע טעג, וואָס אין זיי איז רק מען טאָר ניט — מען טאָר ניט טאָן אָן אַ שיעור זאַכן: מען טאָר זיך ניט באָדן, מען טאָר זיך ניט שפּילן, מען טאָר זיך ניט פריילעך מאַכן — מען טאָר זיך ניט אַפילו אָפּשערן! טאָר מען דאָך אין אָט־די טעג אַוודאי ניט גיין שפּאַצירן.

אָבער אָט איז געקומען גאָר אינגיכן דער יום־טוב שבועות: מען האָט ממש ניט באַמערקט, ווי אַזוי אַ טאָג איז פאַרגאַנגען און אַ טאָג איז געקומען. און איידער מען האָט נאָך באַוויזן זיך אומצוקוקן — אַהאַ, מען גייט שוין אין וואַלד און אין דער זומפּיקער לאָנקע אַריין, מען שנײַדט שוין לאָזעס, אַיר און גרינסן: אויף יענער זייט טיר שטייט שוין און וואַרט דער יום־טוב שבועות.

באמת: שבועות איז עפּעס אַזאַ מאָדנער, אַזאַ ליכטיקער יום־טוב... מען דאַוונט אָפּ גאָר פרי, פרי קומט מען אַהיים. — און אָט אין דער זעלביקער צייט, אין אַנדערע יום־טובים, גייט מען ערשט בסך־הכל דאַוונען. פרי עסט מען אָפּ דעם מילכיקן רייכן וואַרמעס; מען פאַרטרינקט אים מיט ווייסער קאַווע, און מיט אַ מאָל קוקט מען זיך אַרום — מען האָט אייגנטלעך פאַרן היינטיקן טאָג שוין אַלץ אָפּגעטאָן: שוין אָפּגעדאַוונט און אָפּגעגעסן— און עס איז ערשט נאָך פאַר האַלבן טאָג.

נעמט מען און מען לאָזט זיך גיין שפּאַצירן.

ס'איז געווען זייער מאָדנע צו זען, ווי ממש די גאַנצע שטאָט האָט זיך אין יענעם פרימאָרגן אַרויסגעשאָטן פון די הייזער אויף אַ שפּאַציר.

ס'איז געווען אַזוי אומגעווייניכלעך און וואונדערלעך: דערוואַקסענע יידן אין לאַנגע קאַפּאָטעס ליפן נישט און פליען נישט, נאָר

גייען לאַנגזאַם און פּאַמעלעך, טראָט ביי טראָט, מיט הענט פאַר-
לייגט אויף הינטן, און מיט טוכענע היטלען און קאַרטוזן אַרויפגע-
הוקט אויף די פּאָטעליניצעס — אין גרויס גרינגקייט און הימח-
הדעת...

עס האָט זיך עפּעס אַלץ ניט געגלייבט, אַז די דאָזיקע פיי-
ערלעך-שפּאַצירנדיקע מענטשן מיינען עס מיט אַן אמתן; עס האָט
זיך אַלץ געדוכט, אַז האָט שטרענגען זיי זיך עס אַזוי אָן, די דאָ-
זיקע דערוואַקסענע מענטשן, צו שפּאַצירן אַזוי פּאַוואָליע און אַזוי
יום-טובדיק — עס קומט זיי אָן אומגעווינלעך שווער צו שפּאַצירן
מיט אַזאַ וואָרגלאָזיקייט...

ס'איז בכלל דעמאָלט געווען אַ וואונדערלעכער, אַן אויכטער-
לישער טאָג.

אין דרויסן איז שוין דעמאָלט געווען אמת פריילינגדיק. פענסטער
זיינען אַלע געשטאַנען אָפן. דורך אָפענע פענסטער האָט מען גע-
קאָנט זען ווי אין די הייזער גופא, אויף די מטעליעס און אויף די
ווענט, זיינען געווען אַריינגעשטעקט אָן אַ שיר בליענדיקע, באַ-
בלעטערטע צווייגלעך און ביימער, פעלד-בלומען און פרישׁ אָפּגע-
שניטענער אַיר. די פּאָדלאָגעס זיינען געווען באַשפּריצט מיט לאַגע,
שמעקעדיקע זאַמפ-רעין. און פאַרבייגייענדיק די שול האָט מען דורך
די לענגלעכע, האַלב-קיילעכדיקע פענסטער געקאָנט זען: אויף די
פיר ווינקלען פונם בעלעמער, און אין דעם באַגולדטן געשניצעכץ
ביים אָרון-קודש, זיינען געווען אַריינגעשטעקט לאַנגע לאָזעס און
אַפילו גאַנצע פריש-אַרונטערגעהאַקטע בעריאָזע-ביימלעך: די בלע-
טער אויף זיי זיינען נאָך געווען פייכט און גלאַנציק.

עס איז געווען אין אָט-יענעם שבועות-טאָג, בשעת דעם אַל-
געמיינעם שפּאַציר, אין וועלכן די גאַנצע ווייס-בליענדיקע שטאָט איז
געווען פאַרטאָן.

משהל האָט זיך בגנבה אָפּגעטיילט פון דער קאָמפּאַניע דער-
וואַקסענע, אין וועלכער ער איז געווען אַריינגעמישט. ער האָט זיך
געלאָזט גיך-גיך גיין איבערן הויכן הילצערנעם בריק, וואָס אי-

בערן אויסגעטריקנטן אָרעם פֿונם פּריפּיעט-טייך, — דעם בריק, וואָס האָט געפֿירט איף קאַליניק צום מיכאַלקער טראַקט.

ער איז מיט האַרץ-קלאַפּעניש דורכגעלאָפֿן דעם זאַמדיקן גריבעדיקן הויפּט-וועג, וואָס האָט געפֿירט דורך דער מיט פֿון דער דאָזיקער גוייִשער פֿאָרשטאָט. דער וועג איז געווען זייער גריבעדיק, פֿול מיט גרויסע און קליינע ראָוון פֿון די שטראָמען און ריטשקעס, וואָס פֿלעגן זיך דאָ דורכיאָגן אין פֿרילינג מיט גרויס אימפּעט און גערויש. דערפֿאַר איז דאָ איצט, ווי תּמיד, געווען זייער שטיל און שאָטנדיק. קיין מענטשן האָט מען דאָ, דוכט זיך, קיינמאָל ניט געזען דורכגיין אין די גאַסן; בלויז אַ האָן פֿלעגט חלומדיק און פֿאַרצויגן ערגעץ קרייען דאָ און דעם אַרום פֿון צייט צו צייט; דאָס פֿלעגט ער מסתּמא איף זיין שטייגער רעכענען די אַשמורות פֿונם לאַנגן זומער-טאָג.

די צווייגן פֿון די הויכע געדיכטע ליפּעס האָבן זיך שטיל און כמעט אומבאַוועגלעך געשפּילט אין די גלאַנציקע שייבלעך פֿון די גוייִשע הייזער, ווי אין קלאָרן ברונעם-וואַסער. ס'איז דאָ געווען שטיל, זייער שטיל.

משהל איז געגאַנגען גיך: ער איז כמעט געלאָפֿן. ער האָט מורא געהאַט. ער איז דאָך געגאַנגען איינער אַליין, און איף קאַליניק, האָט ער געוואוסט, זיינען דאָ אַ סך הינט.

אָבער אַז ער איז אַרויסגעקומען איף מיכאַלקער טראַקט, האָט ער באַלד דערזען, אַז ער איז ניט איינער אַליין.

איבערן שטאַרק-בריטן טראַקט, — אַ טראַקט, וואָס איז געווען אַזוי ברייט, ווי עטלעכע אין דער בריט צונויפֿגעלייגטע גאַסן — האָבן זיך געצויגן איצט אַ סך קינדער, גאַנצע מחנות. פֿון זייטיקע וועגן און וועגעלעך, פֿון פֿאַרהוילענע שליאַכן און אַרומיקע שטעדשקעס אין וואַלד, וואָס האָבן זיך אַיינגעגאָסן אין דעם גרויסן טראַקט, האָבן זיך אַלץ געשאָטן קינדער, קינדער, קינדער. יום-טובֿדיק אָנגעטאָנענע, לאַכנדיקע, שפּרינגענדיקע, גליקלעכע באַשעפֿענישן. אין דער לופֿט האָט פֿון דער ווייטנס געקלונגען געלעכטער און קינדערשע פֿריילעכקייט — ווי אַ יום-טובֿדיק שטויסן אין גרויסע צימערינג-שטיסלען.

די מחנות קינדער האָבן זיך עס געצויגן צום מאַיאַק.

משהל האָט זיך גלייך צוגעשלאָגן צו איינער אַ קאָפּקע ייִנגלעך. די האָזיקע ייִנגלעך האָבן געהאַט פֿולע בוזעמס מיט באַרלעך. זיי האָבן אַוודאי זיי אָנגעריסן אין איינעם אַ באַרלעך־וואַלד, וואָס איז דאָ ניט ווייט געווען. די העמדלעך אַרום און אַרום דעם לייב בײַ זיי זײַנען געווען איפּגעשוואָלן און פּוזעוואַטע.

אַנדערע ייִנגלעך האָבן געטראָגן לייוונטענע זעקעלעך, אָנגעשטאָפּטע מיט אָקאָרשט־אָפּגעריסענע פֿרישע און קליינע ניס, אין הענגלעך גאַנצע און אין צווייגלעך. ווײַסע אַזעלכע און פֿײַכטע ניס, צו וועלכע די בלעטלעך זײַנען נאָך געווען צוגעקלעפּט.

אָנגעלאָדענע מיטן שווערן און זיסן זאַקרייב, פֿײַפֿנדיקע און הוקענדיקע צווישן די אַרומיקע זומערדיק־טרעלנדיקע טאָלן, איז מען אַלץ געגאַנגען ווײַטער, ווײַטער, צווישן די הויכע ווענט פֿון ליפּעס און זילבערנע בעריאָזעס, וואָס אויף ביידע זײַטן טראַקט.

דער וועג איז געווען זייער אַ לאַנגער. ניט אַלע ייִנגלעך האָבן געהאַט כּוח דערגיין ביזן סוף. וואָס נענטער מען איז צוגעקומען צום מאַיאַק, אַלץ שיטערער זײַנען דעריבער די קאָפּקעס פֿון די גייערס געוואָרן. די זון האָט טאָ אויך אָנגעהייבן באַקן זייער שטאַרק. די שוואַכערע ייִנגלעך זײַנען אָפּגעפֿאַלן, זײַנען געבליבן ליגן בײַם זײַט וועג אין די שאָטנס פֿון די בוימער און האָבן מיט דורשטיקע צינגער געלעקט דעם קוואַס־זאַפּט, וואָס האָט גערונען פֿון אַ סך בעריאָזע־בוימער.

דער וועג האָט אָנגעהייבן ווערן בערגלדיק. און אַז מען האָט זיך געפֿונען צופֿוסנס פֿון איינעם אַזאַ שטאַרקן, משופּעדיקן בערגל — מען האָט אים גערופֿן: דאָס שדים־בערגל — האָבן זיך פּלוצלונג דערהערט גרויסע געשרייען פֿון אויף יענער זײַט.

מען האָט נאָך ניט געזען, פֿון וועמען די דאָזיקע געשרייען קומען אַרויס. נאָר די קינדער זײַנען מיט אַמאָל געוואָרן שטיל; זיי זײַנען אַ ווײַלע געבליבן שטיין אַזוי מיט קלאַפּנדיקע הערצלעך. דאָס איז געווען די גרענעץ: דאָס לעצטע בערגל, וואָס פֿאַרן מאַיאַק.

דאָס בערגל איז געווען אַזוי משופּעדיק, אַז מען האָט געמוזט ניט אַנדערש, ווי אויף אַלע פיר אַרויפקריכן אויפן דאָזיקן זאַמדיקן שדים-בערגל. דער וועג האָט זיך ממש געבּרעקלט און געשאָטן אונטער די הענט און אונטער די פיס. עס איז געווען שווער זיך אײַנגראָבן אין אים און זיך אָן אים אָנהאַלטן. מ'פלעגט זיך אַלע ווײַלע אַרונטערגליטשן. אַז זיי האָבן ענדלעך זיך אַרויפגעקאַראַפּקעט צום שפּיץ, האָבן זיי מיט איינמאָל דערזען פאַר זיך דעם מאַיאַק. ער איז געווען אויף אַ נאָענטן צווייטן בערגל.

דאָס געשריי פון די מחנות ייִנגלעך, וועלכע זיי האָבן ערשט איצט דערזען אַרום דעם מאַיאַק, האָט זיי צוערשט פאַרטײַבט. זיי האָבן נישט פאַרשטאַנען צוליב וואָס איז עס דאָרט אַזאַ געפילדער. נאָר באַלד האָבן זיי זיך אויך אַלאָז געטאָן אַהין, אַרונטער דעם בערגל, און אַרויף אויף דעם צווייטן, וואו עס האָט זיך געהויכט דער מאַיאַק. זיי האָבן זיך אַלאָז געטאָן אַהין, אויך אָנגעהויבן שרײַען, פונקט ווי די איבעריקע.

עס איז געווען אַ קליינער, כמעט אַ פלאַכער פּלאַץ, אויסגעפּלאַסטערט מיט קליינע שטיינדלעך און גראָוועל. דאָס דאָזיקע פּלעצל, וואָס האָט אויסגעפילט דעם גאַנצן קאָפּ פון דעם שדים-בערגל, איז געווען איצט אינגאַנצן אָנגעפּיקעוועט סײַ מיט דערוואַקסענע און סײַ מיט קלענערע ייִנגלעך, וועלכע האָבן זיך אַלע געשטויסן אַרום דעם מאַיאַק, נאָר אַפּנים, דאָס רוב פון זיי האָט נאָך ניט געקראָגן דעם קוראַזש אָנהויבן צו קלעטערן. אַז איינער אַ בראַווער ייִנגל פלעגט זיך, פון צייט צו צייט, אײַנשטעלן און אָנהויבן קלעטערן אַרויף, פלעגן אים די איבעריקע העמאָלט דערמוטיקן מיט זייערע ווילדע יובל-געשרייען.

משהל האָט באַלד אײַנגעזען, אַז אַ סך פון די דאָזיקע בּריהשע ייִנגלעך, וועלכע פלעגן זיך שוין יאָ אײַנשטעלן און אָנהייבן קלעטערן אויפן מאַיאַק, פלעגן זיך אָבער אין אַ ווײַלע אַרום מוזן אומקערן סאַמע מיטן וועג. שוין אַרויפקלעטערנדיק אויף די שטאַפּלען פון אַ צוויי-דרײַ פון די לייטערס, וועלכע זײַנען געווען אויסגעשטעלט בײַ די ליידיקע „ווענטלעך" פון מאַיאַק, פלעגט זיך זיי אַפּנים מיט אַמאָל אָנהייבן דוכטן, אַז דאָס פליען זיי אין דער לופטן —

זיי הענגען אויף אַ דינער שטאַפּלע צווישן הימל און ערד... זייערע קעפּ פּלעגן זיך גלייך פֿאַרשיכּורן, אָנהייבן שווינדלען. די הערצ־לעך זייערע פּלעגן אָנהייבן אַזוי זינקען, זינקען און זיי פּלעגן זיך מיט פֿאַרשיכּורטע קעפּ און אָפּגעשוואַכטע הענט, וועלכע האָבן זיך קוים געקלאַמערט אָן די שטאַפּלעס, מוזן לאָזן זיך צוריק.

זיי פּלעגן אונטן דערפֿאַר באַגעגנט ווערן מיט אַ פֿייַפֿן, אַ הוקען און אַ טיוקען — אַ מיט אַ טומלדיקער געשפּעטערײַ, וואָס איז געווען אַ סך העכער און שטאַרקער פֿון די פֿריערדיקע דערמוטיקטע גע־שרייען.

דער בנין פֿון מאַיאַק האָט אויסגעקוקט, ווי אַ סקעלעט, ווי אַן אומגעהויער הויכע רעשטאָוואַניע פֿאַר אַ ריזיקן געבוי, וואָס איז קיינמאָל ניט אויסגעבויט געוואָרן.

ער איז געווען שמאָל און הויך, דער דאָזיקער סקעלעט. ער איז באַשטאַנען פֿון פֿיל, פֿיל שטאָקן. יעדער שטאָק איז צונויפֿגע־שטעלט געווען פֿון הויכע סלופּעס אין די ווינקלען מיט אַ קליין פּיצינקע בריקל אין דער הייך — אַ מין פּלאַטפֿאָרמע. אין די דאָזיקע ווינקל־סלופּעס, איבער זייער ברייט, זײַנען געווען אַרײַנגעשטעקט אַזעלכע קליינע שטעקעלעך, אויף וועלכע מען האָט עס געקלעטערט. די דאָזיקע קלעטער־שטעקלעך האָבן זיך אויף אַזאַ אופֿן געפֿינען דרויסן פֿון מאַיאַק. ביז מען איז צוגעקומען צום שפּיץ, איז מען די גאַנצע צייט טאַקע געהאַנגען אין דער לופֿטן.

משהל, כּמעט אַליין עס ניט פֿילנדיק, האָט זיך דורכגעשטופּט דורכן עולם, זיך דערנענטערט צום מאַיאַק. ווי אַ קליין עופֿעלע, וואָס שטעקט אויס די הענטלעך צום פֿייער, אַזוי האָט ער זיך געצויגן צום ריזיקן הויכן סקעלעט. ער איז געבליבן שטיין, האָט פֿאַרריסן דאָס קעפּל אין דער הייך. דאָס קליינע הערצל האָט געקלאַפּט־געקלאַפּט, האָט זיך, דוכט זיך שיער ניט אָפּגעריסן פֿון די פֿע־דעמלעך, אויף וועלכע עס איז געהאַנגען; די ליפּן האָבן גע־ברענט און געטריקנט; אין קעפּל האָט שטאַרק געשווינדלט און פֿאַר די אויגן איז געווען מוטנע און האַלב־טונקל, — און דאָך

האָט ער אַלץ געהאַלטן דעם קאָפּ פאַרריסן אין דער הייך און זיך ניט געקאָנט אָפּרייסן.

די אַרומגעקליבענע יינגלעך, אַז זיי האָבן דערזען דעם קליינעם שוואַכינקן משהלען, האָבן זיי אויסגעבראָכן אין אַ גרויס געלעכטער. זיי האָבן געדענקט, אַז משהל קלייבט זיך אויך אַרויפצושטייגן. זיי האָבן אים געקאָנט פאַר אַ קליינינקן אַזאַ נפשל, אַ ציטערדיק יינגעלע, אַ יינגעלע, וואָס פלעגט זעלטן אפילו אָנטייל נעמען אין די קינדערשע שפּילן. מען פלעגט אים תּמיד לאָזן צורו, ווי אַ יונג לערנערל, ווי אַ „רעווועלע". זיי האָבן דערבער אַלע אויסגעבראָכן אין אַ גרויס געלעכטער.

— קוקט נאָר אָן דאָס דאָזיקע מאַלפּעלע...

— ווער עס נעמט זיך דאָס אונטער...

— אַ נייער העלד האָט זיך באַוויזן!

— מאַכט אַ וואַרע!

— הוראַ!

— הור—ר—ראַ!

משהל האָט טאַקע איצט אויסגעקוקט, ווי אַ קליין פּיציניאָנציק מילבעלע לעבן אַ הויכן, אַ בבל־הויכן טורעם. אין קאָפּ האָט זיך אים אַזוי געדרייט, אַז ער האָט גאָר ניט געזען, וואָס עס טוט זיך אַרום אים. לכתחילה, ווען ער איז אונטערגעקומען, איז אים גאָר ניט געווען איינגעפאַלן, אַז זאָל אָנהייבן קלעטערן אויף אַזאַ מוראדיקער הייך. נאָר אַז ער האָט דערהערט דעם געלעכטער און די שפּאָטיקע אויסרופן, האָט ער אומגעקערט זיין פּנימל צו די יינגלעך. עס האָט איצט אינגאַנצן געפלאַמט דאָס פּנימל זיינס און עס איז געווען צינטערדיק רויט.

ער האָט באַטראַכט אַ ווײַלע די פּילדערנדיקע און אָפּשפּעטנדיקע חברה מיט צעמישטע און ווילדע בליקן. און אין אים האָט זיך מיט אַמאָל עפּעס אָנגעצונדן.

הינטערווײַלעכץ, נאָך אַלץ באַטראַכטנדיק די פּילדערנדיקע חברה, האָט ער געמאַכט עטלעכע טריט. נאָר אַז ער האָט אָפּגעקערט זיין פּנים פון די שפּעטנדיקע יינגלעך און אַרויפגעקוקט אין דער הייך, צום שפּיץ מאַיאַק, האָט אים ווידער אָנגעהייבן שווינדלען. זיין גאַנ־

צער שוואַכער קערפּערל האָט זיך אַזש אַ שאָקל געטאָן. אים איז מיט אַמאָל געוואָרן שטאַרק ניט גוט: עס האָט זיך אים שטאַרק געוואָלט ברעכן.

דאָס געלעכטער פֿון די ייִנגלעך האָט איצט, ביים אָנבליק פֿון משהלעס אומבאַהאָלפֿנקייט, זיך נאָך מער געשטאַרקט.

און מיט אַמאָל, איידער ער האָט עס נאָך כמעט אַליין דערפֿילט, האָט ער זיך אָנגעכאַפּט אָן די שטעקעלעך פֿון דעם ערשטן מאַיאַק־לייטער און אָנגעהויבן גיך ווי אַ וועווערקל צו קלעטערן.

ער האָט געקלעטערט כמעט מיט פֿאַרמאַכטע אויגן. ער האָט ניט געקוקט ניט אַרונטער, ניט אַרויף, ער האָט געקוקט גלייך פֿאַר זיך, אויפֿן סלופּ, אין וועלכן די קלעטער־שטאַפּלען זיינען געווען אַריינגעפּאַסט. ער איז אַוודאי געווען איצט, ווי אַ פֿליג, וואָס קריכט אויף אַ גרויסער, אַ גלאַטער שייב.

אַז ער איז שוין געווען מיט עטלעכע לייטערס העכער, האָט אים ווידער די האַרץ אָנגעהויבן זינקען. ערשט איצט, צום ערשטן מאָל, האָט ער דערפֿילט: ער הענגט אויף אַ קליין פֿלעקל, איינער אַליין, הויך־הויך אין מיטן דער לופֿט, וואָס איבער דער ערד.

וואָס ווייטער ער האָט געקלעטערט, אַלץ שטאַרקער האָבן געבלאָזן אין דער הייך די ווינטן; אונטן, הייסט זיך, ווען ער האָט אָנגעהויבן צו קלעטערן, איז געווען גאָר שטיל און זוניק, נאָר אין דער הייך האָבן געבלאָזן שטאַרקע ווינטן. משהל האָט פֿון צייט צו צייט געמוזט זיך אָפּשטעלן און מיט ביידע הענט אַרומנעמען דעם סלופּ, כדי אַ שטאַרקער ווינט, וואָס פֿלעגט מיט אַמאָל אַ יאָג טאָן, זאָל אים ניט אַרונטעררייסן.

כמעט מיט אָפּגעשטאָרבענע געפֿילן, נאָכאַנאַנד און איינגעשפּאַרט, האָט ער געקלעטערט פֿון שטעקעלע צו שטעקעלע, פֿון לייטער צו לייטער, פֿון בריקל צו בריקל, פֿון שטאָק צו שטאָק. פֿאַר די בליקן, וועלכע ער האָט געהאַלטן גלייך פֿאַר זיך, האָבן געשווינדלט ווייטע בלויע וועלדער און פֿעלדער, וועלכע האָבן זיך געדרייט אין אַ קאַראַהאָד; אַ האָריזאָנט, וואָס האָט זיך איינגעשניטן

אין הימל פּונקט אַנטקעגן און צוזאַמען מיט אים, זיך זיג־זאַגיש געשאָקלט — אַ שיכּורער האָריזאָנט.

פון אונטן, פון דער ערד, האָבן די גאַנצע צייט געשריען צו אים ווייטע, גאָר־ווייטע קולות. נאָר משהל, האָט שוין איצט מער ניט געהערט, ווי דאָס פּייפן פון די הויכע ווינטן אַרום אים. דאָס בלוט האָט אים איבערגעהערט קלאַפּן; דאָס האַרץ האָט, דוכט זיך, זיך אָפּגעשטעלט. בלויז איין געדאַנק האָט אים איצט געפּיקט אין מוח:

— אַרונטער קאָן ער שוין ניט... ער מוז דערגיין ביזן שפּיץ... ער מוז דערגיין ביזן שפּיץ... ער מוז דערגיין ביזן שפּיץ...

דערנאָך איז געווען איינער אַ לייטער, אַ געוויינלעכער לייטער, וואָס איז געווען באַלאַנסינדיק איבערגעלייגט, אין סאַמע העכסטער הייך, פון איין סקעלעטן־ווענטל צו דער אַנדערער. דאָ האָט זיך דער ווינט נאָך מער געשטאַרקט. משהל האָט זיך ממש אײַנגעגעסן מיט די נעגל אין די ברעטלעך פון דעם לייטער און איז אַזוי ווייטער געקראָכן.

ער האָט זיך ענדלעך דערזען אויף דער לעצטער פּלאַטפאָרמע. דאָ איז געווען אַ דיל און אַ קליין דיקלעך קלעצל, וואָס האָט געשטעקט אין מיטן. אויף דעם האָזיקן קלעצל איז געווען אַרויפגעקלאַפּט אַ ברעטל, ווי אַ מין קיילעכדיק טישל. משהל האָט זיך אָבער נאָך אַליין מורא געהאַט אויפצושטעלן; דער ווינט האָט דאָ מוראדיק הויך געוואָיעט און געפייפט... ער איז דעריבער געקראָכן אויף די קני, ביז ער איז צוגעקראָכן צום טישל, האָט אים אַרומגענומען מיט ביידע הענט און איז אַזוי אַ לענגערע ווײַלע, אַן אָפּגעשוואַכטער, אָן אָטעם געבליבן ליגן.

ליגנדיק, האָט ער געהערט, ווי איבער אים האָבן איצט די ווינטן מוראדיק הויך געפייפט.

און מיט אַמאָל האָט עס אים אַ ריס אויף געטאָן פון דער פּלאַטפאָרמע. ער האָט אָפּגעלאָזן דאָס קלעצל און איז אָן אַ ברעקל מורא צו צום סאַמע ראַנד. דער ווינט האָט דאָ אַזוי געריסן, אַז משהל האָט געקאָנט יעדע מינוט אַוועקגעטראָגן ווערן אין דער לופטן,

ממש, ווי אַקליין פעדערל. ער האָט זיך אָבער איצט קיים אָנגע־האַלטן אָן עפּעס, ער האָט אַליין אָנגעהייבן שרייען, הויך שרייען...

דער ווינט האָט מוראדיק געוואָיעט און געפייפט, נאָר משהל האָט, דוכט זיך, נאָך העכער געשריען און העכער געפייפט. אפשר האָט ער געוואָלט, אַז די מחנות יינגלעך זאָלן אונטן דערהערן זיין העזהדיק און דרייסט געשריי? נאָר זיי האָבן פון זייער ווייט אונטן אַוודאי גאָר ניט געקאָנט הערן. משהל איז אָבער פונדעסט־וועגן אַשטיק צייט אַזוי געבליבן שטיין אין דער הויך, צווישן די ווינטן, וואָס האָבן געקרייזט און געטראָגן זיך אַרום זיין קאָפּ און האָט געשריען, געשריען, געשריען...

## ג. אַוועקפאָרן.

משהל האָט זיך אָבער ניט צופרידנגעשטעלט מיט אָט יע־נעם „גאַנג" צום מאַיאַק און מיט אַסך אַנדערע שפּעטערדיקע גענג, סיי צום מאַיאַק און סיי צו אַנדערע „ווייטע" ערטער חוץ שטאָט — צו דער שוועבל־פאַבריק, צום שלאַכט־הויז, אין די בערגיקע און באַוועלדערטע פאָרשטעט פאָפּאָוו שטשיני און טעלעפּעני, אין דעם זאַמדיקן, ברעג־טייכיקן פאָרשטאָט קימבאָראַוקע, און אין די יידישע כוטאָרן, וואָס אויף יענער זייט טייך. ער פלעגט בענקען און חלומען פון יעדן איינעם פון אָט די ערטער, ווי וועגן ווייטע מעשה־לענדער. נאָר אַזוי גיך, ווי ער איז שוין דאָרט געווען איינמאָל־צוויימאָל, פלעגט דער גלאַנץ פון יעדן נייעם אָרט אָפּגעבליאַקעוועט ווערן, פלעגט זיין שימער טונקל ווערן — און דער יינגל משהל, ווען ער איז קוים בר־מצווה געוואָרן, האָט שוין שטאַרק געבענקט ערגעץ אַוועקפאָרן — אַוועקפאָרן ווייט־ווייט. וואוהין צו פאָרן האָט אים אייגנטלעך ניט געאַרט; דער עיקר איז געווען אַוועקפאָרן ערגעץ ווייט־ווייט — אַוועקפאָרן אין דער פרעמד.

אין שטוב איז אים אָבער שוין אייגעקומען אונטערצוהערן שמו־עסן צווישן טאַטע־מאַמע וועגן דעם, אַז מען מוז אים שוין ערגעץ אַוועקשיקן: דאָ, אין שטאָט, האָט ער שוין ניט ביי וועמען זיך צו לערנען — ער איז „אַריבערגעוואַקסן" כמעט די גרעסטע מלמדים פון

שטאָט... העכער פון ר׳ ברוך משה־מרדכים האָט ער דאָך שוין דאָ, אין שטאָט, ניט וואוהין צו גיין און וואו צו לערנען זיך, — אַ יינגל מיט אַזאַ שאַרפן און געשליפענעם קאָפּ מוז מען ניט אַנדערש, ווי אַוועקשיקן אין דער פרעמד, אין אַ ישיבה אַריין.

נאָר דערווייל האָבן זיך נאָך טאַטע־מאַמע אַליין געעצהט צווישן זיך און מיט גרעסטע און אָנגעזעענע היגע בעלעבאַטים, מיט דורכפאָרנדיקע משולחים און מגידים, וועגן, דער שטאָט, וואוהין מען זאָל משהלען שיקן. און משהלס האַרץ האָט אין דער שטיל געטיאָכקעט, געקלאַפּט און געציטערט... אַך, ווען וועט עס שוין זיין... ווען... דערווייל האָט ער מיט אומגעדולד געוואַרט.

נאָר אין איינעם אַ ליכטיקן דאָנערשטאָג, דעם לעצטן טאָג חול־המועד און ערב די צווייטע טעג פסח, האָט שוין דער יונגער משהל געוואוסט באַשטימט, אַז אַ וואָך נאָך יום־טוב, אַרום אָנהייב חודש אייר, ווען דער טייך וועט שוין אינגאַנצן באַפרייט ווערן פון די גרויסע און קריטיקע קריעס אייז און אָנהייב פרילינג וועט שוין זיין גוט קענטיק אין דרויסן, וועט ער אַוועקפאָרן לערנען אין אַ ישיבה.

ערגעץ ווייט, אין אַ ווייטער גובערניע.

צום ערשטן מאָל אין זיין לעבן אַוועקפאָרן פון דער היים אין אַ פרעמדער שטאָט, וועמעס נאָמען ער הערט ערשט צום ערשטן מאָל און אין וועלכער זיינע עלטערן האָבן נישט געהאַט נישט קיין פריינט און נישט קיין קרובים. זייערע איינציקע פריינט האָט זיינען געווען די קיינמאָל פון זיי נאָך נישט־געזעענע ישיבה און דער פונקט אַזוי אומבאַקאַנטער ר׳ שמעון שניטמאַן, דעם ראש־ישיבה, צו וועלכן דער יונגער משהל האָט שוין געפילט אַ געהיימע צוגעבונדנקייט און ערפורכט, אַזוי ווי ער וואָלט אים לאַנג צוריק געזען און שוין אייניקע זמנים אונטער זיין השגחה געלערנט.

ר׳ חיים ראָזמאַן, אָדער חיים שו״ב, — משהלס פאָטער — האָט אין אָט־יענעם אינדערפרי, קומענדיק פון שול, מיט אַ שטראַלנדיקן און יום־טובדיקן פנים די דאָזיקע נייס געבראַכט. פאַמעלעך און געלאַסן האָט ער דעם יום־טובדיקן שוואַרצן סידור פון זיינע אַקסלען אַרונטערגענומען, איבערגעגעבן דעם זיידענעם טלית־זעקל צו

זלאַטקען, זיין יינגסטער מיידעלע, און זאָגנדיק אַלעמען גוט־יום־טוב, זיך געגאַנגען וואַשן און צום טיש זיך געזעצט.

די גאַנצע פאַמיליע איז שוין געווען אַרום טיש אַרומגעזעצט, אויסער דער מוטער, וועלכע האָט זיך נאָך אין קיך ביים יום־טובדיקן וואַרמעס געפּאָרעט, און אויסער דער מיטעלער טאָכטער, קלאַרע, וועלכע איז ערשט אַ פּאָר טעג פאַר פּסח געקומען צו פאָרן אַהיים פון דער גרויסער שטאָט, וואָס ליגט אַראָפּ דעם שיינעם טייך דניעפּר.

אַ גאַנצן יאָר, זומער און ווינטער, פלעגט זי זיך געפינען אין אָט יענער ווייטער גובערניע־שטאָט, וואו זי פלעגט ביי אַ מאָדיסטין אַרבעטן. און נאָר צוויי מאָל אין יאָר, אויף פּסח און סוכּות, פלעגט זי צו די עלטערן אַהיים קומען, ברענגענדיק די קינדער אַלערליי מתּנות און גרויס־שטעטישע שפּילצייג, דער מאַמען אַ טאָפּ שמאַלץ און דעם טאַטן אַ גרויסע פלאַש קישענעווער פּסחדיקן בראַנפן.

דערפאַר, וואָס זי איז אַזוי זעלטן אין דער היים געווען; דערפאַר, וואָס זי האָט זיך כּמעט אַ קיילעכדיקן יאָר געפינען אין דער ווייטער, גרויסער און קאָכעדיקער שטאָט, און וועלכער קיינער פון דער הויז־געזינד איז ווען־עס־איז געווען; און אויך אַדאַנק איר גרויס־שטאָטישע מאַנירן און קליידער, אויסגענייט נאָך דער לעצטער מאָדע, — האָבן אַלע אין הויז צו איר אַ מין פאַרפרעמדקייט געפילט, ווי צו אַ רייכער און פרעמדער קרובה, וואָס איז אויף אַ קליין שטיקל צייט געקומען צו גאַסט. מען האָט זיך פאַרהאַלטן צו איר אַ ביסל מיט כּבוד און זיך אַ ביסל געשעמט פאַר איר, ניט קוקנדיק אויף דעם, וואָס זי פלעגט זיך באַגיין זייער וואַרעם מיט די קינדער, פלעגט זיי האַלדזן און לאַשטשען און שטינעריש זיך די גאַנצע צייט שפּילן מיט זיי. נישט קוקנדיק אויף איר צוגעלאָזטקייט און אויף איר שטרעבן זיך צו באַגיין וואָס פּראָסטער מיט אַלעמען, האָט זי זיך דאָך געפילט אומבאַהעגלעך אין גרויס־שטעטיש פריי, ניט ווי די איבעריקע קינדער. פלעגט אָפּט אַוועקגיין און פאַרפאַלן ווערן אַקוראַט אין דער צייט, ווען אין שטוב איז האָס

גאַנצע הויזגעזינד שוין געזעסן אַרום טיש, גרייט אָנצופאַנגען דעם מאָלצייט, בלויז וואַרטנדיק אויף איר קומען.

באַלד איז די מוטער פאַרטיק געוואָרן אין קיך און דאָס עסן צום טיש אָנגעהויבן צו דערלאַנגען. אין אַ פּאָר מינוט אַרום איז אויך קלאַרע אַריינגעגאַנגען מיט אַ שיינענדיקן און פרישן פּנים, הויך און קלינגענדיק גוט־יום־טוב געזאָגט, אין קיך אַריינגעגאַנגען, מיט קאַלטע וואַסער די הענט געוואַשן און ביים טיש זיך גלייך געזעצט. און אין אַ פּאָר מינוט אַרום האָט זיך שוין אין עס־צימער געהערט דאָס פריילעכע קלינגען פון מעסער־און־גאָפּל. דאָס גאַנצע הויזגעזינד האָט פריילעך און לעבעדיק געשמועסט, און די שטימען האָבן העל און מונטער געקלונגען אין דער קלאָרער, יום־טובדיקער פרילינגס־לופט.

— אַך, סאַראַ פיינער טאָג היינט איז אין דרויסן, — האָט זיך קלאַרע מיט איר קלינגענדיקער אַלט־שטימע אָפּגערופן, זיך ווענדנדיק אָט צום טאַטן, אָט צו דער מאַמען, וועלכע זיינען געזעסן איבנאָן און יום־טובדיק־געלאַסן געגעסן, — אַך, טאַטע, סאַראַ שיינקייט ס׳איז אין דרויסן! ס׳איז אַזוי גוט, אַז מען איז ניטאָ אין דער געבורט־שטאָט אַ לענגערע צייט — אַלץ זעט אויס אַזוי שיין, אַזוי ניי, אַזוי איבעראַשנדיק, ווען מ׳קומט צוריק! אָט, טאַטע, האָב איך מיך דורכגעשפּאַצירט אויף קאַליניק... איך בין געגאַנגען העט־ווייט דאָרטן, ביז דעם שליאַך, וואָס פירט צו דער „באָינע“ אַרויף, דורכן שטשיגאָרער וואַלד... אָ, מאַמע, סאַראַ פאַרגעניגן עס איז דאָרט צו גיין, סאַראַ קילקייט, סאַראַ רויִקייט עס הערשט דאָרטן! הערסט, איך בין געגאַנגען דאָרטן כמעט צוויי שעה! פון ביידע זייטן קליינע, איינשטאָקיקע הייזלעך, הייזלעך מיט קליינע הייפעלעך פון פאָרנט, הינער שפּאַצירן זיך דאָרטן אַרום און קוואָקען... די שייבן בלאַנקען דאָרט פון ליטערקייט, דאָס וואַסער אינם גרויסן מיכאַילאָווער ברונים איז אַזוי קלאָר און דורכזיכטיק... און איך בין מיר די גאַנצע צייט געגאַנגען איבער דער זאַמדיקער גאַס און כמעט קיינעם נישט אָנגעטראָפן, אויסער די הינער, וואָס האָבן זיך געגריבלט מיט זייערע שנאָבלען אין דער ערד. און איבער דעם אַלעמען שאָטענען די זיך פונאַנדערגעבליטע בוימער, די הויכע ליפּעס פון ביידע

זייטן וועג, די ווייסע בליענדיקע עפּל־בוימער און קאַרשן־בוימער... אָ, סאַראַ שיינקייט, סאַראַ אַ מחיה! מאָרגן נאָך וואַרמעס, אַז דער טאַטע וועט זיך אויסשלאָפן, וועלן מיר אַלע גיין אַהינצו! יאָ, מאַמע?

איר פריילעכע שטימע האָט זיך געגאָסן און געקלונגען אין דער קלאָרער לופט פונם עס־צימער און אַלע האָבן זיך פון דעם נאָכמער געפילט יום־טובדיק און פריילעך. זי האָט גערעדט אַ סך און מיט הנאה — זי האָט אַפנים געוואוסט, אַז אַלע ביים טיש הערן זיך צו צו איר רייד כמעט מיט אָפּשיי.

— זאָל נאָר דער טייך אינגאַנצן אָפּגערייניקט ווערן פון די קריעס... — האָט זיך אָפּגערופן ר׳ חיים ראָזמאַן, נישט אויפהויבנ־דיק די אויגן פונם טעלער, רעדנדיק צו אַלעמען און צו קיינעם נישט, נאָר גלאַט אַזוי אין דער וועלט אַריין — זאָל זיך נאָר דער טייך אינגאַנצן אָפּרייניקן... די פּאַראָמשטשיקעס ווילן איצט נית רויקירן אַריבערפירן קיין פּאַסאַזשירן אויף יענער זייט טייך: מיט אַמאָל קומט אָן אַ גרויסע קריע פון אַרויף־טייך, פון פינסק־צו, און דער פּאַראַיאָריקער אומגליק קען זיך נאָך איבערחזרן. ס׳עפּעס אַ קלייניקייט! גאָט זאָל שומר ומציל זיין...

אַלע האָבן געוואוסט פאַרוואָס ר׳ חיים דאַרט זיך אַזוי איבער דעם צושטאַנד פונם טייך: משהל האָט מער נית געקענט וואַרטן, ווי נאָך עטלעכע טעג. ראש חודש אייר הייבט מען אָן שוין לערנען אין דער ישיבה, און ער וועט דאַרפן אַרויספאָרן כאָטש מיט צוויי טעג פריער, כדי אָנצוקומען אַהינצו צו דער צייט.

קלאַרע האָט זייער נית געוואָלט לײדן, אַז דער יונגער משהל זאָל שוין אַוועקפאָרן אין דער פרעמד, מוטשען זיך אין דער „ישיב־קע", ווי זי פלעגט די ישיבה אָנרופן, אַז דער טאַטע פלעגט זי נית הערן. און גלאַט, וואָס וועט ער זיך אויסלערנען דאָרטן, אויף וואָס וועט ער פּטרן זיינע יונגע יאָרן? אַ רבל זיין? פאַר אַ שוחט זיך אויסלערנען? פאַר אַ מלמד? אַז „מיר זעען דאָך סיי־ווי־סיי, ווי אַלע יונגע בחורים, נאָכדעם, ווי זיי פינסטערן אָפּ אייניקע יאָר אין דער „ישיבקע", קומען צוריק אינמיטן, פאָרן אַוועק אין אַ גרייסער שטאָט ערגעץ און הייבן זיך אָן „לערנען", — שוין זייענ־דיק גרויסע בחורים הייבן זיי זיך ערשט אָן לערנען אַריטמעטיק און

געאָגראַפֿיע, וואָס אַ ליאַדע גימנאַזיסטל פֿונם ערשטן קלאַס ווייס עס שוין.

— נו, וואָלט נישט געווען גלייכער, ווען משהל הייבט זיך שוין איצטער אָן לערנען? וואָס איז? ער'ט ווערן אַ גוי? נישקשה, ער'ט סײַ=ווי=סײַ ווערן אַ „גוי“!

אַז ר' חיים האָט זי איינמאָל געהערט רעדנדיק אַזוי, האָט ער איר קורץ און אײדל, ווי מע ענטפֿערט אָפֿט אַ גאַסט, וועלכער דאַרף שוין באַלד סײַ=ווי=סײַ אַוועקפֿאָרן און מיט וועלכן מען וויל זיך ניט צעקריגן, געענטפֿערט:

— ס'אַ דאגה דיר, נעם זיך עס נישט גאָרניט צום האַרצן, טאָכטער מײַנע... איך בין גאָרנישט אַזאַ שלעכטער טאַטע. דײַנע קינדער וועסטו שוין אויפֿהאָדעווען, ווי דו ווילסט...

פֿון דעמאָלסט אָן האָט שוין קלאַרע וועגן דעם קיין וואָרט נישט דערמאָנט. געוואוסט האָט זי, אַז דער טאַטע וועט זיך צו איר רייד נישט צוהערן און וועט טאָן זײַנס. הײַנט צו וואָס אַרויסוואַרפֿן רייד? בפֿרט נאָך, אַז משהל אַליין איז קאָנטיק אַזוי גערן צו פֿאָרן, — זײַנע אויגן הייבן אַזש אָן צו בלישטשען, ווען דער טאַטע אָדער די מאַמע הייבן אָן רעדן וועגן די הכנות צו זײַן רייזע.

„ער וועט אַוועקפֿאָרן אין אַ ווייטער שטאָט, וווּ ער קען קיינעם נישט און ווייס קיינעם נישט... דאָרטן זײַנען דאָ אַ סך אַזעלכע יינגלעך, ווי ער. אינאיינעם מיט זיי וועט ער זיצן גאַנצענע טעג און אָוונטן און וועט לערנען, — ווייט פֿון דער היים, פֿונם טאַטן און פֿון דער מאַמען. אַליין אין אַ פֿרעמדער שטאָט, וועט ער וואוינען בײַ פֿרעמדע, אַכטונג געבן אויף זיך אַליין, קומען אין אָוונט אַהיים, אַוועקשיקן צו די עלטערן אַ בריוו.

— ליבער טאַטע! — וועט ער שרײַבן – ערשטנס קאָן איך דיר טאָן מעלדן, אַז מיר האָבן שוין דורכגעלערנט די ערשטע פֿינף פּרקים פֿון בבא=בתרא מיט אַלע תּוספֿות און מהרש"אַ און מהר"ם שיפֿס... צווייטנס קאָן איך דיר לאָזן וויסן, אַז מיר האָבן שוין בעזרת השם יתברך צוליב אָנגעהויבן לערנען הלכות בשר בחלב, און מיר האָבן דערווײַל נישט אַריבער קיין איין ש"ך, און קיין איין ט"ז, און... און....

„יאָ, אָט דאָס וועט ער אים שרייבן — און מער גאָרנישט... און שפּעטער, נאָכדעם ווי ער וועט האָבן אָפּגעלערנט עטלעכע יאָר כּסדר, וועט ער — — — —"

נאָר וואָס וועט זיין שפּעטער, ווען ער וועט שוין האָבן אָפּגע־לערנט עטלעכע יאָר כּסדר, — האָט ער אַוודאי נישט געוואוסט. זיין יינגלשער מוח האָט אים פאָרגעשטעלט פאַרשיידענע בילדער און פאָרשטעלונגען, אַלץ אומדייטלעך און אומקלאָר, איבערגעדעקט מיט אַ גאָלדענעם נעפּל. פון דעם אַלעם איז אים אָבער געווען קלאָר איין זאַך:

— באַלד נאָך פּסח, אַז דער טייך וועט שוין זיין אינגאַנצןריין פון אייז, וועט ער אַוועקפאָרן קיין בערדזע, אַ שטעטל אַזאַ, ער־געץ ווייט אין טשערניגאָווער גובערניע, — אַליין וועט ער אַוועקפאָרן, אַליין אין אַ ווייטער שטאָט, אַליין אין דער פרעמד...

## ד. אַן ערב־יום־טוב.

נאָכדעם, ווי דער וואַרמעס איז שוין געווען צו ענד, האָבן זיך אַלע אויפגעהויבן פון טיש און יעדער איינער האָט זיך גע־נומען טאָן אַ פאַרשיידענע מלאכה.

ר' חיים האָט זיך גענומען צוגרייטן אַן עירוב־תּבשילין. זיין פרוי האָט אים דערלאַנגט אַ שטיקל געדעגלע, וועלכעס ר' חיים האָט צוזאַמען מיט אַ שטיק חלה, נאָכדעם, ווי ער האָט אָפּגעזאָגט די נייטיקע ברכות, אַוועקגעלייגט אויפן שאַפע פאַר אַן עירוב.

די קלענערע קינדער זיינען געבליבן אין עס־צימער שפּילן אין ניס, אין אונטער־טעפּלעך. אַזוי ווי דער טאַטע האָט זיך באַלד גע־לייגט שלאָפן, האָבן די קינדער געשפּילט שטיל און איינגעהאַלטן און גערעדט כּמעט מיט אַ שעפּטשען, און שטיל האָט זיך אין דער ביטאָניקער לופט פון עס־צימער געהערט דאָס קלאַפּן פון די וועלשענע ניס אָן די פּאָליווענע שאָלן און טעלער, אונטער וועלכע זיי האָבן זיך באַהאַלטן.

קלאַרע איז אַוועקגעגאַנגען אין קיך העלפן דער מאַמען צו־גרייטן די יום־טובדיקע וועטשערע. מער פון אַלעמען אין דער פאַ־

מילע — און קלאַרע האָט ליב געהאַט אַלעמען אין דער פאַמיליע — מער פון אַלעמען האָט זי ליב געהאַט איר מוטער. אַסך מאָל אין דער גרויסער שטאָט, וואו זי פלעגט זיך געפינען האָס הײב יאָר, האָט זי געמוזט פאַרבלייבן איבער יום־טוב אויך, האָבנדיק אויף זיך אויסצופילן געוויסע אַרבעטן פון דער באַוועגונג, אין וועלכער זי האָט אַן אַקטיוון אָנטייל גענומען. נאָר דאָס אידעלע און בליפע, פרייציטיק פאַרוועלקטע געזיכט פון דער מאַמען פלעגט איר אַזוי ציען; די בענקשאַפט און דאָס יאָגעניש אַהיים איז געווען אַזוי גרויס, אַז זי פלעגט סוף־כל־סוף נישט אויסהאַלטן און שוין כמעט דעם לעצטן טאָג געלאָזט וויסן איר באַלעבאָסטע, — דער מאָדיסטקע, ביי וועלכער זי פלעגט אַרבעטן, — אַז זי פאָרט טאַקע אַהיים אויף יום־טוב.

אויף גיך פלעגט זי אײַנקויפן די מתנות פאַר די קינדער און פאַר די עלטערן און מיט אַ קלאַפנדיק האַרץ זיך אַוועקזעצן אויפן דאַמפער אָדער אויפן צוג, אויב דער דניעפער האָט זיך נאָך ניט פונאַנדערגעלאָזן; שרעקנדיק זיך, אַז זי זאָל נאָך ניט פאַרשפּעטיקן אַהיים און פאַרשטערן דער מאַמען דעם יום־טוב.

אַז זי פלעגט בשלום קומען אַהיים, פלעגט זיך ערשט אָנהייבן אַ סדרה פון קושענישן און האַלדזענישן. זי פלעגט ממש ניט וועלן אָפּטרעטן פון דער מוטער, פלעגט זיך אַלץ באַקלאָגן פאַרוואָס די מוטער קוקט אויס אַזוי שלעכט און פלעגט יעדן פרימאָרגן זי צווינגען אויסטרינקען כאָטש אַ פּאָר אייער און אַ גלאָז מילך. זי פלעגט אַליין ניט וועלן גאָרנישט נעמען אין מויל אַריין, אַוואַו די מאַמע זאָל נישט האָבן אויסגעטרונקען איר פּאָרציע אייער און מילך.

אַ באַזונדער פאַרגעניגן האָט זי געהאַט און אַ באַזונדער ליבשאַפט האָט זי געפילט אין העלפן דער מאַמען קאָכן, באַקן און טאָן פאַרשיידענע הויז־אַרבעטן. דאָרט, אין דער גרויסער שטאָט, פלעגט זי אין איר קליין, ציכטיק און מיידלש צימערל, פון דאָס לעבן פון אַ יונג און ערשט אויפשפּראָצנדיק מיידל. פלעגט עסן אין רעסטאָראַנען אָדער ביי פרעמדע און פלעגט קיינמאָל ניט האָבן די געלעגנהייט צו טאָן יענע אַרבעט, נאָך וועלכער איר פריילעכע

נשמה פֿלעגט ערגעץ אין די טיפֿענישן גאָרן. דערפֿאַר פֿלעגט זי שוין האָבן גאָר אַ באַזונדערן פֿאַרגעניגן, ווען זי פֿלעגט איצט אָנטאָן דעם ריינעם ציצענעם פֿאַרטעך איבער איר העל־ראָזיק קלייד און העלפֿן דער מאַמען וואַשן דעם געפֿעס אָדער טון אַנדערע היי־אַרבעט.

אין דער קיך איז איצט געווען האַלב־טונקל. דאָס איינציקע פֿענסטער, וועלכעס איז אַרויסגעגאַנגען אין הויף אַרויס, האָט קנאַפּ ליכט אַריינגעלאָזט, מחמת דעם ליימיקן באַרג, וואָס האָט זיך אינם הינטערגרונד פֿונם הויף געהויכט און אַ שטיק פֿונם הויף פֿאַר־טונקלט. נאָר דאָס היטלעכע פֿייער פֿון דעם ברענענדיקן און קנאַקעדיקן האָלץ אין דעם אויוון האָט אָנגעפֿילט די קיך־לופֿט מיט אַ היימלעכער וואַרעמקייט, מיט אַ רויט־פֿאַנטאַסטיש ליכט, וואָס האָט געשפּרונגען און געציטערט אויף די ווענט און אין דער לופֿט.

די מוטער איז געשטאַנען בײַם אויוון און האָט מיט דער קאָ־טשערע געפּאָרעט זיך דאָרט און אַלץ צונויפֿגעלייגט די קנאַקע־דיקע האָלץ. קלאַרע איז געשטאַנען בײַם אויוון פֿאַרן טאַפּטשאַן, אויף וועלכן עס זיינען געשטאַנען אַ געפּלאָכטענער קאָרב און אַ טאָפּ מיט פֿרישן קאַלטן וואַסער. זי האָט גענומען פֿון קאָרב איינ־ציקווייז די געל־גרינלעכע מערן און די ווייסלעכע פּאַסטערנאַקעס, זיי פּאַמעלעך געשיילט און געוואָרפֿן אין טאָפּ וואַסער אַריין.

זוניקע שטילקייט פֿון אַ חול־המועד־טאָג. האָט פֿאַרוועבט די הייז מיט אַ חלומדיקן צוגרייטן זיך פֿאַר אַ יום־טוב. קלאַרע האָט געקוקט אין דער לופֿט אַריין פֿאַרטראַכט און פֿון אַלעם, פֿון יעדן ברעקעלע אַרויסגעפֿילט דאָס פֿריידיקע געפֿיל, אַז זי איז אין דער־היים.

אַ רויטקייט האָט זיך צעגאָסן אויף אירע פֿרישע מיידלשע באַקן. מיט אַ שמייכל האָט זי אַלץ געהאַלטן פֿונאַנדערגעעפֿנט אירע בלוילעכע, גיריקע ליפּן, ווי גרייט אויסצוקושן דעם ערשטן, וואָס וועט זיך איר טרעפֿן אונטערן האַנט.

עס האָט זיך מיט אַמאָל דערהערט אַ שנעל לויפֿן און האָפּ־קען פֿון טריט איבער דעם ווייכן ליימיקן גרונט פֿון הויף. די הינ־טערשטע קיך־טיר האָט זיך איבערגעפּראַלט און חנהלע, די ייִנגסטע

ניין־יאָריקע טאָכטערל ר׳ חיימס, צוזאַמען מיט משהלען זיינען אַריינ־געלאָפן מיט אַ געלעכטער און מיט פריידיקע אויסגעשרייען, יע־דער פון זיי פאַרלויפנדיק דעם אַנדערן דעם וועג, וועלנדיק עפעס דערציילן, און אַריינפאַלנדיק איינער אין דעם צווייטנס רייד.

— אָ, מאַמע, — האָט ענדלעך חנהלעס שטים, אַ מער העזה־דיקע, גובר געווען משהלעס, וועלכער האָט זיך פאַרלעגן אָנגע־שפאַרט אָן וואַנט און געשמייכלט, — אַ, מאַמע, הערסטו, וואָס ביי משהלען קען זיך טרעפן... דער טאַטע, דו ווייסט דאָך, האָט אונז ביידע געשיקט טובל זיין אין טייך די נייע גלעזער און טעלער, וואָס די האָסט היינט אין דער פרי געקויפט. איך האָב זיי די גאַנצע צייט געטראָגן אין קאָשיק, דעם גאַנצן וועג צום טייך, ביז צו די קופּאַלניעס־צו, און האָב גאָרנישט ניט צעבראָכן, קיין איין זאַך ניט... נישט אפשר, משהלע?

— נאַ, זעסטו! ער שווייגט אַליין. ער האָט ניט וואָס צו זאָגן! — האָט זי מיט אַ ניצחונדיק שטימעלע פאָרגעזעצט, און איר פנימל איז אַלץ געוואָרן פאַרפלאַמטער — הערסטו, קומען מיר צו צום ברעג, שטעלן זיך אַוועק אויף אַ שטיין, איך שטעל אַנידער דעם קאָשיק, משהלע נעמט אַרויס דעם טעלער, מאַכט אַ ברכה און טונקט אָפּ דעם טעלער אין וואַסער... מיט אַמאָל דערזע איך אַ פליט שווימט אַרונטערן טייך, אַ לאַנגער, מאַמע, אָ, גאָר אַ לאַנ־גער, ווי פון דאַנען ביזן קלויסטער... יאָ, נאָך לענגער אפילו! — האָט זי פאַרביסן אויסגערופן, ווען די מאַמע און קלאַרע האָבן אויסגעבראָכן אין אַ געלעכטער, קוקנדיק אויף איר פאַרפלאַמטקייט און קאָכן זיך, — יאָ, נאָך לענגער אפילו, גלויב מיר, כ׳האָב אַליין געזען... הערסטו, איז קוק איך מיר אַזוי, ווי דער רויך גייט פון די אויוונס אויף די פליטן — „זע נאָר, משהל״, זאָג איך, „קוק ווי די גוים קאָכן וואַרמעס — ערשט ער קוקט שוין פון לאַנג פאַרחלומט אויף די פליטן, ווי אַ פאַרחלומטער... און דאָ הייבט ער אויף די האַנט, וויל מיר אויך עפעס ווייזן, — און דער טע־לער שווימט ביי אים אַוועק... אָט אַזוי, פאַמעלינקע, זיך אַוועק־געשוואומען ביזן סאַמע גרונט... גיי, מען קען נאָך איצטער זען, אַ־נאָ ליגט ער נאָך דאָרטן אינם וואַסער... גיי, משהל! — האָט זי

אים אַ קיצל געטאָן און שטיפֿעריש געצייגט מיט אַ פֿינגער — קום, לאָמיר פֿאַרוואַרפֿן אַ ווענטקע און אים אַרויסנעמען!

משהל האָט זיך אַ כאַשמעטער אַ ויסגעשלייכט פֿון דער קיך, אַרײַנגעגאַנגען אין זאַל, גענומען אַ ספֿר און אָנגעהויבן אַרײַנקוקן דערין, זיך פֿונדעסטוועגן צוגעהערט מיט איין אויער צו דעם, וואָס קומט פֿאָר אין קיך. די מאַמע האָט מיט אײַנגעהאַלטענער פֿרייד און ליבשאַפֿט זיך געבייזערט אויף חנהלען, נאָכמאָל זי לאַכט אָפּ פֿון אַן עלטערן ברודער, איר געגעבן צוויי אָנגעשיילטע מערן, איינעם פֿאַר איר, דעם צווייטן זאָל זי אַוועקטראָגן משהלען אין זאַל אַרײַן.

— דו זאָלסט אים איבערבעטן, נאַרישע שטיפֿערין איינע... גיי, בעט אים איבער, ער איז דאָך אַן עלטערער... דו הערסט, צי ניין?...

און ווידער איז שטיל געוואָרן. היים און יום־טוב און זון האָבן זיך געוועבט איבער אַלע צימערן.

## ה. אַ פּ ר י ל י ג ־ נ אַ כ ט.

אַ זייגער נײַן אין אָוונט, ביים עק פֿון דער וועטשערע, ווען ר׳ חיים האָט הויך אויפֿן קול געזאָגט די ברכת־המזון און די קינדער האָבן צוגעקליבן פֿון טיש, איבערלאָזנדיק מער נישט ווי איין מצה, כּדי דער טיש זאָל ניט זײַן ליידיק ביים בענטשן, — האָט קלאַרע אַרויפֿגעוואָרפֿן אַ לייכטע פֿאַטשיילקע אויף אירע דינע, ציטערדיקע אַקסלען, מיטן האַנט אַ ביסל פֿאַרריכט אירע האָר ביים שפּיגל און זיך אָנגערופֿן צו דער מאַמען הויך, אַז דער טאַטע זאָל אויך הערן: ס׳הייסט, זי האָט קיין מורא ניט... זי האָט דאָ פֿאַר קיינעם נישט קיינע סודות!

— מאַמע, כ׳וועל מיך אַ ביסל הורכיין נאָך וועטשערע אויפֿן שליאַך. ס׳איז היינט אַזאַ שיינער אָוונט... קום, משהלע, קום אויך מיט מיר, מירן זיך אַ ביסל הורכיין...

— טאַטע, — האָט זי זיך באַלד געווענדט צום פֿאָטער, זע־ענדיק, ווי משהל, קווענקלענדיק זיך, האָט אַרונטערגעלאָזן דעם

קאָפּ צום טיש אַרונטער, — טאַטע, משהל קאָן אויך גיין מיט מיר, אַיאָ? צי וואָס זאָל ער זיצן אַזאַ אָונט אין הויז!...

ר' חיים האָט, דערענדיקנדיק דעם בענטשן, אַ ביסל אַ דריי געטאָן מיטן קאָפּ פון רעכטס אויף לינקס, נישט געבנדיק קלאָר צו וויסן, צי יאָ, צי ניין, ער האָט צונויפגעצויגן זיינע ברעמען. ס'האָט געדאַרפט הייסן:

— דאַרפסטו נאָך האָבן, איך זאָל אים בפירוש הייסן גיין? נישט גענוג נאָך, וואָס איך הייס אים נישט, אַז ער זאָל נישט גיין!...

זיי זיינען אין אַ ווײַלע אַרום אַרויסגעגאַנגען אין גאַס און גלייך פאַרטרונקען געוואָרן אין דער פינסטערניש.

אויף דער קיעווער גאַס, אויף וועלכער ר' חיימס הויז האָט זיך געפונען, איז געווען שטאָק־פינצטער. ווייט, איבן סאַמע מערבדיקן עק גאַס, וואָס גיסט זיך אַריין אינם קילעכדיקן מאַרק אַריין, האָט זיך אַפילו געלויכטן אַ שוואַך־שיינענדיקע רויטלעכע קעראָסין־לאָמפּ אויף אַ הויכן סלופּ. נאָר דאָ, ביים הויז, איז געווען שטאָק־פינצטער, — די וואַרעמע, פייכטע פינסטערקייט פון אַ פרילינגס־נאַכט.

זיי זיינען געגאַנגען, ברידער און שוועסטער, איבן שמאָלן, ערטערווייז ציגלנעם, ערטערווייז הילצערנעם טראָטואַר. די פאַ־פסחדיקע בלאָטעס האָבן ערשט אָנגעהויבן אויסצוטריקענען, און די ערד איז נאָך געווען איידל־ווייך. ס'איז געווען באַזונדערס ליב, ווען זיך אַרונטערגליטשנדיק אָפּט פון טראָטואַר אַרונטער, פלעגט מען דערפילן אונטערן פוס די ווייכקייט און נאַכגיביקייט פון דער ערד. די לופט איז געווען קאַלטלעך און שמעקעדיק, און עס האָט זיך שוין געשפּירט אין איר דער ריח פון זיך־פונאַנדערבליענדיקע ליפּעס און אויפשפּראָצנדיקע גראָזן ביים וועג.

פון יענער זייט טייך, וועלכער האָט זיך געצויגן אין דער נידער, נישט ווייט פון דער קיעווער גאַס, און וועלכער איז איצטער אינגאַנצן געווען איינגעדעקט אין פינסטערניש, האָבן זיך געהערט איינצלנע, איינזאַמע אויסגעשרייען אין דער טונקעלער נאַכט אַריין; אויסגעשרייען פון פייגל, פון גרויסע בושעלס און קאָוועס, פון שוואַלבן

אין אַנדערע זומער־פֿייגלען, וואָס זײַנען אָנגעקומען צוזאַמען מיטן פֿרילינג. האָרט, אויף די פֿעלדער און אין די וועלדלעך, וואָס אויף יענער זײַט טײַך, האָבן זיי שוין נעסטן אויסגעבויט און זיך איבערגעשלאָפֿן איצט אין דער פֿינצטערניש. דאָס געשריי פֿון די פֿייגל אין דער נאַכט האָט זיך צונויפֿגעמישט מיטן אײַנגעהאַלטענעם, טעמפּן און טרויבלעכן רױשן פֿון די זיך אָקאָרשט פֿונאַנדערשטראָמענדיקע וואַסערן אין טײַך, און האָט אינגאַנצן אָנגעפֿילט די לופֿט. דאָרט, אויף די לאָנקעס אויף יענער זײַט טײַך, און אין די פֿעלדער אַרום שטאָט, וואָס האָבן זיך געצויגן אויף מײַלן און מײַלן ווײַט, אין דער פֿינצטערער טונקלקייט, איז עפּעס אין דער שטיל איצט פֿאָרגעקומען, — עפּעס האָט זיך דאָרט איצט אײַנגעהאַלטן און סודותדיק געוועקט. אין דער פֿרילינגדיקער זאַטער נאַכט־פֿינצטערקייט האָט די ערד זיך דאָרט פּאַמעלעך געעפֿנט, גרעזער האָבן אַרויסגעשפּראָצט... מיט יעדער מינוט, מיט יעדן אויגנבליק האָבן די גרעזער און קרײַטעכצער זיך געהויבן האָרט אין דער הייך, און זאַפֿט איז געראָנען פֿון דער ווייכער, נאַסער ערד אין די אָדערן פֿון די ביימער. באַהאַלטן און פֿאַרהוילן פֿון אַלעמען האָבן אין דער שמעקעדיקער טונקלקייט שטיל און אײַנגעהאַלטן איצט עפּעס קנאָספּן זיך פֿונאַנדערגעוויקלט, — פּאַמעלעכע זיך פֿונאַנדערגענומען...

קלאַרע און משהל זײַנען אַרויסגעגאַנגען פֿון דער קיעווער גאַס אין מאַרק אַרײַן. דאָ איז געווען שוין אַ ביסל ליכטיקער פֿון די אײַנצלנע לאָמפּן, וועלכע זײַנען געווען צעוואָרפֿן איבערן מאַרק, און דעם גרויסן גאַז־לאַמטערן, וועלכער האָט געלויכטן פֿאַר דער „אָפּראַווע". דאָ איז אויך געווען לעבעדיקער. כמעט אַלע באַדײַטנדיקע גאַסן פֿון שטאָט זײַנען זיך צוזאַמענגעקומען אין מאַרק. און פֿון די דאָזיקע גאַסן האָבן זיך אַלץ באַוויזן ניי־אָנקומענדיקע מענטשן, יונגעלײַט און מיידלעך, מערסטנטיילס מיידלעך אין העלע פֿרילינגס־קאָסטיומען, מיט שאַלן און דורכזיכטיקע גאַזן אויף די קעפּ. אַז אַ ווינטל פֿלעגט בלאָזן, פֿלעגן די דינע, דורכזיכטיקע שאַלן אין גאַזן זיך אויפֿהייבן און הוידען אַרום מיידלשן קאָפּ, און ס'איז געווען דעריבער דער אײַנדרוק, ווי ווען ליכטיקע קרוינען, ווי בײַ

הייליקע, פלעגן אַרומרינגלען זייערע קעפּ... אַנדערע מיידלעך האָבן נאָך געהאַט אַרויפגעוואָרפן אויף זייערע דינע אַקסלען די ווינטערדיקע רעקלעך און סאַקן. נאָך אַנדערע מיידלעך זיינען געגאַנגען מיט אַנטבלויזטע קעפּ, האָבן פאַרשייט געשמייכלט און געפילט אַזוי גוט, ווען דער ווינט פלעגט פונאַנדערבלאָזן און אַרומוואַרפן זייערע האָר.

ס׳איז געוואָרן אין מאַרק אַלץ פרייליכער און לעבעדיקער. באַקאַנטע האָבן זיך געגריסט און זיך איבערגעוואָרפן מיט ווערטער, צונויפגעקניפּטע שמועסן. דער עולם איז אַלץ געוואָרן גרעסער און גרעבער, וואָס ווייטער מען איז געקומען צום ענד פון דער פאַקראָווסקע גאַס, וועלכע פירט פונם שטאָט אַרויס, צום מיכאַלקער טראַקט. נישט אַלע זיינען געגאַנגען מיט אָט דעם הויפּטוועג. אַ סך זיינען געגאַנגען מיט זייטיקע וועגן, איבער די פעלדער און נאָך נישט פאַרזייטע גערטנער, און די מיידלעך האָבן מחמת דער פייכטקייט און דער בלאָטע געהאַלטן זייערע קליידלעך אַ ביסל אויפגעהויבן, און עס האָבן זיך אַרויסגעזען זייערע ווייסע האַיילקעס און זאָקן, וועלכע זיינען געווען שטייף אָנגעצויגן אויף זייערע פיס. ווי אָבער זיי זיינען צוגעקומען צו דעם איבעריקן עולם, האָבן זיי, פאַרשעמטערהייט, זיי אַרונטערגעלאָזן.

מען איז שוין באַלד געווען הינטערן שטאָט און דער עולם האָט זיך אָנגעהויבן פילן פרייער און זיכערער. די שטימונג איז געווען אַ טאָפּלט־יום־טובדיקע: אי מחמת דעם ליבן יום־טוב פסח, פון וועלכן עס זיינען נאָך דערווייל פאַרבליבן צוויי טעג, און וועלכע מ׳וועט נאָך קענען אַזוי גוט פאַרברענגען; און אי מחמת דער פייערלעכקייט און שטאָלץ און פרייד, וואָס צוליב דער גרויסער וויכטיקייט פון דעם איצטיקן גאַנג — מען גייט צו אַ געהיימער פאַרזאַמלונג ערגעץ אין אַ וואַלד... מען וועט זיך דערוויסן עפּעס נייס פון דעם, וואָס ס׳קומט איצט פאָר אין גאַנץ רוסלאַנד... ס׳האָט דורכגענומען אַלעמען איצט אַזאַ מאָדנער אָנגענעמער שוידער פון גרויסער וויכטיקייט: אין דער זעלבער צייט, וואָס זיי, אפשר טאַקע אין דער זעלבער שעה, — אין אַ סך יידישע שטעט און שטעטלעך, אין דערפער און אין דערפלעך — ציען זיך מאַסן מענטשן אַרויסן שטאָט אויף פאַרבאָרגענע פאַרזאַמלונגען, אויף אויסנשטאָטישע מיטינגען.

— מען זאַמלט פּחות און מען גרייט זיך, און מען מאַכט זיך פאַרטיק צו דער „ריכטיקער צייט"... און דאַן — דאַן וועט „עס" קומען...

דער עולם איז געוואָרן אַלץ לעבעדיקער און אויפגעלעבטער. צו־ערשטן לאַנגזאַם און איינגעהאַלטן, דערנאָך הייסער און אָפענער האָט זיך אַ געשפּרעך אָנגעהויבן צונויפבינדן.

— קוק נאָר, זע נאָר, וועמען איך טרעף דאָ! — גוט'ן אָוונט, כאַשקעלע! — ווי... ווי קומסטו אַהער צו?!

כאַשקע ענטפערט מיט אַ ביסל אַן אויפגעהויבענעם קאָפּ און מיט אַ בלישטשל אין די אויגן:

— אָט זעסט דאָך, אַלץ קען זיך טרעפן...

— ווער וואָלט עס געקאָנט דענקען? כאַשקעלע, שלמה דיינ'ס טאָכטער...

— אָ, היינטיקע קינדער! — גיט כאַשקעלע אַליין צו מיט אַ געמאַכטן זיפצל, — שאָקלענדיק פרום־טרויעריק מיטן קאָפּ.

אַלע פּלאַצן אויס אין אַ געלעכטער, מע־ערע וואַרפן זיך אַריין אין שמועס.

— די מאַמע פרעגט מיך: וואוהין גייסטו, טעכטערל? זאָלסט ניט קומען שפּעט... זע אָקאָרשט! „— מאַמעלע, מיר האָבן דאָך היינט אַ רעפּעטיציע... ווייסט גאָרנישט? באַלד נאָך שבועות וועלן מיר שפּילן אין שטאָטגאָרטן די דראַמע „דאָקטאָר יוזעלמאַן" אָדער „לעבן אָדער טויט"... ווייסט גאָרנישט?"

— און איך האָב זיך געדאַרפט אויסהיטן פון מיין קלענערער שוועסטערל... פאַלט אַריין איינע אַ מיידל מיט בלאָנדע האָר, מיט בלאָע אויגן און קינדישן שמייכל. — אַזאַ קלוגיטשקע! נאָר זי האָט ליב מיך נאָכצושפּירן... וויל נישט, אַז איר עלטערע שוועסטער זאָל זיין אַ „ציציליסטקע", פאַרשעמען טאַטע־מאַמען!... בעט זיך אַזוי אומשולדיק: רחל, זע, נעם מיך אויך מיט זיך, כ'וויל אויך אַ ביסל שפּאַצירן אויף דער הויפּט גאַס.. און איך זאָג איר אַ ליגן: כ'קען ניט, חיהלע, כ'האָב היינט אַ „סווידאַניע"... אַז דו'סט עלטער ווערן, וועסטו אויך גיין... ווי דענקט איר, חברטעס, גאָט וועט מיך ניט שטראָפן פאַר אַזאַ ליגן אום סאַמע יום־טוב? — ווענדיקט

דאָס דאָזיקע מיידל מיט אַ גרויסקייט, — זי ערלויבט זיך צו רייזן אין אַ שפּאַסיקן טאָן וועגן גאָט...

— אָי, עפּעס שרעקט מיר דאָס האַרץ.. — הייבט זיך אָן אַ צווייט מיידל, מיט גלאַט־פּאַרקעמטע האָר, און מיט אַ פרומען פּנים, ווי בײַ אַ יונגער רביצין. הערט דאָך, כ׳בין געגאַנגען מיט זײַטיקע וועגלעך הינטער דער שטאָט, מיט די גערטנער, כּדי מען זאָל מיך נישט באַמערקן. איך האָב עפּעס געדאַרפט טראָגן... כ׳מיין.. גאָר־נישט, כ׳האָב גאָרנישט ניט געדאַרפט טראָגן, נאָר כ׳האָב גלאַט נישט געוואָלט, אַז מען זאָל מיך באַמערקן... גלאַט אַזוי... ערשט איך גיי דורך נישט ווייט פון דער גרעניצע — קיין אַנדער וועג האָב איך נישט געהאַט — ערשט איך דערהער אַ הונט בילן. וואָס אַמאָל ווערט עס נעענטער און העכער.... איך דערקען: דאָס איז דעם זשאַנדאַרם הונט. ס׳איז טאַקע געווען נישט ווייט פונם זשאַנדאַרם הייזל. כ׳האָב מיך גלייך אַנידערגעלייגט אויפן גראָז לעבן פּאַרקן און געוואַרט מיט האַרץ־קלאַפּעניש ביז וואַנען דאָס בילן האָט זיך אײַנגעשטילט. נאָר דוכט זיך... כ׳האָב מורא, אַז דער זשאַנדאַר זאָל נישט ווערן עפּעס פאַרדעכטיק.. כ׳האָב דוכט זיך באַמערקט זײַן האָריקן קאָפּ אַרויסקוקנדיק דורכן רויט־געפאַרבטן פענסטער....

בײַ דער זײַט פונם וועג, אין מיטן טיפן גראָז און קוסטעס זײַנען דורכגעגאַנגען צוויי אומדייטלעכע, מטושטשע פיגורן, ווי שאָטנס פון בוימער, האָבן זיך שטיל, ווי געשפּענסטער, דורכגעשלייכט און פאַרשוואונדן אין וואַלד.

— דאָס איז זיאַמקע און מאָטל — האָט זיך דערהערט אַ סודותדיק שושקען זיך, וועלכעס האָט זיך געצויגן שטיל אין דער נאַכט. אַלע האָבן נעענטער זיך צוגערוקט איינער צום אַנדערן. עפּעס ווי אַ אומרויקער, שרעקעדיק־שוואַרצער פויגל איז דורכגעפלויגן.

— פון דער „באָיעוואָיע דרושינע"...

— פונם אַוואַנגאַרד...

— האָט איר באַמערקט די לאַנגע גראָבע שטעקנס, וואָס זיי האָבן געטראָגן? —

— יאָ! — ניין! — יאָ! — וואָס איז דען? —

קעפּ האָבן מיט שרעק גענייגט זיך צו דער מיט, פון וואַנען די פראַגע האָט זיך געהערט. די פּנימער האָבן איבערגעדריקט סודותדיקייט און אומרויִקע פאַרזאָרגטקייט.

— זיי נעמען זיך פונאַנדער... אינעווייניק זיינען דאָס קינדשאַלן, מעסערס, קוילן... אַז מען גייט מיט דעם אין גאַס, קאָן מען נישט וויסן, מען קאָן גאָרנישט ניט פאַרדעכטיקן. ס'איז זייער נייטיק... יאָ.

מען האָט זיך דערנענטערט צום וואַלד, דאָ האָבן די צוקומענדיקע ערשט באַמערקט, ווי פון פאַרשיידענע זייטן דערנענטערן זיך קופּקעלעך מענטשן, גרופּעס, פּאָרלעך, איינציקע. עס האָט אַ ביסל געשראָקן אַריינצוגיין אין וואַלד. עס האָט זיך געטראָגן פון דאָרטן אַ פייכטקייט און אַ פאַרדעמפּקייט. קרעניצעס האָבן דאָרטן געפּליסט און אין מאַנכע טאָלן און טעלכעלעך, וואָס זיינען געדיכט אַרומגערינגלט פון ביימער, און וואו אַ פינסטערניש הערשט אַפילו אין מיטן טאָג, איז נאָך דער שניי ניט אינגאַנצן פונאַנדערגעגאַנגען און די ווייסע בלייכלעכע פלעקן אין דער אַרומיקער טונקלקייט האָבן אָנגעוואָרפן אַ פּחד. איך דעם מיט מאָך און גראָז באַוואַקסענעם גרונט פונם וואַלד האָבן זיך געוואַלגערט טרוקענע צווייגן פון ביימער, שישקעס, בלעטער. אַז איינער פלעגט אַ צישטאַרקן טראָט געבן און עס פלעגט זיך דערהערן אַ סקריפּען און אַ טרייעשטשען פון אַ פאַרטריקנטער צווייג — פלעגט ער זיך באַלד אין שרעק, ווי אַ שולדיקער, אַ כאַפּ טאָן, צוהאַלטן אינסטינקטיוו דעם מויל און איינהאַלטן דעם אָטעם. פון די ביימער האָט געקאַפּעט אָפּגייענדיקער שניי און קילע טראָפּנס ראָסע...

## ו. די געהיימע פאַרזאַמלונג.

דער עולם האָט זיך דערנענטערט צום מיטן וואַלד, צום „שרים-טאָל“.

אַ סך לעגענדעס און מעשהלעך זיינען געווען פאַרבונדן מיט אָט דעם טאָל. דאָ האָבן זיך די פּוילישע מיאַטעזשניקעס פונם יאָר 1863 באַהאַלטן עטלעכע טעג נאָכאַנאַנד און די רוסישע קאָ-

זאַכן האָבן זיי ניט געקענט געפינען. זיי האָבן באַגראָבן אין דער ערד זייער געווער, שטיקער גאָלד און זילבער און טייערע פאַפּירן. אין דעם דאָזיקן טאָל געפינט מען נאָך עד־היום פון מאָל צו מאָל, נאָכדעם, ווי די פרילינגס וואַסערן שווענקען אָפּ אַ שטיק גרונט, אַרויסטאַרטשענדיקע, ווייס־בלייכלעכע ביינער און שאַרבנס פון מתים. קיינער פון די שטאָט־איינוואוינער וואָלט זיך ניט איינשטעלן, גיין אַהערצו אין דעם טאָל, דער־הויפּט נאָך ביינאַכט; און דערי־בער האָט מען אויסגעקליבן דווקא אָט דעם טאָל צוליב דעם פּאַסיקסטן אָרט פאַר אַ געהיימער פאַרזאַמלונג.

איז דאָ געווען טונקל, כמעט פינסטער, דער שוואַכער שטערן־שיין איז דורך די געדיכטע צווייגן כמעט ווי נישט דורכגעגאַנגען. אין דער טונקלקייט האָבן זיך געהעלט מיידלשע קליידער און ליכטיקע מאַנסבילשע פרילינגדיקע אָנצוגן.

אַלע האָבן זיך צעזעצט אויף די שיפּועים פונם קיילעכדיקן, נישט זייער גרויסן טאָל. אינמיטן טאָל, אַרום אַן אַלטן „פּיען", פון וועלכן גרויסע וואָרצלען האָבן זיך פונאַנדערגעשלענגלט אין אַלע זייטן, זיך אויפגעהויבן פון אונטער דעם גרונט, זיך געדרייט אין אַ האַלב־קיילעכדיקער ליניע און זיך צוריק אַריינגעוואקסן אין דער ערד, ווי האַלבע בויגנס, — זיינען געזעסן עטלעכע יונגע־לייט. איינער פון זיי, וואָס אין מיטן, אָן אַ הוט און מיט אַ האַרט געשוירענעם, כמעט געגאָלטן קאָפּ איז געווען סאָמקע, ער פלעגט אַראָפּקומען אַהער פונם „ראַיאָן", פון האָמליע, זייער זעלטן בלויז,— ווען ס'איז געווען עפּעס זייער וויכטיקס אויפצוטאָן. קיינער פלעגט נישט וויסן וואו ער פלעגט איינשטיין פאַר דער צייט, וואָס ער פלעגט זיין אין שטאָט, קיינער פלעגט ניט זען, ווי אַזוי און פון וואַנען ער פלעגט קומען צו גיין אויף דער פאַרזאַמלונג, ווי אַזוי און וואוהין ער פלעגט פאַרשווינדן ווערן ביים ענד. באַלד ווי ער פלעגט אָפּהאַלטן זיין רעדע, פלעגן זיך די אַרומגעקליבענע אַ לאָז טאָן אין דער מיט, ווער צו שטעלן אים אַ פראַגע און ווער גלאַט אַזוי אים אָנקוקן — נאָר ס'איז שוין געווען צו שפּעט: ער איז שוין נעלם געוואָרן...

איצטער איז ער געזעסן אין מיטן טאָל, אויף אַ האַרטן „פּען".

פֿון ביידע זייטן — נחומקע און קאַרלינקין. זיי האָבן גערעדט אין דער שטיל צו אים, איינגערוימט אים אַוודאי זייער וויכטיקע סודות. אַלע ווײַלע פֿלעגן זיי זיך מיט וויכטיקייט אַרומקוקן אין דער זייט, וואו זיי פֿלעגן באַגעגענען די מיט אָפּשײַ אין הדר־ארץ אויף זיי קוקנדיקע בליקן פֿון די פֿאַרזאַמלטע.

ער אָבער, דער רעדנער, האָט זיי, ווײַזט אויס, גאָרניט געהערט. מיט אַ מידן אַראָפּגעלאָזענעם קאָפּ, מיט דער דאַרער האַנט רײַבנדיק דעם בלייכן שטערן, האָט ער מיד און פֿאַרטראַכט געקוקט אַרונטערצו אויף די נאַסלעכע, טײַלווײַז מיט שניי־באַדעקטע שטיינדלעך, וואָס זײַנען געלעגן בײַ זײַנע פֿיס. ס'איז געווען ניט קלאָר, וואָס אָט די מידע, מיט אַ נעפּלדיקער הײַל פֿאַרצויגענע אויגן האָבן אויסגעדריקט: אַ פֿאַרטראַכטקייט אָדער גאָר אַ מידקייט פֿון אַן איבערגעאַרבעטן און אַ קלוגן, וואָס ווייסט אייגנטלעך ניט, צוליב וואָס מען הילט אים אין די אויערן און מען דרייט אים אַ ספאָדק.

נאָר באַלד האָט ער זיך אויסגעהויבן פֿון זײַן פּלאַץ, אַ פּיר געטאָן מיט דער האַנט איבערן שטערן, אַ פֿאַרלעגענעם שמייכל געטאָן און אָנגעהויבן אין דער שטילקייט וואָס האָט זיך אין דער זעלבער מינוט אײַנגעשטעלט אַרום אים, אין טאָל:

— אייגנטלעך... אייגנטלעך האָב איך אײַך גאָר ניט וואָס צו זאָגן.... ס'איז אַזוי די זאַך..

אַלע האָבן גלײַך אויסגעשטרעקט די העלזער, זיך אײַנגעבויגן פֿאָראויס, די פּנימער אָנגעשטרענגט־אויסגעצויגן, בלײַבנדיק זיך אין דער פֿינסטערניש.

בײַ דער זייט, אויף אַ קליינעם, גראָז־הײַלן, זאַמדיקן פּלאַץ, איז געזעסן קלאַרע. הינטער איר, ווי באַהאַלטנדיק זיך אין נישט זיכער, איז געזעסן משהל, איר ברודער. ער האָט די גאַנצע צײַט, וואָס ער איז געגאַנגען מיט דער שוועסטער צום וואַלד־צו, געפֿינען זיך, ווי אין אַ פֿיבער. אַ געפֿיל פֿון חרטה אויף דער זינד, וואָס ער באַגייט, אָפּנאַרנדיק דעם טאַטן און גייענדיק אין אַ יום־טובֿדיקער נאַכט אויסערן שטאָט אויף אַ פֿאַרזאַמלונג פֿון די „דעמאָקראַטן", איז געווען אויסגעמישט מיט אַן אַנדערן, אַ באַהאַלטענעם, ציטערדיקן געפֿיל, אַ געפֿיל פֿון אַ סוד, — אַן ערשטן סוד; אַ

שאַרף, אָנגענעם געפֿיל, פֿון איינעם, וועלכער נעמט אָנטייל און איז אַן עדות פֿון עפּעס געהיימעס, וואָס מען באַגלייבט דאָס אים, אַז ער וועט שוין דאָס הייליק און מיט איבערגעבנקייט היטן. מיט ווייט־צענומענע אויגן און מיט אַן אָפֿענעם מויל האָט ער נאָכגעפֿאָלגט דעם רעדנער, וועלכער האָט זיך שוין איצטער געהיצט און געוואָרפֿן מיט די הענט:

—ס׳איז דאָך קלאָר... ווען אַ גרויסער שטורעם פֿליט דורך איבערן לאַנד, מוזן בוימער פֿאַלן... און אַז מען האַקט אַ בוים — פֿליִען שפּענדלעך...

געוואָלט האָט ער דערמיט דערווייזן דעם געדאַנק וועגן דער אומפֿאַרמײַדלעכקייט פֿון מענטשלעכע קרבנות אין אַ פֿרייהייטס־באַוועגונג. דערבײַ האָט ער אויך שוין אַוודאי געהאַט אַ פֿאַרבאַהאַלטענעם מיין: צוגרייטן די מוחות פֿונם עולם צו די וויכטיקע פּאַסירונגען, וואָס האָבן געדאַרפֿט גאָר אינגיכן קומען. ער האָט נעמלעך געהאַט אַ געהיימען באַפֿעל, אָפּצוראַמען דעם היגן געהילפֿער־איספּראַווניק, וועלכער האָט שטאַרק פֿאַרפֿאָלגט די היגע באַוועגונג. נאָר דערווײַלע איז ער נאָך צו דעם נישט צוגעקומען. מיט אַ בלייכן, אויסגעקרימטן געזיכט פֿון כּעס און אויפֿרעגונג, מיט שוים אויף די ליפּן האָט ער הויך געשריִען און מיט צאָרן אויסגעפֿאָדערט „צו טאַטן, צו טאַטן"... זײַן קול האָט געקנאַלט און געדונערט און זיך פֿונאַנדערגעשאָטן צווישן די געדיכטע סאָסנע־ביימער פֿונם טונקעלן וואַלד...

מיט אַ צוויי שעה שפּעטער איז שוין קאָרע געלעגן אויסגעשטרעקט אויף איר געלעגער, אויף אַ קשעטקע, וואָס איז געשטאַנען אין עס־צימער האַרט בײַם פֿענסטער. דאָס פֿענצטער איז אַרויס צו דער גאַס. שטיל האָט זי זיך אין שטוב אײַנגעשליכט מיט שווימענדיקע טריט, ווי אַ קאַץ, כּדי נישט אויפֿצוּוועקן די עלטערן; געפֿונען אין דער פֿינצטער איר געלעגער, זיך אויסגעטאָן און זיך אַ מידע פֿונם סך גיין אַנידערגעלייגט שלאָפֿן.

זי איז אָבער נישט אַזוי שנעל אײַנגעשלאָפֿן. דורך דאָס אָפֿענע פֿענצטער האָט זיך געטראָגן אין שטוב אַרײַן אַ פֿרישע שמע־

קעדיקייט, אַ קילער, דערפֿרישנדיקער ריח פֿון פֿרילינג. איך איז געווען וואַרעם, נישט קיקנדיק אויף דאָס קילע ווינטל, וואָס האָט געבלאָזן פֿון דרויסן. זי האָט אָפּגעדעקט פֿון זיך דעם ליילעך, פֿונאַנדערגעלאָזן אירע געדיכטע, פֿעטע האָר, און זיי האָבן זיך געשוואַרצט, ווי חאָבן, אויף דעם ריינעם ווייסן קישן. זי האָט טיף געאָטעמט, הייבנדיק הויך די ברוסט. די לופֿט אין שטוב איז געווען געשמאַק און אָנגעזאַפּט מיטן ריח פֿון „פֿילקע", פֿון זעגעכץ. וועלכע די קינדער האָבן געבראַכט בייטאָג לכּבֿוד יום-טובֿ פֿון ברעג-טייך, פֿון חאַרטן, וואו די זעגער האָבן געזעגט די גרויסע קיילעכדיקע קלעצער, אָנגרייטנדיק ברעטער פֿאַר די בערלינעס אין שיפֿלעך, וועלכע מען הייבט ביים ברעג-טייך אָן צו בויען, מיטן אָנקומען פֿון זומער. די פֿילקע איז געווען איבערגעשאָטן אויפֿן פֿריש-אויסגעוואַשענעם דיל און האָט אָנגעפֿילט די לופֿט מיט אַ זאַפֿטיקן ביימער-ריח.

שטילע גערוישן האָבן זיך געהערט פֿון דער דרויסנדיקער לופֿט. ס'האָט זיך געטראָגן אַ ווייט און איינגעהאַלטן שוימען פֿון די וואַסערן אין דעם זיך פֿונאַנדערלאָזנדיקן טייך. איינגעהאַלטן האָט דאָרטן, אין זאַפֿטיקער פֿינצטערניש, דאָס וואַסער גערוישט, געשטראָמט און געצויגן זיך אַרונטער-טייך-צו, געוואַשן די שטיינער ביי די זאַמדיקע ברעגן. פֿייערלעך האָבן דאָרטן געמינעט פֿון אויף יענער זייט טייך, וואו ס'איז געשטאַנען די רעטונגס-סטאַנציע, אַ שוואַרצע און אַ צעפֿלאָסענע אין דער נאַכט.

דער שטענדיקער וואַכמאַן, אַן אַלטער איבערגעדינטער מאַטראָס, איז דאָרט געזעסן און זיך איינגעהערט צו די פֿאַרשיידענע קולות, וואָס האָבן זיך געטראָגן איצט אין דער לופֿט. זיין גאַנץ לעבן, פֿון סאַמע יוגנט אָן, האָט ער פֿאַרבראַכט אויף אַ גרויסער האַנדלס-שיף, וואָס פֿלעגט דורכשניידן דעם שוואַרצן ים, גייענדיק פֿון אָדעס קיין קאָנסטאַנטינאָפּאָל. און איצטער האָט ער, זיצנדיק אויף אַן איבערגעקערטן שיפֿל ביים ברעג פֿונם רוישנדיקן, פֿונאַנדערגעשפּילטן טייך, געטראַכט וועגן יענע נעכט, פֿאַרבראַכטע אויפֿן דעק פֿונם גרויסן נאַסן אָקרענט, וואו ער פֿלעגט אין די גרויע פֿאַרטאָגן הערן די געשרייען פֿון די מעווען און וואַסער-פֿייגל און אין

די טונקעלע טומאַנע נעכט האָט אומהיימלעכע נידעריקע טרובען פון די טירענעס. איצט צוליב האָט ער געהערט אינם אַרום קולות— קולות פון קראַקענדיקע וואָראָנעס און וויינענדיקע סאָוועס, קולות פון פייעש אין פון נאַכטיגאַלן.. דער עיקר אָבער עפּעס אַלץ אומבאַשטימטע קלאַנגען אַזעלכע, — ווי עפּעס אין דער פינסטערניש וואָלט דאָרט נאָכאַנאַנד געשטיגן און געוואַקסן, געשטיגן און גע־וואַקסן...

## ז. וואַסערן אין פרילינג.

.1

איסרו־חג של פסח האָט זיך דער טייך שוין אינגאַנצן גע־האַט אָפּגערייניקט פון די קריעס, זיך פונאַנדערגעגאָסן העט ווייט אי־בער זיינע ברעגן, און דער פּאַראָם האָט אָנגעהויבן קורסירן.

ביי ר' חיימען איז געבליבן שוין, גלייך, אַוועקשיקן משהלען קיין בערעזע, כדי ער זאָל דאָרטן זיין נאָך פאַר ראש־חודש אייר, צייט האָבן צו באַקענען זיך מיט דעם ראש־ישיבה און מיט דעם שטעטל און, א.ב., אויך פאַרכאַפּן די בעסטע „טעג״.

מען האָט אָנגעהויבן גרייטן משהלען אין וועג אַריין. ר' חיים איז אַוועק אויפן מאַרק, געקויפט אַ גרויסן סאָלדאַטסקן קאַסטן מיט ביילעדלעך — דער יונגער משהלע האָט זיי שטאַרק געהאַט ליב, די דאָזיקע ביילעדלעך, מחמת זייער אָפּגעזונדערטקייט און סודות־דיקייט — און די מאַמע האָט אָנגעהויבן אַריינפּאַקן אַהינצו משה־לעס זאַכן.

משהל איז באַשטאַנען אויף דעם, אַז ער זאָל אויך נעמען מיט זיך די איינגעבונדענע ראַבע ביכלעך „כל אחות ישראל״ לעוונערס, ווייל— „וואָס קען מען אַזוינס קריגן אין אַ קליין שטעטל?״ — נאָר דער טאַטע האָט זיך אָנגעכמורעט, מיט איינגעהאַלטענעם ברוגז אַדורכגעמורמלט, אַז ס'איז שוין גענוג... נישקשה, ס'איז שוין לאַנג צייט אַוועק אַ־פן אָט די אַלע נאַרישקייטן. ער זאָל וויסן זיין, משהל, וואוהין ער פאָרט: אין אַ ישיבה אַריין פאָרט ער... אָט, האַלט ער אַ בחור לגן

און קאָפּ בעסער צו נעמען, אַ שטייגער, מיט זיך, דעם ר אַ ד י נ ע ר ס „אמרי בינה“?

נאָר די מאַמע האָט שוין שפּעטער, צוזאַמען מיט די וועש און דעם זמורדיקן לייכטן רעקל אויך אַריינגעבאַהאַלטן אין קאַסטן אַריין די „כל אגודות ישראל“ מיט די אָנגעריבענע ריאַבע, פּאַפּירענע טאָוולען. נאָך מער: זי האָט עפּעס צוגעגעבן שוין פון איר אייגענער איניציאַטיוו: די „מעשה משני קצבים“, און דעם אָקאָרשט געקויפטן מעשה־בוך „מעשה מרי יוסף דילה ריינא“ —

— זאָל אַ קינד האָבן מיט וואָס דאָס האַרץ צו דערקוויקן אין דער פרעמד, אַז אָך און ווי איז איר... נעמען אַזאַ עופעלע און עס אַוועקשיקן אין דער פרעמד! —

און זי האָט זיך פונאַנדער־געוויינט.

לכתחילה האָט זי אַליין געטענהט, אַז ר' חיים זאָל אַליין באַגלייטן „דאָס קינד“ אין דער ישיבה אַריין. וואָרעם ווי אַזוי קען מען לאָזן אַזאַ פּיצל אַליין פאָרן מיט דער באַן? וואָס איז, סיידן זי קען אים נישט? אַזאַ ספּריט, אַזאַ ברען... ער'ט דאָך מן הסתם אָנהייבן אַרומלויפן איבער די וואַגאָנעס, באַטראַכטן און באַקוקן יעדע זאַך. ער קען נאָך אַרויסלויפן אויף דער פּלאַטפאָרמע, און, זאָל די בייזע שעה נישט זיין, געהרגעט ווערן!

אָט אַזוי האָט זי אייַנגעטענהט מיט ר' חיימען די לעצטע נאַכט פאַר משהלעס אַוועקפאָרן, ווען זיי זיינען ביידע געלעגן אין בעט און אין דער שטיל איבערגערעדט וועגן דעם, ווי אַזוי מען זאָל משהלען צום בעסטן אויסריכטן. ר' חיים אַליין האָט צוערשט אויך אַזוי געדענקט, נאָר ער האָט זיך איבערגעלייגט און געקומען צום שלום, אַז ער זאָל משהלען מער נישט ווי באַגלייטן מיט דער פור צום וואָקזאַל, קויפן אַ בילעט, אַריינזעצן אים אין וואַגאָן, און זאָל ער שוין אַליין בשלום קומען אַהינצו!

— נישקשה, — האָט ער געטראַכט, — זאָל דאָס יינגל זיך צוגעוויינען... זאָל עס וויסן ווי צו קערן זיך און ווי צו ווענדן זיך אין דער פרעמד. אַזוי איז בעסער. ער'ט אָנהייבן פאַלן אויף זיך עפּעס אַן אחריות, אַ וויכטיקייט! זאָל ער זיך אַ ביסל מוטשען, ז ך

אָנליידן, וועט ער בעסער לערנען, וועט ער מער פֿילן די זיסקייט פֿון דער תּורה...

און משהל האָט זיך געקלאַמערט, מיט אַלע פֿעדים פֿון זיין נשמה געבענקט, אַז מען זאָל אים לאָזן אַליין פֿאָרן: ער האָט ממש געריסן זיך אַרויסצוגיין אין זיין אייגענעם רשות. ער וועט זיין אַ גרויסער. אַליין. צווישן פֿרעמדע מענטשן, פֿאָרן אויף דער באַן. און דערנאָך — גאַנצע צוואַנציק וויאָרסט מיט דער פֿור אין דער ווייטער שטעטל אַריין; צוואַנציק וויאָרסט צווישן ווייטע, אומבאַקאַנטע פֿעלדער.

ער וועט אָנקומען אַהינצו אין דער פֿרעמדער שטעטל. קיין מענטשן קען ער דאָרטן ניט, — וועט ער פֿאַרפֿאָרן צום ראש־ישיבה, זיך לאָזן פֿאַרהערן, זען צו וואָסער כּיתּה ער קען געהערן. דערנאָך וועט ער דינגען אַ סטאַנציע ערגעץ ביי אומבאַקאַנטע מענטשן, וועט אויפֿשטיין גאַנץ פֿרי אין דעם מיט טוי־אויסגעוואַשענעם מאָרגן, מיטן ערשטן מוקען פֿון די בהמות, ווען מען טרייבט זיי אין טשערעדע אַריין; וועט זיך פֿאַרהערן אין דער ישיבה אַריין און וועט זיך זעצן לערנען; וועט לערנען דאָרט געשמאַק און מיט התמדה, וואָרעם ער וועט דאָך זיין איינער אַליין אין דער פֿרעמד.

און אַזוי איז עס געבליבן: משהל וועט אַליין פֿאָרן אַהינצו אין דער ישיבה אַריין, קיין בערעזע, וואָס געפֿינט זיך אין דער ווייטלעכער טשערניגאָווער גובערניע.

2.

אויף מאָרגן איז געווען אַ גרויסער מאַרק־טאָג. אויפֿן קיילעכדיקן פּלאַץ, פֿון איין עק ביזן אַנדערן, זיינען געווען אָנגעשטעלט פֿורן, וועגענער, בריטשקעס מיט די האַלאָבליעס אויפֿגעהויבן אין דער הייך, ווי ווינט־פֿליגל. די פֿערד, אויסגעדרייט מיט די פּנימער, אינעווייניק צום וואָגן צו, האָבן אויסגעזען ווי גאָרניט קיין געוויינלעכע פֿערד — זיי האָבן אויסגעזען, ווי מעשׂהדיקע באַפֿליגלטע חיות. ס'איז געשטאַנען אַ גרויסער טומל און אַ הילכקע־

גערויש. ציגיינער זיינען געלאָפן איבערן ברוקירטן וועג. געשמיסן די שוואַרצע פערד, געשריען, געשוואָרן זיך, געקלאַפּט אין די הענט, געגאַנגען טרינקען „מאַהאַריטש". אָנגעגאָרענע פּויערטעס אין נייע פּעלצלעך, פון וועלכע עס האָט זיך נאָך געהערט דער ריח פון נישט לאַנג אָפּגעשונדענער פעל, אין גרינע פּאָלושובקעס, מיט קאָלירטע טיכלעך אַרומגעוויקלט אַרום קאָפּ, ווי אַ טערקישער טורבאַן, — זיי זיינען פּאַמעלעכקע, מיט שרעק און מורא, אַרומגעגאַנגען צווישן די יידישע הענדלער-טישלעך, געשטעלן און רונדקעס, געטאַפּט און געדיוועט זיך איבער די פּאַטשערקעס, קאַרעלן, בלישטשענדיקע מעשענע אוירינגלעך און פינגערלעך. אין דער לופט האָט זיך געטראָגן אַ ריח פון טכוירעס און קעלבערנע פעלעלעך, פון געשאָסענע האָזן, וועלכע זיינען געהאַנגען אויף אַ ברייטן האָריזאָנטאַלן שטעקן מיט די צונויפגעבונדענע פיסלעך אַרויף און מיט די שפּיציקע קעפּלעך אַראָפּ. די אויערן אויפגעשפּיצט, די אויגן אָפענע און פייכטע, האָט עס געשיינט, אַז זיי זיינען נאָך אַלץ לעבעדיקע און האָבן זיך אַליין אויפגעהאַנגען, כדי צו באַווייזן אַזעלכע פאַרשיידענע אַקראָבאַטישע שטיק... די לופט איז געווען פול מיט פּאָלאָווע און מיט אַ שמעקעדיקן שאַרפן ריח פון דזיעגאַכץ פון די פּייערשע שטיוול, פון פרישן היי, פון פערדישן און בהמהשן קויט.

משהל איז פאַרבייגעגאַנגען די רונדקעס. ער האָט אַ באַנגלעכן בליק געוואָרפן אויפן מאַרק און די זיך טומלענדיקע מענטשן. ער האָט באַמערקט אייניקע פון זיינע חברים שטייענדיק ביי די מאַרקשטעלן און אַרויסהעלפנדיק זייערע עלטערן. עטלעכע פון זיי, ווען זיי האָבן משהלען באַמערקט, האָבן פאַרלאָזן זייערע פלעצער און צוגעלאָפן צו אים זיך געזעגענען. זיי זיינען געווען צעטומלט, האָבן געוואָלט זאָגן עפּעס אַוואַרעם וואָרט זייער אַוועקפאָרנדיקן חבר, נאָר האָבן געפּלאָנטערט מיטן צונג און האָבן עס נישט געקענט אַרויסברענגען.

ר' חיים האָט אים אָנגעהויבן אונטערצואיילן, און זיינע חברים האָבן שוין אין גרויס אַיילעניש איינער נאָכן אַנדערן שאָקלען די האַנט און ווינטשעווען אים „זיי געזונט", אויף וואָס משהל האָט, רויט-ווערנדיק, זיי אָפּגעענטפערט: „פאָרט געזונטערהייט"...

און זיי האָבן זיך געלאָזט גיין ווייטער.

ביים פּאָטאָק איז געשטאַנען אַ לאַנגער טישל, איבערגעבעט מיט בילדער ביליקע און אָלעגראַפיעס פון דער רוסיש־יאַפּאַנישער מלחמה. פּויערים מיט ציביקעס און מויל, די קוטשמעס אַרונטערגערוקט אויף די פּאַטילניצעס, האָבן גרויס הנאה געהאַט אָנצוקוקן די בילדער, אויף וועלכע קאָזאַקן אויף צעיושעטע פערד שליידערן זיך און צעטרעטן מיט די קאָפּיטעס די „יאַפּאָשקעס" — אַזעלכע מענטשעלעך מיט געל־בלייכע פּנימער, שמאָלע אייגעלעך און פּלאַטשיקע נעזלעך. די פּויערים האָבן געקוקט־געקוקט, געטאַפּט די פּאָר קאָפּיקעס אין קעשענע, געפּורט, קאָנטיק, אַ שווערן קאַמף מיט זיך, נאָר ענדלעך גובר געווען דעם יצר־הרע און זיך אַוועקגערוקט ווייטער איבערן מאַרק.

נישט ווייט פון דאַנען איז געזעסן אויף דער נאַסער ערד, מיט אַ ביסל שטרוי אונטערגעבעט, אַ בלינדער בעטלער, אַ קליין לימענע שיסעלע ביי דער זייט, אין וועלכער עס זיינען געלעגן עטלעכע יתומדיקע קאָפּיקעס. ער האָט געהאַלטן אַ גרויסע הילצערנע באַנדורע אויפן שויס. מיט דער לינקער האַנט איבערגעקליבן די סטרונעס און מיט דער רעכטער פאַמעלעך און נאָכאַנאַנד געדרייט די הענטל און מיט אַ וויינענדיקער מאָנאָטאָן־אויסגעצויגענער שטים דערציילט עפּעס, — ער האָט געזונגען אַ ליד וועגן איינעם אַ הייליקן „מוטשעניק"... אין דער טומלדיקער און פאַרהאַוועטער מאַרק־לופט האָט געציטערט און אומעטיק זיך געצויגן זיין טרויעריקער געזאַנג:

„...אי זאַפּיעוו פּראָ סוּאַטאָהאַ לאַזאַריאַ...*)

די גויים זיינען געשטאַנען מיט אַראָנטערגעלאָזטע אַנטבלויזטע קעפּ, געהאַלטן די קוטשמעס אין די הענט און זיך פרום און מיט געפיל איבערגעקוקט איינער מיטן אַנדערן און אונטערגעזיפצט...

און דער בעטלער, וועלכער האָט אַליין נישט געהערט קיין נייע קאָפּיקע־קלאַנגען אין זיין שיסעלע, האָט ווייטער געזונגען וועגן דעם הייליקן „מוטשעניק" און וועגן דעם קדוש לאַזאַר.

*) און ער האָט אָנגעהויבן צו זינגען פון דעם הייליקן לאַזאַר...

3.

זיי האָבן געאײַלט און אין אַ האַלבע שעה אַרום דערגרייכט דעם פּאַראָם, וואָס האָט זיך געפֿונען כמעט בײַם עק שטאָט, דאָרטן, וואו די פּאַראָם-גאַס קייקלט זיך אַרונטער אַראָפּ-באַרג-צו און גיכט זיך צונויף מיטן זאַמדיקן ברעג. דער דאָזיקער ברעג ציט זיך אַוועק ווייט, אויף וויפֿיל דאָס אויג קען כאַפּן, אין האַלב-קײַלעכדיקער ליניע, באַדעקט אינגאַנצן מיט שטיינדעלעך און איבערגעקערטע לאָדקעס, מיט פֿישערס נעצן און הויכע טעלעגראַף-סלופּעס, וואָס באַזוימען זײַן גאַנצע לענג.

אַ פּאָר קלאַפּטער צפֿון-צו פֿונם ברעג, אָפּשאָטענענדיק דעם ברעג און אַ שטיק פֿונם דעם טײַך גופֿא, האָט זיך געצויגן אַ שרעגע הויכע בערג, באַוואַקסענע מיט קוסטעס און געדיכטן גראָז, מיט קליינע הײַזלעך, וואָס האָבן אויסגעזען, ווי קלעטענעס אויף דעם גראָזיקן פֿעלן פֿונם באַרג. אויף קליינע טעראַסן, אויף קינסטלעך אָפּגעגראָבענע פּלאַכע שטיקער פֿונם דאָזיקן באַרג זײַנען געשטאַנען הײַזלעך און כאַטקעס. די ווײַס-אָפּגעקאַלכטע שטוקאַטורטע ווענט פֿון די דאָזיקע פּאַרשטאָטישע הײַזלעך מיט די בלאַנקעדיקע שויבן, האָבן אַרויסגעשמייכלט פֿונם גרינס, — זיי האָבן זיך געשפּילט מיט דער וועלט... זיי האָבן אויסגעזען, ווי אָט-אָט פֿאַלן זיי אַרונטער פֿון זייער הייך, קײַקלען זיך פּאַמעלעך באַרג-אַראָפּ, ביז וואַנען זיי פֿאַלן אַרײַן אין דעם פֿלייצנדיקן טײַך, וואָס וואַשט דעם ברעג, — און לאָזן זיך דערנאָך שווימען...

אָנהייב פֿרילינג, ווען די וואַסערן הייבן זיך אויף אויף צען און מער קלאַפּטער אין דער הייך, דערגרייכט דעמאָלט דער טײַך ביז די סאַמע בערג. די אײַנוואוינער פֿונם געגנט, דאָס רוב פֿישער-לײַט און אָרעמע אַרבעטער, וואָס אַרבעטן אין דער נישט ווײַטער זעג-מיל, פֿלעגן דעמאָלט אינגאַנצן אָפּגעריסן ווערן פֿון דער שטאָט: זיי פֿלעגן קענען צופֿאָרן אַהינצו בלויז אויף שיפֿלעך, כּדי צו קריגן די נייטיקע פּראָוויאַנטן און לעבנסמיטלען. — די קינדער אָבער פֿון יענע הײַזלעך פֿלעגן דאַן זיך פֿילן גראָד פֿרײַלעך און יום-טובֿדיק: זיי פֿלעגן שטיין דאָרט אין דער הייך, אַרום זייערע הײַזער, וואָס

האָבן געהאַט אַן אויסזען פֿון פֿייגלישע נעסטן, און מיט נייגיר און פֿאַרוואונדערונג אַרונטערקוקן אַרונטער־צו, אויף דעם זיך פֿונאַנדערגעגאָסענעם טײַך... הויך און קלינגענדיק פֿלעגן זיי פֿון דער ווײַטן אַרונטערשרײַען איבערן טײַך, צו די זיך־שיפֿנדיקע מענטשעלעך, און זייער קול פֿלעגט זיך טראָגן קלאָר און לויטער איבערן וואַסער.

דער פּאַראָם האָט ערשט מיט אַ פּאָר טעג צוריק אָנגעהויבן צו קורסירן. מיט שווערקייט און מיט גרויסער אָנשטרענגונג פֿלעגט ער ציִען איבערן אײַלנדיק־קלאַפּנדיקן וואַסער, און זיך אָפּשטעלן אויף יענער זייט ניט בײַם ברעג, וואָס איז געווען איצט אינגאַנצן פֿאַרשוועמט, נאָר אַ סך ווײַטער, אויף די פֿעלדער, וואָס אויף יענער זייט טײַך — ערגעץ בײַ אַ זאַמדיקן געלן בערגל, האַלב אַן אַרומגעריגלטן מיט וואַסער, העל און אָן גראָז, טרוקן און הייס באַלויכטן פֿון דער זון.

די בעלי־עגלות מיט די לייוונטענע בוידן, אײַנגעשפּאַנטע צו עטלעכע פֿערד, פֿלעגן זיך די גאַנצע צײַט פֿונעם געוויכער געפֿינען אויף יענער זייט טײַך, פֿלעגן קומען אַהיים מער ניט ווי איינמאָל אַ וואָך, שפּעט פֿרײַטיק צו־נאַכטס פֿלעגן זיי זיך טאַקע שעמען ווײַזן זיך דעמאָלט אין שול צו קבלת־שבת.

די פֿערד פֿלעגן די עטלעכע פּאָר וואָכן פֿונעם געוויכער זיך געפֿינען אויך אויף יענער זייט טײַך, אויפֿן שליאַך, וואָס פֿירט צום וואָקזאַל, מען פֿלעגט נעכטיקן אין דרויסן אַרום די צײַטווײַליקע ביידעלעך און שאַלאַשן, וואָס די אָנטרײַבערס פֿלעגן זיך אויפֿשלאָגן פֿון ברעטער און פֿלאָקנס, באַצויגן מיט ברעזענט. זיי, די פֿערד, פֿלעגן זיך פֿונדעסטוועגן אַמאָל פֿאַרבענקען נאָך די וואַרעמע, פֿײַכטע שטאַלן פֿון שטאָט, מיטן אָנגענעמען היימישן מיסט־גערוך. פֿלעגט זיך שפּעט אין דער נאַכט, איבער דאָס ברייטע, מיט אײַנגעהאַלטענעם געריש פֿליִענדיקע וואַסער, אָנהייבן טראָגן אַ בענקענדיק הירזשען פֿון פֿערד. דאָס הירזשען פֿלעגט זיך פֿונאַנדערשיטן און זיך צונויפֿמישן מיט דער שפּעט־נאַכטיקער לופֿט...

.4

אין איינער פֿון אָט־אָ די בוידן האָבן זיך אַרײַנגעזעצט משה׳לע מיט זײַן פֿאָטער.

ר' חיים איז געזעסן אין אַ ווינקל און האָט געשוויגן. ער האָט אייגנטלעך געהאַט אַ סך, גאָר אַ סך וואָס צו זאָגן און אָנזאָגן זיין זון, וועלכער איז צום ערשטן מאָל אַוועקגעפֿאָרן אין די מרחקים. נאָר אַרום זיינען געווען פֿרעמדע מענטשן. משהל אָבער האָט דאָס גאָר ניט באַמערקט.

דער ברייטער וועג, איבער וועלכן די פֿויר האָט זיך פּאַמעלעך און אונטערסקריפּענדיק געשלעפּט, איז נאָך געווען ווייך און ערטערווייז בלאָטיק. ווייט פֿאָראויס האָט ער זיך געצויגן, דער וועג, איבער גראָבנס און הילצערנע בריקלעך, געשלענגלט זיך ביים זוים פֿונם וואַלד, אויף אַ ווײַלע אין אים פֿאַרלאָרן געוואָרן, צוריק זיך אַרויסגעשיילט פֿון דאָרטן, און זיך געלאָזן קלעטערן אַרויף דעם ווייטן באַרג, וואָס האָט זיך געטורעמט ביים האָריזאָנט, און ווי אַ מחיצה אָפּגעטיילט די אַרומיקע פֿעלדער און לאָנקעס פֿון עפּעס אַן אַנדערער, אַן אומבאַקאַנטער געגנט. ווי אַ געלער, ברייטער פּאַס, האָט זיך דער וועג געצויגן אַרויף, אין מיטן פֿון די פֿאַראַיאָריקע גראָזן, נאָך בלייך־פֿאַרטריקנטע, זיך מיט כּח אַרויפֿגעשלעפּט איבערן סאַמע שפּיץ און זיך באַלד ווידער אַרונטערגעקייקלט ערגעץ אין אַ פֿאַרהוילענעם טאָל.

און אַרום האָבן זיך געצויגן פֿעלדער. ערטערווייז זיינען נאָך געלעגן ראָז־ווייסלעכע שטיקער שניי, די זוימען פֿון וועלכע האָבן שוין אָנגעהויבן טונקעלער צו ווערן, און אָפּגעריזשעט ווערן פֿון דער פֿרילינגס־זון. אין מיטן פֿעלדער האָבן זיך געהויבן בוימער; די צווייגן נאָך הויל, דין און פֿאַרקילט, האָבן זיי זיך געהויבן און געשטויסן איינער איבער אַנדערן און געשוואַרצט זיך אין דער דורכזיכטיקער לופֿט.

בושעלס האָבן אַרומגעשפּאַצירט אויף זייערע לאַנגע פֿיס אין די טיפֿע גרינלעכע זומפּן, וואָס הינטער דעם פּאָפּאָווער כוטאָר, האָבן געטונקט זייערע שנאָבלס אינעם וואַסער, געכאַפּט זשאַבעס און ווערים, פֿאַרוואָרפֿן די קעפּ אויף הינטן און זיך צעלאָזט אין אַ לאַנגן, דראָבנעם קנאַקן מיט די צינגער. עס האָט העל געהילכט אין דער לופֿטן.

אין אַ ביסל ווייטער, סאַמע בײַם כּותל, האָבן זיך אין דער שטראַלנדיקער פֿרילינגס־זון געזען פֿויערים און פֿויערטעס, נאָך אין די ווינטערדיקע קאַפּטאַנעס, און זייער ווינטערדיקע ווײַסקײַט האָט זיך געשמעלצט אין דער זון. בהמות אין אָקסן פֿון די שטאַלן האָבן זיי איצט אַרויסגעפֿירט, און אַ לאַנג־אײַנגעהאַלטענער פֿאַר־וואַרט־פֿרומע נידעריקער כאַ־אָו אָו האָט זיך צעטראָגן און צעשוואומען אין דער דורכזיכטיקער לופֿט פֿון די פֿעלדער.

שקצימלעך זײַנען אַרויסגעלאָפֿן פֿון די הײַזער, שוין באָר־וועסע און אָן בײַטלען, געוואָרפֿן שטיינדלעך אויף די דורכפּאָרנדיקע בײדן, זיך אַרומגעקליבן אַרום דעם אַלטן הילצערנעם ברונעם... זיי האָבן אָנגעהויבן נאָכלויפֿן די זיך אין־דער־ווײַט שלעפּנדיקע בויד, געמאַכט אַלערליי העוויות מיט די הענט, און סתּם אַזוי, פֿון אייגע־נער הנאה וועגן, געריסן זיך אויף הויכע און קוויטשענדיקע קולות אין דער אַרומיקער לופֿט אַרײַן...

## ח. אין דער ישיבה אַרײַן.

.1

אין אַ דרײַ־פֿערטל שעה אַרום איז די בויד צוגעקומען צום וואָקזאַל.

אירע פּאַסאַזשירן זײַנען אינגיכן אײַנגעשלונגען געוואָרן אין דעם וואָקזאַלנעם טומל. דער צוג איז שוין געווען אָנגעקומען, גע־שטאַנען אומגעדולדיק אויף די רעלסן, געסאָפּעט שווער און גע־לאָזן פֿון אונטער די רעדער קנוילן פּאַרע. ר׳ חיים האָט געאײַלט צו דער קאַסע, געקויפֿט אַ בילעט צו דער נעענטסטער וואָקזאַל־סטאַנציע לעבן בערעזע און אַרײַנגעזעצט משהלען אין וואַגאָן.

עס איז ניט איבערגעבליבן קיין סך צײַט צום צוג־אָפּגיין. משהלע איז געזעסן אין אַ ווינקל, אָן אַ זײַט פֿונעם פֿענצטער. דאָרטן איז געווען האַלב־טונקל, נאָר זײַן בלייך געזיכט האָט אַ ביסל געלויכטן פֿון דער פֿינסטערניש, ער איז געווען צעטומלט. איז דאָס שוין „אין דער פֿרעמד?“ ער האָט געקוקט אויף דאָס אַרומיקע מיט ברייט־פֿונאַנדערגעעפֿנטע אויגן. געווען אויפֿגערעגט פֿון דער אָנקומענדי־קער געזעגענונגס־מינוט, זײַן פּנים האָט געפֿלאַמט.

ר׳ חיים האָט זיך אָנגעבויגן איבער משהלען, און אַן עק פֿון זײַן לאַנגער באָרד האָט משהלען געקיצלט אין אויער. אין אַ האַלב־געבויגענער פּאָזע, הכנעהדיק און מיט אַ שטילער, געבראָכענער שטים, האָט ער אָנגעהויבן זיך זעגענען.

— זיי וויסן, מײַן קינד, וואוהין דו פֿאָרסט איצטער, און צוליב וואָס דו פֿאַרלאָזט דײַן היים... דו פֿאָרסט אַוועק ווײַט. אין אַ גרויסער ישיבה אַרײַן פֿאָרסטו, צו לערנען די הייליקע תורה. הלוואי זאָל איך דערלעבן פֿון דיר צו זען נחת. מיך, קינד מײַנס, האָבן מײַנע עלטערן ניט געשיקט אין קיין ישיבות: אַפֿילו אין חדר בין איך קיין סך ניט געגאַנגען. אויפֿן נײַנטן יאָר האָט מען מיך שוין פֿון חדר אַוועקגענומען... קוים זיך אויסגעלערנט צו זאָגן עבֿרי און צו מעביר זײַן די סדרה. מען האָט מיך, אַ קינד נאָך, אָפּגעגעבן לערנען זיך פֿאַר אַ בעל־מלאכה. ערשט נאָך דער חתונה, אין די לאַנגע ווינטער־נעכט, נאָך דער אַרבעט, האָב איך זיך אײַנגעלערנט צו פֿאַרשטיין אַ שטיקל חומש מיט רש״י... יאָ!

ער האָט אָפּגעהאַקט. זײַנע אויגן האָבן זיך פֿאַרצויגן מיט אַ הײַטל. ער איז פֿאַרכלינעט געוואָרן פֿון אַ כמאַרע לעבעדיק־ווערנדיקע ערינערונגען.

— און איצטער האָב איך אַליין דערלעבט אַוועקשיקן מײַן אייגן קינד אין אַ ישיבה אַרײַן, לערנען גאָטס וואָרט... ווייסט דאָך, מײַן קינד, ווי שווער דאָס קומט מיר אָן. שווערע צײַטן זײַנען הײַנט, ביטערע פּרנסות. ווער ווייס, צי מיר וועלן לענגער קענען פֿאַרבלײַבן דאָ אין אונזער שטאָט. איכ׳ל אפֿשר דאַרפֿן אַרויספֿאָרן פֿון אונזער שטאָט, אין אַ ווײַטערער געגנט... נאָר די עס דיר נישט אָפּ דערפֿון דאָס האַרץ, מײַן קינד. איך וועל דיך תמיד זען אויסהאַלטן מיט מײַנע לעצטע כּוחות, מיט מײַנע אַלע מעגלעכקייטן. נאָר זע, מײַן קינד, זײַ אַ מענטש. סטאַרע זיך, פֿאָר זיך ניט אויף מיט קיינע שלעכטע חברים, און לערן ניט אָפּ קיינע שלעכטע מידות... זײַ גוט און פֿרום, און גאָט וועט דיר שוין העלפֿן...

ער האָט אויך אַ ווײַלע אויפֿגעהויבן זײַנע אויגן. האָט געקוקט מיט אַ פֿאַרנעפּלטן בליק דורכן וואַגאָן־פֿענסטערל אין דער שטי־

לער לופט, וואָס איף די אַרומיקע ליכטיקע און פרילינגדיקע פעלדער. ער האָט דאָרט, קאָנטיק, געזען עפּעס, אומבאַשטימטס.

— ווער ווייס... אפשר שפּעטער, אַז איך וועל ווערן אַלט, קראַנק און שוואַך, וועל איך נאָך דערלעבן נחת פון מיין קינד... וועל קומען אַמאָל געוואָר ווערן מיין זון, אַ רב אין אַ שטאָט.. אין אַ ווייטער שטאָט... ווער ווייס... אַלץ איז ביי גאָט אין די הענט... איב איך וועל נאָר זיך ניט פאַרזינדיקן...

און איז שוין דערנאָכדעם געבליבן זיצן שטיל, מיט אַרונטערגעלאָזטע אויגן. זיינע געדיכט-באַהאָרטע ליפן האָבן זיך שטיל באַוועגט. משהל האָט בלויז געהערט, ווי זיי האָבן פון צייט צו צייט פון זיך אַרויסגעוואָרפן:

— אַלץ איז ביי גאָט אין די הענט.

ס'האָט זיך דערהערט דער דריטער קלונג. ר' חיים האָט זיך שטאַרקער אָנגעבויגן און אָנגענומען משהלען פאַר דער רעכטער האַנט:

— נו, זיי געזונט, מיין קינד. פאָר געזונטערהייט און קום בשלום אָן אַהין. און געדענק: פאַרלאָז ניט גאָטס וואָרט, און דער איבערשטער וועט דיך ניט פאַרלאָזן. און זע, מיין קינד, שרייב אָפטע בריוולעך טאַטע-מאַמען.

ער האָט אים אַ קוש געטאָן אין שטערן און איז אויף גיך אַרויסגעלאָפן פונם וואַגאָן.

עס האָט זיך דערהערט אַ פייפן פון די קאָנדוקטאָר-פייפעלעך. פון די וואַגאָנעס האָבן אָנגעהויבן אַרויסצולויפן, זיך פאַרטשעפּעדיק אָן די טרעפּלעך, באַגלייטנדע פריינט און באַקאַנטע. דער צוג האָט צריסגעלאָזן אַ קוויטשענדיקן פייף, אָנגעהויבן סאָפּען, צו רשט לאַנגזאַם, דערנאָך שנעל און שנעלער, קלאַפּנדיק און רעדנדיק אויף די רעלסן.

דער רויש איז ביסלעכווייז געוואָרן אַלץ שטילער. דאָס רודערן פון די רעדער — שוואַכער, ביז וואַנען אַלץ איז פאַרשוואונדן און פאַרהילכט געוואָרן אין דער ווייטלעכער געגנט, וואָס איז יענער זייט האָריזאָנט. האַרט ביי דער ערד, פון די רעלסן, האָט

זיך אָבער נאָך אַ לענגערע ווײַלע געטראָגן אַ שטיל און אָפּשטאַרבנ־
דיק זשומען, וואָס האָט מיט בענקעניש אָנגעפֿילט די לופֿט.

אויפֿן וואָקזאַל איז געוואָרן פּוסט, ווי נאָך אַ לויה. אַ דינער אין אַ היטל מיט אַ קאָקאַרדע האָט זיך באַוויזן מיט אַ בעזעם אין האַנט און האָט אָנגעהויבן אויסקערן די פּלאַטפֿאָרמע. אַז ער איז צוגעקומען צום צפֿונדיקן פּוסטן עק פֿון דער פּלאַטפֿאָרמע, האָט ער באַמערקט אַ הויכע אײַנגעבויגענע פֿיגור פֿון אַ מאַן מיט אַ לאַנגער שוואַרצער באָרד, וועלכע איז געשטאַנען אָנגעשפּאַרט מיטן פּנים צום וואַנט און געשוויגן. מער נישט די לופֿט אַרום זײַנע אַקסלען האָט צײַטנווײַז אַ ציטער געטאָן, און די אַקסלען אַליין האָבן אויך אַ פּאָר מאָל אַ צוק געטאָן.

.2

אין וואַגאָן פֿון דריטן קלאַס איז געווען שטיקנדיק־געדיכט. אויף די אונטערשטע בענק, אויף די מיטלסטע און אויבערשטע נאַרעס זײַנען געלעגן פּאַסאַזשירן, מערסנטײלס גוים, וואָס זײַנען געפֿאָרן אין דער ציגל־פֿאַבריק אַרבעטן. די לופֿט איז געווען גרויליק פֿונם רויך: עס האָט פֿאַרכאַפּט פֿאַר אַ טעם דער שאַרפֿער, שטינקענדיקער ריח פֿון מאַכאָרקע, צונויפֿגעמישט מיטן ריח פֿונם אומרייניקם מענטשלעכן שווייס. די גוים האָבן געגעסן, נאָר נישט מחמת הונגער: זיי האָבן געהאַט שוין גוט זיך אָנגעגעסן נאָך פֿאַרן אָפּפֿאָרן אין דער היים. אַזוי ווי זיי האָבן אָבער קיין בעסערס נישט געהאַט צו טאָן איצט, איז שוין בײַ זיי אַלעמען געבליבן, נישט אָפּגערעדטערהייט, זיך אָנ־דערזעצן עסן.

זיי האָבן פֿונאַנדערגעפּעקט ייִערע לײַוונטענע טאָרבעס, אַרויסגעשלעפּט דעם שוואַרצן, ריאַזאַנעם ברויט מיטן האָלעך־ווײַסן, און פּאַסן־גייענדיקן חזיר־פֿעטס־פֿלייש, געשניטן דינע פּאַסיקלעך און מיט גרויס פֿאַרזיכטיקייט געלייגט די שטיקלעך אין מויל אַרײַן, אַרויס־נעמענדיק אַלע ווײַלע פֿון די פּאַזוכעס אַ פֿלעשל בראָנפֿן, אַ זופּ טוענדיק און צוריק פֿאַרדרוקנדיק זי אין פּעלץ אַרײַן. צווישן איין זופּ און דעם אַנדערן האָבן זיי גערעדט פֿון די וועטערן, וועגן דעם,

אַז ס'איז אַ פֿריִער פֿרילינג הייִ־יאָר און די ערד איז שוין אַוודאי ווייך צום אַקערן.

ס'וואָלט שוין אַוודאי ניט געווען געשאַדט אָנהייבן אויסצויעטן די גערטנער איצטער...

די ייִדן זיינען געזעסן אָן אַ זייט, זיך שוין געהאַט לאַנג באַקענט איינע מיט די אַנדערע טאַקע אָט דאָ גופא אין וואַגאָן, שוין ביים ערשטן געשפּרעך, און האָבן אַלע געדענקט, אַז זיי ווייסן איינער דעם אַנדערנס געשעפֿטן. און וועגן געשעפֿטן און וועגן די שלעכטע צייטן האָט מען די גאַנצע צייט גערעדט ביז ס'האָט זיך אָנגעהויבן פֿאַרנעמען צו נאַכט צו.

און וואַגאָן האָט אָנגעהויבן טונקלען. די גוים האָבן זיך פֿאַרהיקט אויף זייערע נאַרעס, זיך איינגעקוטעט אין זייערע פּעלצן און אַנטשוויגן געוואָרן, — זיינען געוואָרן נישט קענטיק, ווי צערונען געוואָרן אין דער טונקלקייט.

אייניקע ייִדן האָבן זיך איילנדיק אויסגעהויבן פֿון זייערע פּלעצער, געזוכט ערגעץ אַן אָרט וואו מען קען קריגן וואַסער, האָבן נישט געפֿונען און אָנגעהויבן ווישן די הענט אויף די שויבן און זיך געשטעלט ביי די פֿענצטערלעך דאַווענען מנחה.

אַ טרייעריקייט און אַ פֿאַרטראַכטקייט פֿון בין־השמשות האָט זיך צעגאָסן איבערן וואַגאָן און האָט אַלץ איינגעשלונגען אין זיך.

ס'איז געוואָרן שטילער. משהלען האָט זיך געדוכט צו הערן, ווי טריט האָבן געשפּאַנט איצט, לאַנגזאַמע און איינגעהאַלטענע טריט אין דער האַלבטונקלהייט פֿונם וואַגאָן, נאָר ס'איז נישט געווען צו זען, ווער עס גייט דאָס אַרום און צוליב וואָס.

ייִדן זיינען געשטאַנען פֿאַרטראַכט און פֿאַרגליווערט ביי די קליינע פֿענצטערלעך, האָבן אַרויסגעקוקט דורך די זיך נאָכאַנאַנד־טרייסלענדיקע טונקל־ווערנדיקע שייבלעך, און אויסגעזען האָבן זיי ווי שאָטנס בלויז — שאָטנס פֿון מענטשן, וועלכע געפֿינען זיך גאָר ניט דאָ. ס'איז געווען נאָענדיק־שטיל.

משהל איז געזעסן אין אַ ווינקל פֿון אַ באַנק אינגאַנצן פֿאַרטרונקען אין דער פֿינסטערקייט. בלויז זײַנע שוואַרץ ברענענדיקע אויגן האָבן זיך געלײַכטן אין דער חשכניש; געעקבערט די אַרומיקייט. דאָס האַרץ האָט אים געקלעמט און געגנאָגט, ווי צאַפּלענדיק זיך צו וויינען. נאָר ער האָט זיך דערמאָנט, וואו ער איז און וואוהין ער פֿאָרט, האָט ער זיך אײַנגעהאַלטן, פֿאַרביסן די ליפּן און אַרונטערגעשלונגען די טרערן.

איצטער, זײַענדיק אַליין, און שוין מײַלן־ווײַט פֿון דער היים, פֿאָרנדיק צום ערשטן מאָל אין אַ פֿרעמדע שטאָט, האָט ער מיט אַמאָל שטאַרק דערפֿילט זײַן אָפּגעריסנקייט, דעם אָנהייב פֿון זײַן פֿאַרוואָגלונג.

אין דער פֿינסטערניש, וואָס אין דרויסן, האָט זיך אים אין אַ ווײַטלעכן טונקל־צווײַגיקן בוים דערזען אַ מילדער צעקנײַשטער געזיכט, און ס'האָט זיך געהערט אַ נאָך מילדערע שטים, וואָס איז שוין נישט פֿאַרטויבט געוואָרן אַפֿילו פֿונם וואַגאָן־געהילך:

— פֿאַרגעס נישט אָנשרײַבן, ליבעס קינד, אַז דו וועסט קומען בשלום אַהין, אַ בריוול. זע, מײַן קינד...

ס'האָבן זיך געעפֿנט די טירן פֿון די וואַגאָנעס און אַ קאָנדוקטאָר איז אַרײַנגעקומען, האָט אַרײַנגעשטעקט קורצע, גראָבע שטיקלעך סטעאַרינאָווע ליכט אין די לאַמטערנעס איבער די טירן. אַ בלייכע, קאַרגע שבת־צו־נאַכטיקע ליכטיקייט האָט געשפּרייט אַ וואָכעדיקייט אַרום און אַרום. דורך די פֿענצטער האָט זיך אַרײַנגעשוואַרצט די נאַכט.

משהל האָט געטוליעט זײַן הייסן שטערן אין דער קאַלט־נאַסער, שוויצנדיקער שײַב פֿונם וואַגאָן־פֿענצטער. זײַן בליק האָט בחינם געדרונגען דורך דער שטאַרקער פֿינסטערקייט אין דרויסן. ס'איז געווען קאַלט און וויסט אַרום און ס'איז שווער געווען צו הערן עפּעס אין דער חשכניש: קיין קלאָר בילד, קיין דײַטלעך געשטאַלט. אַלץ האָט אָפּגעריבן זײַנע פֿאָרמען, האָט אַראָפּגעוואָרפֿן זײַן אויסזען,

אין מטושטשדיק זיך צונויפגעגאָסן מיטן דין־צעמאָלענעם קוילנשטויב.

בלויז דאָ און דאָרט האָט אינם חושך אויפגעבלאַנקט אַ ווייס־שימערנדיקער פלעק: נאָך ניט פאַנאַנדערגעלאָזענע שטיקער שניי. און געדוכט האָט זיך, אַז דאָס זײַנען גאָר שטיקער שוים, — שוים פון כוואַליעס, וואָס הויבן זיך אין קײַקלען זיך שטיל און אײַנגעהאַלטן־רשעותדיק אין דעם אומיקן ים פון פינצטערניש, און שווימען מיט אַמאָל אויף מיט זייערע ווייס־זילבערנע קאַמען... ס׳איז געווען אונהיימלעך.

נאָך פאַרטאָג האָבן אינדערוויטנס, אויפן גרענעץ פונם דעם אַרום געדיכט אָנפילנדיקן, דין־צעמאָלענעם שטויב, זיך שוין געבליכט ווייסע ווענט פון דאָרפישע הײַזלעך און פייערלעך פון זון־אויפגאַנג האָבן זיך שוין געמיניעט אין פאַרמאָרגנדיקע שויבן. עס האָט זיך דערהערט אַן אויסגעצויגן קרייען פון דאָרפישע הענער.

## ט. אַ נ י י ע ר.

אַ פּויערשע פור איז מיט סקריפּענדיקע רעדער אויף מאָרגן צוגעפאָרן צו ר׳ משה שניטמאַנס, דעם ראש ישיבהס הויז, בײַם ענד פון דער זאַמדיקער הויפּט־גאַס, וועלכע שנורט זיך דורך דער גאַנצער לענג פון שטעטל.

פינף לאַנגווײַליקע און הייסע שעהן האָט זי זיך געשלעפּט אויפן ברייטן, מיט קליינע שטיינדעלעך געפלאַסטערטן שאָסיי, און אויף זייטיקע, זאַמדיקע און גריבערדיקע וועגן, ביז זי איז, אין דער הייסער בייטאָגיקער לופט, אָנגעקומען קיין בערעזע.

די רעדער האָבן געזונקען אין זאַמד. די פערד האָבן שלעפּעריק אַראָפּגעלאָזט די קעפּ, פאַרזשמורעט די אויגן, גרייט אײַנצושלאָפן אין דער בייטאָגיקער ברענענדיקער היץ.

עמעצער האָט פון אינעווייניק אינם הויז אַרויסגעשטופּט דעם אײַזערנעם פאַרהאַקער פון אַ לאָדן. דער אײַזערנער ריגל איז מיט אַ קלאַפּ אַראָפּגעפאַלן און האָט אַרויסגעלאָזט פון זיך אַן

אײסגעצװיגענעם, זינגענדיקן קלאַנג. נאָר די בלױלעך־הײסע לופֿט האָט באַלד גובֿר געװען דעם דורכגעצװיגענעם קלאַנג.

ס'איז װידער געװאָרן הײם־שטיל. אַ לאָד אין היז האָט זיך איפֿגעעפֿנט. דורכן פֿענצטער האָט זיך באַװיזן אַ מײדלש װײסלעך־בלײך געזיכט, מיט אַ פֿרעגנדיקן בליק. דאָס װײסלעך־בלײכע געזיכט האָט אָבער באַלד פֿאַרשטאַנען, אַז דאָס איז אַ בחור'ל געקומען צום טאַטן אין דער ישיבֿה אַרײַן. האָט זיך עס באַלד צוריקגעציגן אין דער קילער האַלב־טונקלהײט פֿונם חדר.

זי איז געגאַנגען עפֿענען דעם טיער.

אײנװײניק אינם הײף האָט זיך באַלד געהערט אַ צוקלאַפּן פֿון אַ היז־טיר, אַ גאָנערן און געשרײַ פֿון גענז, װעלכע האָבן זיך געלאָזט לײפֿן איבערן הײף, מיט לאַנג־אױסגעצװיגענע העלזער און מיט פֿונאַנדערגעעפֿנטע שנאָבלען, מקבל פּנים זײַן דעם נײַ־אָנגעקומענעם אורח. װײכע לײכטע טריט האָבן זיך דערהערט טרעטן איבערן זאַמד. דאָס טיער האָט זיך פֿונאַנדערגעעפֿנט. דער פֿורמאַן האָט געהאָלפֿן משהלען אַרונטערצוטראָגן דעם נישט פֿאַר זײַנע כּוחות שװערן קאַסטן. ער האָט אַרײסגעברומט מיט אַזאַ מין װאונדערן זיך:

— אָהאָ... אַ שװערער קאַסטן....

און אין אַ װײַלע אַרום װידער:

— און אַזאַ קלײן ײנגל... אַי־אַ־אַי...

ר׳ שמעון איז איצטער געשלאָפֿן זײַן נאָכװאַרמעסהקן שלאָף. אַ נידעריק און אַ שטאַרק כראָפּען פֿון אַ געזונטן מענטשן האָט זיך רעגלמעסיק געהערט פֿונם צװײטן צימער. די מײדל האָט געבעטן משהלען זיך אַנידערזעצן. זי איז געװען זײער באַרײדעװדיק.

— קומט ער פֿון מ.?... יאָ, דער טאַטע װאַרט טאַקע איף אים.

זי האָט אים אַלײן געהערט, דעם טאַטן אירן, איבעררײדן װעגן דעם בײם טיש.

— אפֿשר װיל ער עפּעס עסן? נישקשה, נישטאָ זיך װאָס צו שעמען. „ער האָט געגעסן נישט לאַנג פֿאַרן אַװעקפֿאָרן פֿון האָמליע?“ אַ שײנער נישט לאַנג! ס'איז שײן זיכער דאָ אין דעם אַ פֿינף שעה... און אין אַלגעמײן — ער קומט דאָך פֿון אַ גרײסער

שטאָט, און זי וואָלט קיינמאָל ניט געדענקט, אַז די גרויס־שטעטישע זאָלן זיך אַזוי שעמען...

און משהל האָט, אַ זיך־רייטלענדיקער, באַמערקט ווי זי באַ־טראַכט אים אַזוי לאַשטשענדיק, מעשה עלטערער מענטש.

זי איז אַרויס אין קיך.

ער איז געזעסן ביים הילצערנעם טיש אין עס־צימער, וואָר איז אַן אָקאָרשט אַנידערגעלייגטן טישטעכל איז געשטאַנען פאַר אים עסן: ברויט, זויערמילך און אַ טעלער געקאָכטע פאַסאָ־ליעס.

— ס'איז שוין לאַנג נאָך מיטאָג־צייט, און וואַרעמס האָט מען שוין לאַנג אָפּגעגעסן, — האָט זיך דאָס מיידל פאַרטענהט פאַר אים.

ער האָט זיך געשעמט. ער איז נישט געווען הונגעריק, האָט ניט געוואָלט עסן און דאָך געגעסן מיט געוואַלט, כדי דאָס מיידל זאָל ניט טראַכטן, אַז ער שעמט זיך. ער האָט געהאַלטן די אויגן אַרונטערגעלאָזט, נישט געקענט אַריבערטראָגן די אויף אים געווענדטע רחמנותדיקע בליקן פון דעם מיידל. ער איז גע־וואָרן רויט, געפילט עס און געוואוסט, אַז דאָס מיידל באַמערקט עס אויך. איז ער געוואָרן נאָך רויטער, אַז אַ היץ האָט אַזש אַרומ־גערינגלט זיין ברענענדיקן פנים. טרערן האָבן זיך אים געוויזן אין די אויגן און ער האָט אין גאַנצן געברענט פון פאַרשעמטקייט.

נאָר באַלד האָט זיך דערהערט פונם צווייטן צימער אַ סקריפּען פון אַ בעט און אַ שווער שטעלן פון פיס אויף דער פּאָדלאָגע. אַ שטאַרק־ברייטער באַלעבאַטישער גענעץ האָט זיך דאָרט געלאָזט הערן, און באַלד נאָכדעם האָבן די ברעטער פון דער פּאָדלאָגע אַזש אָנגעהויבן צו קרעכצן און צו סקריפּען אונטער שווער־טרעטנדיקע פיס. ר' שמעון איז געגאַנגען אין קיך זיך אײַנוואַשן.

עס האָט זיך דערהערט באַלד אַ פּליוכען פון וואַסער אין צע־בער אַריין, אַ כאָרכלען און אַ גאָרגלען, און אַ שוועקען פונם האַלז, און דערנאָך — אַ לאַנגער הנאהדיקער קרעכץ. און באַלד איז ר' שמעון אַריינגעגאַנגען אין עס־צימער, אין אַ זיידענער יאַרמולקע אויפן קאָפּ און מיט אַ האַנטעך אין דער האַנט. ער האָט געקוקט אויף

משה'לען מיט זיין ביז־שטעכיקן בליק פון אונטער געדיכט־ברעמענדיקע אויגן, געקוקט אזוי פרעמד־אויספארשנדיק, און האט בשעת מעשה געהאלטן אלץ אין זאגן אשר־יצר.

משה'לען איז געווארן פון זיין בליק שטארק אומהיימלעך. ער האט אט אראנטערגעלאזט די אויגן און אט ווידער זיי אויפגעהויבן. עסן האט ער גלייך אויפגעהערט. ער האט אבער נישט געוואוסט, וואס צו טאן מיט דעם ביסן, וואס האט זיך שוין געפונען ביי אים אין מויל: אים איז זייער שווער געווען אים אראנטערצושלינגען.

האט ער אין פארלעגנהייט אלץ געקייט מיט די ציינער, זיך באמיענדיק צו מאכן וואס ווייניקער גערויש.

ר' שמעון האט זיך ענדלעך אויפגעזעצט אויבנאן, אינם ווייכן לעדערנעם פאטער־שטול, ארויסגענומען דעם ביינערנעם מונדשטוק, אריינגעשטעלט אין אים א פאפיראס און אנגעהויבן רויכערן. דער רויך האט זיך אויפגעהויבן זייער געדיכט און אים אנגעהויבן טייל־ווייז צו פארדעקן. ער האט געקוקט אומבאשטימט אין דער לופט אריין, ווי ער וואלט אן משה'לען שוין גאר אינגאנצן פארגעסן. נאר באלד האט ער תירכן הויך, מיט א פארטראכטן אפוועזנדיקן בליק, אנגעהויבן צו פרעגן:

— דאס ביסטו דאך דער בחור פון מ'?

— יא.

— דאס האסטו דאך געשריבן דעם בריוו פאר פסח, וואו דו שרייבסט, אז דו ווילסט זייער שטארק אנקומען אין דער ישיבה?

— יא.

— וואס־זשע קענסטו?

משה'ל איז רויט געווארן. אנגעהויבן שטאמלען אין פא־לעגנהייט.

— איך... איך האב געלערנט... נאר דער רבי וועט דאך שוין אליין זען... איך האב געלערנט גמרא מיט תוספות, מיט מהרש"א און מיט אויסרעדענישן... כ'פלעג אמאל — אליין טאקע, ביי אונז אין חדר פלעגט מען דאס ניט לערנען — אריינקוקן אויך אין מהר"ם שיף...

— אזוי גאר? — ר' שמעון האט ארויסגענומען דעם מונד־שטוק פונם מויל ארויס, ארויסגעלאזן א פולן מויל רויך, פארביסן

די אונטערשטע ליפּ, זיך אומגעקערט און ווידער אָנגעהויבן שטרענג־אויספאָרשנדיק קוקן אויף משהלען דורך זיינע שווער־אַראָפּהענגענדיקע געדיכטע רבי־ברעמען — אַזוי גאָר?... האָט ער זיין פּאַיע איבערגעחזרט. — נו, און ווי אַלט ביסטו אינגאַנצן?

— דרייצן יאָר. דאָס הייסט, דרייצן איז מיר שוין געוואָרן. עס גייט מיר שוין איצט דאָס פערצנטע... לעצטן ווינטער נאָך איז מיר געוואָרן דרייצן.

— נו, וועלן מיר, הייסט עס, זען... איך דענק, אַז דו וועסט זיין אין דער עלטערער כּיתּה. אַלנפאַלס, איך וועל דיר געבן אַ לייענען, נו, למשל בבא בתרא... וועל איך דיך פאַרהערן, וועלן מיר זען.

משהל האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ און געשוויגן.

— האָסט עפּעס דאָ פריינט, באַקאַנטע? נו, עס מאַכט נישט. ס'איז ניט געפערלעך. דאָ זיינען פאַראַן אַסך אַזוינע. כּמעט אַלע זיינען פון דער פרעמד... פון ווייטע שטעט... קומען צו פאָרן פון מרחקים... פון ווייטע גובערניעס... אין די היגע בחורים — די היגע, זעסטו, זיי פאָרן אַוועק אין אַנדערע שטעט... אויך אין ווייטע שטעט. אייניקע פון די היגע בחורים פאָרן אַוועק אין יענע זעלביקע מקומות, פון וואַנען בחורים קומען אַהער צו פאָרן, אין מיין ישיבה אַריין... יאָ, אָט אַזוי איז דאָס שוין — כּך דרכה של תּורה...

עס האָט זיך איינגעשטעלט אַ שטילקייט. ר' שמעון האָט ווייטער אָנגעהויבן צו רויכערן און ווידער געקוקט אומבאַשטימט אין דער לופט אַריין, משהל האָט קיין וואָרט ניט אַרויסגערעדט, צוזאַמענפּרעסנדיק די ליפּן. דאָס מיידל אין דעם ווייסן באַטיכטענעם בלוזקעלע איז געשטאַנען אינם זעלביקן צימער, אָנגעשפּאַרט מיט די עלנבויגנס אָן די וואַנטלעך פון אַ שטול און ווייטאָגדיק געשוויגן. זי האָט אַרונטערגעלאָזט דעם קאָפּ און עפּעס אַ פיינלעכע מחשבה האָט זיך ביי איר אין מוח געוועבט. אין דער שטילער לופט האָט זיך געהערט אַ זשומען פון אַ געפּייניקטער פליג. עס איז געווען נאָגנדיק שטיל.

ר' שמעון האָט אָנגעהויבן רעדן וועגן אַ קוואַטיר פאַר משהלען.

— ביי וואָלף=קאַפּלען — האָט די ראש=ישיבהניצע אונטערגעכאַפּט, — איז דאָ אַזאַ קוואַרטיר.

ער האָט זיך אויפגעהויבן פון זיין פּלאַץ. די זון האָט זיך שוין אָנגעהויבן אַרונטערצולאָזן מערב=צו: עס איז שוין געווען צייט צו דאַווענען מנחה.

— נו, משהל, קום... לאָמיר זיך דורכגיין אַ ביסל צו וואָלפן. וועלן מיר זען. וועלן מיר זיך דורכריידן.

און האָט צוגעגעבן מיט אַ באַרויִקנדיקן שמייכל:

— דעם קאַסטן דיינעם, די גרויסע באַנדוריע, קאָנסטו דערווייל לאָזן דאָ...

דאָס האָט די ראש=ישיבהניצע צו אים גערעדט, גערעדט אין אַ שטילן און מוטערלעכן טאָן, פון וועלכן משהל איז ביי זיך אָפּגעשוואַכט געוואָרן און אַרונטערגעפאַלן אין געמיט. נאָר דאָך האָט עס אים געוואַרעמט און מיט אַ וואַרעמען הויך אַרומגעוויקלט. האָט ער זיך שטיל אויפגעהויבן פון זיין פּלאַץ, און איז אַרויסגעגאַנגען נאָך איר.

ווען זיי זיינען צוגעקומען צו וואָלף=קאַפּלס הויז, האָט שוין אָנגעהויבן צו טונקלען. די שאָטנס פון די נידעריקע הילצערנע הייזלעך האָבן זיך אָנגעהויבן שפּרייטן איבערן זאַמדיקן וועג. דאָרטן ווייט, ביים עק פון די פעלדער, וואָס האָבן זיך געשפּרייט הינטער די לעצטע הייזער פונם שטעטל, האָט זיך איצט אַ פייערדיקע און בלוט=רויטע זון געזעצט. אַ האַלבער באַל איז שוין געהאַט אַרונטערגעגאַנגען, נאָר די צווייטע העלפט פונם באַל האָט נאָך, ווי אַ רויט=ברענענדיק, בענקענדיק אויג, אַרויסגעקוקט איבער דער וועלט. האָט דאָס אויג געזען: פּאַסן פעלדער מיט אַ פאַרגייענדיקן שיין באַלויכטענע; ווייטע, פריש=אויסגעצאַקערטע בייטן, אָן אַ שיער שוואַרצע שורות בייטן. און איבער זיי גייען איצט צוויי געשטאַלטן — אַן עלטערע פרוי, און אַ נידעריק, קליין יינגל. און דאָס רויט=ברענענדיקע אויג, האָט באַזונדערס געוואַרעמט מיטן שקיעהדיקן שיין די דאָזיקע צוויי שאָטנס, וואָס האָבן אייליק געהיפּערט איצט צווישן די שמאָלע מעזשעס.

1914,

---

# דער אייביקער שבת

.1

שטיל איז ר׳ בצלאל געטראָטן איבער דער פֿאָרלאָגע פֿון דעם האַלב־טונקעלן קאָרידאָר, און האָט פֿאָרזיכטיק אויפֿגעעפֿנט די טיר פֿונעם עס־צימער. עס האָט זיך אָבער קעגן זיין ווילן דערהערט אַ סקריפּען, און ער איז געבליבן שטיין, שולדיק און געערגערט, פֿאַר־בייסנדיק אַ ליפּ.

פֿונעם עס־צימער האָבן אַ שפּאַר געטון אין קאָרידאָר גאַרבן זוניקן ליכט, וואָס האָט געשטראָמט פֿון די קלאָרע, צום גאַס אַרויס־גייענדיקע פֿענצטער. זיי האָבן אין אַ האַלב־דורכזיכטיקן דין־שטויביקן זייל זיך איבערגעצויגן משופּעדיק, און געבליבן ליגן אויף דער פֿאָר־לאָגע פֿונעם קאָרידאָר, — אַ שליאַך צו דער זון.

פֿונעם עס־צימער האָט זיך קיינער נישט באַוויזן. עס האָט זיך פֿון דאָרט ניט געהערט קיין שאָרך. די לופֿט דאָרט איז געווען זוניק־ליכטיק און שטיל.

ר׳ בצלאל האָט זיך אַהין פּאַמעלעך, אויף די שפּיץ פֿינגער, אַריינגעשליכט. מורא האָבנדיק צו מאַכן אַן אַנדערן שריט, איז ער געבליבן שטיין אין מיטן צימער מיט פֿאַרלייגטע הענט. הייך און שווייגנדיק איז ער געבליבן שטיין, און אומדערוואַרט — אַן אַרונטער געשטויגענע שוואַרצע גאָטהייט.

אַ שאַרפֿער ריח פֿון כלאָראָפֿאָרם, קאַרבאָל־זייער און פֿאַר־שיידענע אַנדערע מעדיקאַמענטן האָט זיך דאָ געשפּירט אין דער לופֿט. אויף די פֿענצטער־שוועלן זיינען געווען אָנגעשטעלט פֿיל פֿלעשער און פֿלעשלעך פֿון פֿאַרשיידענער גרייס און קאָלירן.

קיינער האָט ר׳ בצלאלן ניט באַגעגנט. מער נישט די קליינע ווייסע עטיקעטקעס אויף די מעדיצין־פֿלעשלעך האָבן ערנסט און זאַך־

פאַרשטענדיק אָנגעקוקט בצלאלן אין דער רויקער נאָכמיטאָג־לופט, — אַליין אַזעלכע שלוחים פון אַ ווייסער שנייעניש ערגעץ אין דער ווייט.

אַ פּאָר שפּאַן פון אים, ביי דער הינטערשטער מערב־וואַנט פון צימער, איז געשטאַנען דאָס בעט מיטן קראַנקן.

דאָס בעט איז געווען ריין איבערגערוימט. ווייסע קישן־ציכלעך, ווייסער ליילעך און ווייסער איבערבעט. מער נישט צוקאָפּנס, אויפן ווייסן קישן, האָט זיך געשוואַרצט אַ קליינער האָריקער קאָפּ מיט בלייכע איינגעצערטע בעקן און מיט פייעריש־ברענענדיקע אויגן. נאָר אַזוי איז אַליין אַרום געווען ווייס, ציכטיק און ריין.

צוקאָפּנס פון דעם קראַנקן איז געשטאַנען אַ שטול מיט אַ שיסל צעברעקלט אייז און ווידער — אַ פּאָר מעדיצין־פלעשלעך, און אַ ביסל נידעריקער, ביים ראַנד בעט, מיטן פּנים צום קראַנקן, איז געזעסן אויף אַ שטול שׂרה, ר׳ בצלאלס פרוי.

געזעסן איינגעבויגן, מיט אַ צעדראָקענער מינע, די הענט פאַרלייגט איינע אין דער אַנדערער און נאָכאַנאַנד געקוקט פאַרטראַכט און אָנגעשטרענגט אויף דאָס קליינע קראַנקע פּנימל.

זי האָט ניט געהערט ר׳ בצלאלס אַריינקומען. זי האָט זיך אַפילו ניט אומגעקוקט, ווען זיינע שווערע מאַסיווע טריט האָבן זיך צו איר דערנענטערט. עס האָט זיך דעריבער געדוכט, אַז זי איז אַזוי פאַרגליווערט געוואָרן שוין פון עטלעכע טעג.

.2

שוין צוויי וואָכן, ווי דער קליינינקער יצחקל — דאָס ייִנגל מיט די פולע רויטע בעקלעך, ווי ווינטער־עפּעלעך, און שטענדיקן שטיפעריישן געלעכטער, — איז קראַנק געוואָרן.

אָנגעהויבן האָט זיך עס פון אַ קליינינקייט, פון אַן אָפּגעבריטער האַנט, נאָר אַנטוויקלט האָט זיך עס אין אַ פיבער, אין אַן ערנסטער פאָרם פון סקאַרלאַטינע.

דעם חולהס צושטאַנד איז געווען שוין איצט זייער אַן ערנסטער. די דאָקטוירים האָבן זיך כּמעט אָפּגעזאָגט פון קאָנען העלפן

אים. דאס קינד איז געווען זייער באליבט ביי זיינע עלטערן און ער האט איצטער אויף דער מוטערס אויגן געהאלטן אין פארצערט ווערן, און פאמעלעכן פארשווינדן.

שרה האט דעמאלט גלייך אוועקגעשיקט א בריוו איר מאן, וועלכער האט זיך געפינען אין א ווייטלעכער שטאט צוליב זיינע געשעפטן, — אז ער זאל אומבאדינגט שנעל קומען. אין בריוו איז ניט געשטאנען די סיבה פון שרהס רופן אים אהיים, נאר ר' בצלאל, ווי נאר ער האט איבערגעלייענט דאס בריוול, האט שוין געהאט דאס פארגעפיל, אז עפעס געשעט דארט מיט זיין ליבן איצעלען.

ער האט גלייך אויפן צווייטן טאג, אין א קילן זומערדיקן פרימארגן, גענומען אין דער ווייטלעכער שטאט דעם ווייסן דאמפער, וואס איז מיט אים אין משך פון א מעת־לעת ערנסט און לאנגזאם געשוואומען אויף דעם גרינלעכן וואסער, — געשוואומען ערנסט און לאנגזאם, ווי פילנדיק די וויכטיקייט פון זיין שליחות און די ערנסטקייט פון דער מינוט.

און איצטער איז ר' בצלאל געשטאנען אין מיטן עס־צימער, אין דעם האלב־יידענעם ברוינלעכן כורדוק, פארשטייבט פונם וועג, א מידער און נאך נישט קיין אויסגערוטער, און האט מיט אן אבלדיקער מינע געקוקט פאר זיך.

א פוסטקייט און א שטילקייט פון א קראנקן־צימער האט געהערשט אינם גאנצן הויז. זיין עלטערער יינגל, כתריאלקע, איז אוועקגעשיקט געווארן פונם הויז צו א קרוב אויף דער צווייטער עק שטאט נאך מיט א וואך צוריק, כדי ער זאל זיך ניט אנשטעקן פון זיין קלענערן ברודערס קראנקהייט. איצטער איז ער אוודאי געווען אין חדר און האט פון טאטנס אנקומען נאך נישט געוואוסט. אין שטוב איז דעריבער איצטער קיינער נישט געווען, אויסער זיין פרוי מיט דעם פאמעלעך־פארשווינדנדיקן קינד.

ערשט אין א פאר מינוט ארום האט שרה אומבאוואוסטזיניק דערפילט אויף זיך עמעצנס בליקן, און אומגעקערט זיך מיטן פנים צום צימער. אז זי האט דערזען ר' בצלאלן, איר מאן, — וועלכן זי האט שוין עטלעכע חדשים נישט געזען, און וועלכער איז נאך

איצטער איר געזען אַזוי ליב און טייער, ווי באַלד נאָך דער חתונה, — האָט זי זיך פון איר פּלאַץ נישט אױפגעהױבן, אים אַנטקעגן נישט געגאַנגען. אַ שטיקל צייט האָט זי אים אָנגעקוקט פאַרטראַכט און פאַרטרייערט, מיט אַ פאַרקרימטן בליק, גלייך ווי ער וואָלט די גאַנצע צייט געווען געשטאַנען דאָ און זי האָט אים נישט אָט ערשט איצט דערזען. דערנאָכדעם האָט זי פּאַמעלעך און אָפּגעשוואַכט אים אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ, אים אַ וואונק געטאָן, ער זאָל צוגיין צו דעם חולהס בעט.

האָט ר׳ בצלאל געפאָלגט. איז אויף די שפּיץ פינגער און פאָרזיכטיק, ווייל דאָס קינד איז געשלאָפן, צוגעגאַנגען צום בעט און האָט זיך אַוועקגעזעצט אויפן ראַנד.

.3

איצעלע, דאָס קראַנקע קינד, איז געלעגן אויפן בעט מיטן פּנים אַרויף און האָט מיט גאַנץ־אָפענע אויגן אויף עפּעס געקוקט.

עס איז שווער געווען צו וויסן, אויף וואָס ער האָט דאָרט געקוקט. ווען דער פאָטער האָט צו אים אָנגעהויבן שמייכלען און פון דער בוזים־קעשענע אַרויסגענומען אַ מתנה, וואָס ער האָט מיט זיך געבראַכט און עס דעם קינד דערלאַנגט — האָט דאָס קראַנקע קינד נישט אַרויסגעוויזן קיין אינטערעס צו דעם. אַפילו אין דעם בליק, וואָס ער האָט איצט געווענדט און שוין די גאַנצע צייט דערנאָך געהאַלטן אויפן פאָטער, איז געווען צו דערקענען, אַז ער זעט אים נישט, אַז ער דערקענט גאָרנישט דעם טאַטן זיינעם און אַז ער קוקט גאָר איצט אויף עפּעס אַנדערש, — אויף עפּעס אַזוינס, וואָס קיינער אַחוץ אים, אַפילו זיינע אייגענע פאָטער־מוטער, זעען עס נישט.

ער איז שוין געווען ניט זייערס.

ער האָט אינגאַנצן געברענט. אַ צינטערדיקע היציקייט האָט גע־שפּילט אויף זיינע מילך־ווייכע באַקן, און די שוואַרצקייט פון זיינע ברייט־פונאַנדערגעעפנטע אויגעלעך האָט אויך געפלאַמט שטאַרקער, ווי געוויינלעך. עס האָט זיך געטראָגן אַ היץ אַרום אים, ער איז

געווען אינגאַנצן איינגעוויקלט אין איר. עס איז ממש געווען צו זען, ווי דאָס קינד גייט אים לאַנגזאַם און פּאַמעלעך, — ווי עס ווערט שטיל פֿאַרברענט.

דערנאָכדעם האָט ער ווידער אויפֿגעהויבן זײַנע אויגן צו דער סטעליע, און איז שוין געבליבן ליגן די גאַנצע צײַט.

אין דער נאָכמיטאָגדיקער שטילקייט פֿונעם עס-צימער האָט זיך מיט אַמאָל דערהערט אַ שטילער אויסגעצויגענער געזאַנג. טאַטע-מאַמע האָבן מיט שטוינונג באַמערקט, אַז דאָס האָט דאָס קינד מיט אַ ציטערדיקער שטים, זיך אַלע ווײַלע אָפּהאַקנדיק פֿון אָנמעכטיקייט, געזונגען זײַנס אַ באַליבט לידעלע.

עס איז געווען אוממעגלעך צו פֿאַרשטיין, וואָרעם ער האָט זיך גראָד איצטער אָן דעם דאָזיקן לידעלע דערמאָנט. נאָר אַזוי האָט ער עס שוין געטאָן: איז געלעגן אויפֿן ווײַסן געלעגער, מיטן פּנים אַרויף, די אויגן ווײַט פֿונאַנדערגעעפֿנט, ווי וועלנדיק אַלץ אין זיך אַרײַנשלינגען, און האָט נאָכאַנאַנד געצויגן זײַן איינטאָניקן און שוואַכן געזאַנג:

— לאַ—לאַ, ללאַ-ללאַ...

ר' בצלאלן איז געוואָרן איצט נאָך מער קלאָר, אַז זײַן קינד גייט אַוועק פֿון דער וועלט. ווען ער האָט אויפֿגעהויבן זײַן בליק פֿונעם בעט, האָט ער זיך אָנגעטראָפֿן מיט זײַן פֿרויס בליק, און בײדע האָבן גלײַך אַרונטערגעלאָזט די אויגן. דערנאָכדעם האָט ער שווײַגנדיק און מיט צוזאַמענגעפּרעסטע ליפּן אָנגעהויבן צו קוקן איבן פֿענסטער.

זײַן בליק האָט זיך דאָרט גלײַכגילטיק אָפּגעשטעלט אויף איינעם אַ קליין מעדיצין-פֿלעשעלע. דאָס פֿלעשעלע איז געווען גרינלעך און האָט געהאַט אויף זיך, ווי אַלע אַנדערע פֿלעשעלעך, אַ ווײַס צעטעלע. נאָר אויף דעם איז געווען אויסגעמאָלט אַ טויטנס שאַרבן — אַ שאַרבן מיט שוואַרצע אויגנלעכער און צוויי שטשירענדיקע רייען ציין. אויף בײדע זײַטן פֿונעם שאַרבן האָבן זיך איבערגעקרייצט בײנער, — צוויי הוילע, אויסגעטריקנטע קנאָכן-בײנער.

.4

אויף מאָרגן איז דאָס קינד געשטאָרבן.

עס איז גראָד געווען פרייטאָג נאָך האַלבן טאָג, און מען האָט זיך געדאַרפט צאַיילן, כדי נישט אַריינצופאָרן אין שבת אַריין.

אַ קברות-מאַן, אַ נידעריקער און אַ שוויַנדיקער, מיט אַרונטער-געלאָזטע אויגן אונטער געדיכטע ברוגזע ברעמען, האָט דאָס מתל איינגעוויקלט אין אַ שוואַרצן טוך, גענומען דאָס פּעקעלע שוואַרצס אונטערן אָרעם און אַוועקגעפירט עס אויף אַ פּשוטן פויערישן וואָגן איבער זאַמדיקן שליאַך, וואָס פירט צום בית-עלמין-צו.

און ווידער איז געוואָרן שטיל אין שטוב: עס איז געווען אין דרויסן דעמאָלט אַ וואַרעמער זומערדיקער טאָג און די לופט איז געווען העל און בלענדנדיק-בלוי. — זי האָט אַזש געציטערט פון דער אייגענער וואַרעמקייט. קינדער האָבן זיך געשפּילט אין גאַס אונטער די לויכטנ-דיקע פענסטער, און דאָס באַלדיקע אָנקומען פון אַ לאַנגן זומערדיקן שבת האָט זיך געשפּירט אומעטום אין דער לופט.

אַז כתריאלקע, דער עלטערער יינגל ר' בצלאלס, איז אַהיים פיר אַ זייגער נאָכמיטאָג געקומען אַהיים, געוואָר צו ווערן, וואָס מאַכט זיין ברודערל און צו זען זיין מוטער, האָט ער שטיל אָנגעקלאַפּט אין פענסטער, ווייל אין שטוב האָט ער ניט געטאָרט אַריינגיין.

ווען זיין פאָטער איז אַהיים-געקומען, האָט ער דעם קינד קיין וואָרט נישט געזאָגט, נאָר אים אַרומגענומען און אים אָנגעהויבן קושן, און זיין שטים האָט דערביי שטאַרק געציטערט. כתריאל האָט באַלד פאַרשטאַנען, וואָס עס האָט פּאַסירט און אויסגעבראָכן אין אַ געוויין. נאָר ער האָט זיך באַלד געשטאַרקט, ווייל שבת איז שוין געווען נאָענט, און ווייל זיין פאָטער האָט אים שווייגנדיק געבעטן, ער זאָל אים צוליב טאָן, און זאָל ניט וויינען. ער האָט אים מיט ליבע געגלעטשעט.

דעם צען-יעריקן כתריאלן האָט מער ווי אַלץ פאַרדראָסן דאָס, וואָס ער האָט דעם ברודערל צום לעצטן מאָל פאַר זיין טויט נישט געזען, און צום לעצטן מאָל אים נישט געקושט. ער האָט זיך אויף דעם גאָרנישט גערייכט. אין דער זעלבער צייט, וואָס זיין ברודערל

איז דאָרט אײַנגעגאַנגען, איז ער גראָד געווען אויפֿן ברעג טײַך מיט זײַנע חדר־חברים און האָט גאָר געכאַפּט פֿישלעך! גאָט זאָל אים מוחל זײַן: ווען ער וואָלט נאָר געוואוסט...

איצט איז אָבער שוין געווען פֿאַרפֿאַלן.

און מיט אַ געפֿיל פֿון איינעם, וואָס האָט פֿאַרלוירן עפּעס אַ גרויסע און טײַערע זאַך אין זײַן לעבן, און ווייס, אַז די וועט זיך שוין צו אים מער נישט אומקערן, האָט ער מיט זײַן פֿאָטער זיך אַנידערגעזעצט אין דרויסן אויף דער פֿריזבע פֿון זייער הויז און האָבן ביידע געשוויגן.

אַרום און אַרום, אין דער ערבֿ־שבתדיקער גאַס, איז געווען ליכטיק און פֿרײלעך. פֿון די אָפֿענע פֿענסטער און טירן האָבן זיך געטראָגן קלאַנגען פֿון שטייסלען, וואו מען האָט געשטויסן צימערינג, און פֿון האַק־מעסערס, מיט וועלכע מען האָט געהאַקט די פֿיש, און פֿון זיך־שפּילנדיקע און רוישנדיקע ייִנגלעך. די זון האָט געגאָסן מיט שטראָמען ליכט און אַלץ האָט זיך אין דעם געבאָדן, און אַ גרייטן־זיך פֿאַר עפּעס אַ גרויסן יום־טובֿ האָט זיך געשפּירט אין דער לופֿט.

.5

שפּעט פֿאַרנאַכט איז אַ גרויסע און אַ רויטע זון פֿאַרגאַנגען, און דער שבת האָט זיך געלייגט אויף דער גאַס אַרום.

אַלץ איז געוואָרן שטיל און רויק. דער זאַמד אויף דעם ברוק האָט זיך געלייגט און אַ פֿרידן האָט זיך געשפּרייט אויף אַלץ אַרום.

ייִדן אין שוואַרצע קאַפּאָטעס, און וועלכע בלוטיקע זון־שטראַלן האָבן זיך געבראָכן, זײַנען געגאַנגען איצט אין שול אַרײַן. פֿון די בלאַנקענדיקע שויבן האָבן שוין אַרויסגעלויכטן פֿלעמלעך פֿון שבתדיקע ליכט.

און דעמאָלט, אַז כתריאלקע האָט דורך די שויבן אַרײַנגעקוקט צו זיך אין הויז אַרײַן, האָט ער מיט אַמאָל אין איינעם פֿון די פֿלעמלעך דערזען זײַן ברודערלס פּנימל: דאָס האָט געלויכטן און געשמייכלט צו אים פֿון די ליכט אַרויס.

האָט זיך כתריאלקע צערשט דערשראָקן. ער האָט שיִער ניט אויסגעשריִען פון שרעק. דערנאָך אָבער, האָט ער זיך צוריק אָנידער־געזעצט אויף דער פּריזבע און האָט זיך בישלעכווייז באַרויִקט.

ער האָט אין דער געדיכט־ווערנדיקער נאַכט געטראַכט אַ צײַט וועגן הלום, אַז אויב זיין ברודערלס נשמהלע שוועבט איצט אַרום בײַ זיי אין הויז און פאַרנעמט צוריק איר פֿריִערדיקן פּלאַץ, הייסט עס חלק, אַז אייגנטלעך שטאַרבן גאָרניט די מענטשן און פאַרשווינדן ניט אינגאַנצן, נאָר מער נישט זיי גייען אַוועק אָן אַ זייט און וואַרפן זיך נישט אַלעמען אין די אויגן, און מען קאָן זיי נישט זען, אַזוי ווי די לעבעדיקע... אָבער אין־דער־אמתן געפינען זיי זיך אַלעמאָל דאָ, צווישן די לעבעדיקע: עס איז דאָ אַ פֿרײַנטשאַפט און אַ חיבור צווישן בײדע, און די פאַרשוואונדענע, די ניט געזעענע, גיבן תמיד אַכטונג אויף די „לעבעדיקע", געזעענע... אַזוי גייט עס כסדר אין די גאַנצע צײַט.

איז אַזוי געזעסן כתריאל און אים איז שוין געוואָרן גוט און רויִק, ער האָט פּאַמעלעך אַרונטערגעלאָזן זיין קאָפּ. די קילנדיקע לופטיקייט האָט אים אײַנגעשלעפֿערט.

שבתדיקער אָוונט האָט זיך איבער אַלץ געשפּרייט.

1915.

---

# גאָלד פון די פענסטער

אַמאָל איז געווען אַן אָוונט. איז ער געווען אַ בלויער און אַ שטילער.

אַ גאַנצן ווינטערדיק־געהאַקטן טאָג איז ער געהאַנגען אין דער הייך, איבער יענער זייט שווערן הימל. אָבער ווי נאָר דער טאָג האָט זיך געענדיקט, האָט דער אָוונט זיך אַרונטערגעלאָזן אויף דער ערד, אויף דינע לאַנגע שטריק, איידל־פיין אויסגעהאַמערט פון קאַלטן שטערנגאָלד.

איז געוואָרן אָוונט אויף דער וועלט.

בלוי און שטיל, און שאַ.

און ווייט איז דאַמאָלסט געווען די וועלט.

עס איז געווען ווינטער, און די ערד איז געווען באַדעקט מיט שניי. אַ ווייסינקער, אַ פיכיקער, אַ בלישטשענדיקער שניי. קליינע שטערנדלעך זיינען אינם שניי געווען צעשאָטן, און די לופט איבער דער ערד, און אָט יענעם אָוונט, איז געווען בלוי און קאַלט און שטיל, — אַ גרויסער פראָסט.

פאָרט אַזוי איבערן באַשנייטן וועג אַ שליטן, דער שליטן פאָרט גיך־גיך, ער יאָגט זיך, ווי אויף די פליגלען פון ווינט, אָט ווי ער וואָלט נישט געפאָרן, נאָר געפליגן.

און דער שליטן איז איינגעשפּאַנט צו צוויי גרויסע הערשן, און די הערשן האָבן בלישטשענדיק־ליכטיקע פעלן און גרויסע פאַרצווייגטע הערנער. זעט עס אויס, ווי די הערשן וואָלטן אויף זייערע קעפּ געטראָגן קליינע גרינע און פערלמוטערנע ביימלעך מיט צווייגן.

איז עס אַ גרויסער וואונדער, וואָס דער שליטן איז אײַנגעשפּאַנט צו הערשן, ווײַל אין אָט דעם לאַנד זײַנען גאָר קיין הערשן ניטאָ. מסתּמא קומט דער שליטן פון אַן אַנדער לאַנד, — אַ צאַט, בײַנאַכט, פון אַן אַנדער לאַנד.

איז עס אַוודאי אַ גרויס וואונדער.

— נאָר עס איז ניטאָ, ווער עס זאָל זיך איבער דעם וואונדערן, ווײַל די פעלדער זײַנען שטילע און פּוסטע, די נאַכט איז אַ פראָסטיקע און אַ שנייִקע, — זעען זיך ניט קיין מענטשן.

פליט דער שליטן ווײַטער און ווײַטער.

פליט דער שליטן איבער פעלד און טאָל.

פליט דער שליטן איבער וועג און בוים.

טרעפן זיך הוקא אָן אייפן וועג פייערשע פּורן, וואָס שלעפּן זיך היים דער נאַכט פאַרשפּעטיקטע פון אַ שטאָט־יאַריד, צו זייערע ווײַטע פאַרוואָרפענע היימען און ווײַטלעכע טאָלן, און אין ליכטיקע וועלדלעך.

נאָר די פייערים זעען ניט דעם שליטן, וואָס איז אײַנגעשפּאַנט צו צווײ הערשן מיט ליכטיקע בלישטשענדיקע פעלן און מיט הערנער פון גרינע פערלמוטער. זיי זעען ניט דעם האַזיקן שליטן, כאָטש ער טראָגט זיך פאַרבײַ גלײַך אונטער זייערע נעזער; איבער דערויף זײַנען זיי דאָך פייערים.

זעען זיי אַוודאי אויך ניט, ווי אויפן שליטן זיצן זעקס מענטשן, זעקס מאָדנע מענטשן.

גרויסע זײַנען זיי אַזעלכע, אַזעלכע גרויסע און הויכע, — זעקס סאָסנעס, וואָס האָבן זיך אַרויסגעריסן פון זייערע פּלעצער אין אַ וואַלד, און זיך אַנידערגעשטעלט אַהער אויפן שליטן. און אָנגעטאָן זײַנען זיי אין אַזעלכע לײַכטע בגדים, וואָס זעען אויס, ווי ווײַסע לײַלעכער, אויסגעוועבט פון שניי. און די קעפּ זייערע זײַנען אַנטבלייזטע און זייערע האָר זײַנען לאַנגע און שוואַרצע און געקרײַזלטע, און פלאַטערן אַרום זייערע קעפּ אין דער קאַלטער לופט, ווײַל ס'איז אַ פראָסטיקער ווינטער.

נאָר די זעקס מענטשן אויפן שליטן אַרט גאָרניט דער פראָסט;

זיי זיינען אָנגעטאָן זומערדיק, און זייערע מאָדנע פּאַרצייטיקע מלבושים וויקלען קוים אַרום זייערע שלאַנקע לאַנגע איברים.

פליט דער שליטן ווייטער און ווייטער.

פליט דער שליטן איבער בוים און שטיין.

פליט דער שליטן איבער וועג און שטעג.

און די זעקס פאַנדיקע ריזן שווייגן די גאַנצע צייט און רעדן איינער צום צווייטן קיין וואָרט ניט אויס, נאָר מיט די גרויסע, פולע און ברענענדיקע אויגן זוכן זיי עפּעס ביי די זייטן וועג.

זיי פאָרן פאַרביי דאָרפישע הייזלעך, וואו די פענצטערלעך זיינען שוין אויסגעלאָשן — ווייל עס איז שוין שפּעט-נאַכט — און גלאַנצן קאַלט און פאַרפראָרן אין דער נאַכט אַריין.

און די זעקס ריזן קוקן זיך איין אין די פענסטערלעך, זאָגן איינער דעם אַנדערן קיין וואָרט נישט, נאָר לאָזן אַרויס אַן אומצופרידענעם ברום — אַ בייזער ווינט אין אַ שטורעם-נאַכט — און דער שליטן, איינגעשפּאַנט צו די צוויי הערשן מיט די הערנער פון גרויסן פערלמוטער, פליט ווייטער איבער שניי און שטערנליכט.

נאָר אָט פאַרבלישטשעט פון דער ווייטן אַ פייערל אין דער נאַכט.

אַ פייערל אין דער נאַכט, —

אַ פייערל צווישן פאַרשנייטע פעלדער...

און אַז דער שליטן מיט די זעקס שווייגנדיקע ריזן קומען צו נעענטער, דערזען זיי, אַז דאָס איז אַ יידישע קרעטשמע צווישן פעלדער. פון די פענסטער שיינט אַרויס אַ שטילע ליכטיקייט איבער דער פאַרשנייטער וועלט הרייסן. פונם קוימען שפּאַרט אַרויס אַ גרויזילבערנער רויך, ווייל אין דער קרעטשמע פלאַקערט נאָך אַ פייער אין אויוון.

און אויף איינעם פון די פענסטער שטייט אַ חנוכה-לעמפּל... עס לייכטן אין אים זעקס פלעמלעך—ס'איז היינט דאָס זעקסטע ליכטל—פון די זעקס קנויטלעך, וואָס זיינען איינגעטונקט אינם אייל פון די ברענעמלעך פונם חנוכה-לעמפּל.

— חנוכה-ליכטלעך צווישן פעלדער,

חנוכה-ליכטלעך צווישן וועלדער.

אָט אַזאַ שטיל געזאַנג הערט זיך, — אַ צווישן־פֿעלדערדיקע געזאַנג אין דער נאַכט.

שטעלט זיך אָפּ דער שליטן. כאַפּט אָן די ריזן אַ גרויסע פֿרייד, און אַ ליכטיקייט הייבט אָן אַרויסשטראַלן פֿון זייערע פּנימער.

— מען האָט זיך נאָך, הייסט עס, ניט פֿאַרגעסן אָן אונז...

זאָגט איין ריז צום צווייטן מיט אַ צופֿרידן־ברומענדיקן קול, ווי אַ פֿאַרטאָגיקער ווינט, וואָס ברומט צופֿרידן אין אַ וועלדל, — אַ ווינטל פֿאַרן טאָג־אויפֿגאַנג.

שטייגן זיי אַלע זעקס אַרויס פֿונם שליטן, היכע אַזעלכע און שיינע. שטיל, אויף די שפּיץ־פֿינגער, גייען זיי צו די קרעטשמע־פֿענצטער, און קוקן אַריין אינעווייניק. זעען זיי האָרטן:

אינעווייניק איז שוין שטיל. אַלע מענטשן שוין איינגעשלאָפֿן. נאָר די לאָמפּן האָט מען דאָרט פֿונדעסטוועגן געלאָזט ברענען, ווייל ס'איז אַ יום־טוב.

זעען זיי ווייטער:

ביי איינעם אַ פֿענצטער, לעבן דעם חנוכּה־לעמפּל, זיצט אַ יינגל אויף אַ שטול, זיין קאָפּ איז עטוואָס אַרונטערגעלאָזן אויף זיין ברוסט. און אַז זיי קוקן זיך צו נעענטער, זעען זיי, אַז דער יינגל דרעמלט איך. אויף זיין פּנים איז אויסגעשפּרייט אַ צופֿרידענער שמייכל, ווי ער וואָלט געזען איצט זייער ליכטיקע נעשטאַלטן אין חלום.

קוקן די זעקס ריזן אויף די זעקס פֿלעמעלעך אין דעם פֿענסטער, — ווערן זייערע פּנימער פֿון דעם נאָך ליכטיקער. זיי שמייכלען ווי קינדער, וואָס עס ברענען נאָך חנוכּה־ליכטלעך אויף דער וועלט...

נעמען זיי זיך באַלד אָן פֿאַר די הענט, און ווייל זיי האָבן אַזעלכע לאַנגע און גרויסע אָרעמס, רינגלען זיי אַרום די גאַנצע קרעטשמע, — דרייען זיך אַרום איר און דרייען זיך. זיי וואָלטן אַזש געוואָלט טאַנצן פֿאַר פֿרייד, נאָר טאַנצן קענען זיי ניט, ווייל זיי זיינען זייער גרויסע און שווער־לייביקע.

טרעטן זיי דעריבער מיט פֿאַמעלעכע און חשובֿע טריט אי־בערן שניי אַרום און אַרום דער קרעטשמע. ריזיקע און גרויסע,

העכער פונם הויז, זעען אויס, ווי זעקס באַסנעס, וואָס זיינען אויסגעוואַקסן אַרום דער יידישער קרעטשמע צווישן פעלדער, — ביימער איך צו באַשיצן זי פון דער קעלט פון דער נאַכט.

און דעם ייִנגלס קאָפּ לעבן דעם חנוכּה־למפּעל בייגט זיך נידעריקער און נידעריקער. אַליכטיקער שמייכל שפּרייט זיך איבער זיין פּנים, ווייל אין חלום זעט ער איצט, ווי מתתיהו כּהן גדול און זיינע פינף זין זיינען געקומען צו פאָרן פון דעם ווייטן יידישן לאַנד אין אַשליטן, געשפּאַנט צו צווי הערשן, מיט הערנער פון גרייען פּערלמוטער, און דרייען זיך איצט אַקאַראַהאָד אַרום דער קרעטשמע.

און פונם הויז לייגן זיך גאָלדענע פּאַסן איבערן שניי. פינקען גאָלד פליען נאָכאַנאַנד אַרויס פונם קוימען, ווי דאָס אינעווייניקסטע פונם הויז וואָלט געווען אינגאַנצן פון גאָלד...

— גאָלד פון די פענסטער,
זילבער פון דעם שניי,
בלוי פון דער נאַכט...

.1919

---

# די ניין יידן

זאָג איך צו די קינדער:

— עס איז שוין אַ מזל אַזאַ פֿון אונזער פֿאָלק, וואָס עס דאַרף זיין צעשפּרייט איבער גאָר דער וועלט, צווישן אַלע פֿעלקער און אַלע לענדער. און אַזוי איז עס געווען שוין זינט יאָרן און יאָרן, און ווער ווייס, ווען עס וועט נעמען אַן ענד צו דעם... מיין טאַטע און אייער טאַטע, און נאָך אַ סך פֿון אונז קינדער — אַלערליי קינדער: קליינע, אויסגעוואַקסענע, נישט דערוואַקסענע און אי־בערגעוואַקסענע — האָפֿן, אַז עס וועט נעמען אַן ענד צו אונזער צעזייטקייט אין די גאָר נאָענטע טעג. נו, איז אפֿשר וועלן מיר דערלעבן זען עס מיט אונזערע אייגענע אויגן, ווייל אַ סך גוטע זאַכן קומען אָן אויף דער וועלט, ווען מיר זיינען שוין דאָ ניטאָ... ווען מיר זיינען שוין ערגעץ אַוועק.

ווייל כאָטש מיר ווערן מיט יעדן דור אַלץ מער אַ גרויס, אַ פֿיל־פֿאַרשטייענדיק און אַ פֿיל־זעענדיק פֿאָלק הינדעם, וואָס מיר וואוינען צעשפּרייט אין אַלע ווינקעלעך פֿון דער ערד, איז עס אַמאָל אָבער, ווייסט איר קינדער, אומעטיק אַזוי און פֿרעמד, ווייל מען פֿילט זיך כמעט שטענדיק פֿאַראיינזאַמט צווישן נישט־אייגענע... וואָס פֿאַר אַ ביישפּיל זאָל איך אייך ברענגען? עס איז אַזוי. ווי ווען איר פֿאַרברענגט אַ גאָלדענעם זומער אין אַ וואונדערלעך שיינעם דאָרף, אַ דאָרף מיט שיינע פֿעלדער, און וועלדער, און טייכן, און וועגן צווישן טאָלן און סטעזשקעס אין די וועלדער. נאָר וואָס דען — איר קוקט זיך אַמאָל אַרום, אַז קיין איינציקער לעבעדיקער מענטש איז אייך דאָרט ניט נאָענט... איידעלע מענטשן טאַקע, נאָר פֿרעמ־

דע אַזוי, אַז עס פֿאַלט אײַך דערבײַ אַמאָל אײַן, אַז די פֿעלדער, און װעלדער, און טײַכן, און װעגן, און סטעזשקעס, װאָס רינגלען אײַך אַרום, זײַנען אײַך פֿרעמדע, כאָטש זײ זײַנען שײנע און ליכטיקע... איר פֿאַרשטײט? ליכטיקע און זוניקע פֿעלדער, װאָס זײַנען אָבער פֿרעמד.

אַז איך בין געװען אַ קינד — און איך בין אײַך אַמאָל געװען אַ קינד. װי װײניק מען קאָן עס דערקענען אױף מיר איצט — געדענק איך, פֿלעגן אין אונזער שטאָט אױף די יידישע ימים־טובים און די גאָטס־פֿאַרכטיקע טעג אָנקומען, — אױף װעגעלעך און צו פֿוס — אָן אַ שיעור יידן און פֿרױען, און קינדער פֿון די אַרומיקע, נאָענטע און װײַטע דערפֿער, פֿאָלװאַרקעס, כוטאָרן, פֿאָסעסיעס, פּאָסאַדן, ישובֿים און קרעטשמעס. אַ גאַנץ יאָר װאױנט מען צװישן גױים, מען װערט פֿאַרגרעבט און אָפּגעלאָזט, מען הײבט שױן אַפֿילו אָן צו טראָגן שעפּסענע פּעלצלעך און גראָבע לײַװנטענע הױזן, — און קומט אַ יידישער יום־טובֿ, װיל מען זײַן מיט יידן, בעטן גאָט צוזאַמען מיט נאָך יידן, דאַװנען אין אַ מנין, — װאָס דאָס איז אַ צונױפֿזאַמלונג פֿון ניט װײניקער פֿון צען יידן.

עס מאַכט זיך אָבער, אַז אַ גרױסע שטאָט מיט אַ סך יידן איז װײַט, װאױנט אַ ייד דאָ, אַ ייד דאָרט, אין אַ דאָרף, אין אַ קרעטשמע, אױף אַ ישובֿ, צװישן פֿעלדער, צװישן װעלדער, צװישן גרױסע טראַקטן לאַנג, אױף װעלכע עס זײַנען פֿאַרפֿלאַנצט בלױז אײנציקע יידן, מאָדנע אַזעלכע פֿרעמדלענדישע געװיקסן, פֿאַרפֿלאַנצטע צװישן גױים, װאָס זײַנען װי װילדע בײמער.

נעמט מען דעמאָלט און מען קלײַבט זיך צונױף בײַ אײנעם פֿון זײ, פֿון די דאָרפֿישע צעװאָרפֿענע יידן — מען רעדט זיך פֿריער צונױף בײַ װעמען — אױף אַ מנין.

אַ מנין צװישן פֿעלדער.

אַ מנין צװישן װעלדער.

אַ מנין צװישן װילדע בײמער.

נאָר אָט, ס׳װערט שױן שפּעט. די זון איז שױן לאַנג פֿאַרגאַנגען. עס איז שױן צײַט מקבל שבת צו זײַן, אָדער זאָגן דעם יום־טובֿדיקן „ברכו“. נאָר מען גיט אַ קוק אַרום און אַרום אין חדר—

ערשט ס'איז ניטאָ קיין פֿולער מנין. זאָלן כאָטש פֿעלן פֿיר מענטשן, דריי, צי אַפֿילו בלויז צוויי — ניין! ס'איז דאָ פּונקט ניין יידן. עס פֿעלט בלויז איינער!

ניין יידן, און מער קיינער,

ס'איז אַ צאָל — נאָר ס'פֿעלט דער איינער.

בלויז איינער.

דער טאָג איז שוין פֿאַרגאַנגען. די אָונטיקייט ווערט בלייער. שטערן זעצן זיך שוין אויס אין הימל פֿאַר זייער נאַכטיקן לייכטן. און דורך די פֿענצטער פֿון די הייזלעך, צווישן פֿעלדער, קוקן אַרויס אין דערוואַרטונג בלייכע פּנימער אין דרויסן אַרויס. אַ פּאָר מענטשן לאָזן זיך זוכן דורך די פֿאַרשטומטע וועלדער, אויף די ליידיקע וועגן, וועלכע בלייבן זיך שוין קוים אינם אָוונט. מען קוקט אַרויס מיט קלאַפּנדיקע הערצער און אומרויִקע אויגן אויף וועג און שטעג:

— אפֿשר וועט זיך באַווייזן אַ פֿערד און וועגעלע?... אפֿשר וועט זיך באַווייזן אַ ייִד אינם אָוונט?

— יאָ, נישט גוט איז, קינדערלעך, אַז מען איז פֿאַרוואָרפֿן אַזוי צווישן פֿעלדער און וועלדער, און מען קוקט זיך אַמאָל אַרום שפּעט אינם פֿאַרנאַכט און מען זעט: — עס פֿעלט אַ ייִד צום מנין... דער אָוונט ווערט טונקעלער... די וועגן — בלייכער און אָפּגעמעקטער... די פֿענצטער־שייבן — בלייער... און קיין צענטער ייִד איז נאָך אַלץ נישטאָ.

וואַרטן אַזוי ניין יידן אינם פֿאַרנאַכט אויפֿן צענטן ייִד.

— און האָט, מיינע ליבע קינדערלעך, פּאַסירט נישט איינמאָל, און נישט צוויי מאָל, און נישט דריי מאָל — אָפֿט, זייער אָפֿט פּאַסירט עס, ווייל אַלע מאָל זיינען ערגעץ דאָ ניין יידן, וועלכע וואַרטן מיט בלייכע פּנימער אין די הייליקע פֿאַרנאַכטן — — —

וואַרטן אויפֿן צענטן ייִדן.

און דער צענטער ייִד — —

שאַ, איצט וועל איך אייך טאַקע דערציילן אַ מעשה מיט אַ מנין און מיט ניין יידן. די דאָזיקע מעשה האָב איך לאַנג־לאַנג

צדיק געלייענט אין אַ הייליקן ספר, און איצט איז זי מיר ווידער אײַפגעלייכטן, די וואונדערלעכע דערציילונג.

די מעשה האָט פּאַסירט אינם יאָר פינף טויזנט דריי הונדערט און זעכציק זינט די וועלט איז באַשאַפן געוואָרן, און פּאַסירט האָט זי אין דער שטאָט חברון, אין דער צייט, וואָס דער באַרימטער צדיק ר׳ אליעזר ארכי איז געווען דאָרט רב.

אין דער שטאָט חברון האָבן זיך דעמאָלט געפונען זייער ווייניק ייִדן. עס זײַנען דאָרט אינגאַנצן געווען ניין דערוואַקסענע ייִדן, אַזוי אַז די ייִדישע אײַנוואוינער פלעגן קיינמאָל נישט קאָנען דאַוונען בציבור. און אַרום און אַרום חברון האָבן זיך דעמאָלט אויך נישט געפונען קיין ייִדישע ישובים, קיין פּערמעס, קיין קאָלאָניעס. אַ גרעסערע שטאָט איז דאָס אײַנציקע, און וואָס די ניין ייִדן פלעגן האָפן, געווען, טאָמער קומט אַן אורח.

און עס פלעגט גראָד אַלע מאָל טרעפן, אַז אַן אורח פלעגט אָנקומען פּונקט אין דער צייט. ווײַל די שטאָט חברון איז אַ הייליקע בײַ ייִדן, דאָרט געפינט זיך די מערת המכפלה, די טאָפּלטע הייל, וואו אברהם, יצחק און יעקב, שרה, רבקה און לאה זײַנען נקבר געוואָרן.

און פרומע ייִדן פון גאָר דער וועלט קומען צו פאָרן קיין ארץ־ישראל, כדי מתפלל צו זײַן אויף די קברים פון אונדזערע עלטערן דאָרט.

פלעגן די חברונער ייִדן געווײנלעך גאַנץ ווייניק זאָרג האָבן, ווײַל וואָס־וואָס, נאָר אַמווייניקסטן איין אורח פלעגט זיך צו יעדער צײַט געפינען אין חברון...

אָבער וואָס עס פּאַסירט צו יעדער צײַט, קאָן דאָך אַמאָל אויפהערן פּאַסירן. איז אַמאָל געווען אַן ערב־יום־כּיפּור, און קיין אורח איז נישטאָ אין שטאָט! עס איז שוין געווען גאַנץ שפּעט. די זון האָט שוין געהאַלטן בײַם פאַרגיין. לענגלעכע שאָטנס האָבן זיך שוין געשפּרייט איבערן זאַמד. עס איז שוין לאַנג צײַט צו דאַוונען מנחה, און קיין אורח איז נאָך אַלץ נישטאָ.

דאָ זײַנען די ייִדן פון חברון געוואָרן זייער אומעטיק. גאַנץ ווייניק האָפענונג האָבן זיי געהאַט, אַז אַן אורח זאָל נאָך קומען

אַזוי שפּעט. וואָס עס האָט מסתמא יאָ פּאַסירט, האָבן די חבֿרונער ייִדן, געטראַכט, איז, אַז מענטשן זיינען טאַקע יאָ געפֿאָרן קיין חבֿרון, נאָר אַז זיי האָבן דערזען, אַז זיי וועלן ניט אָנקומען צו דער צייט, און אַריינפֿאָרן אין יום־כּיפּור אַריין, האָבן זיי, עס פֿאַרשטייט זיך, נישט געוואָלט, האָבן זיי זיך געוויס אָפּגעשטעלט אין אַ דאָרף צווישן די ווילדע אַראַבער.

האָבן די אָרטיקע ייִדן אַרויסגעשיקט שלוחים אין ריטער איף אינזלען אין די אַרומיקע דערפֿער אַריין צו זען, אויב דאָרט האָט זיך נישט אָפּגעשטעלט קיין ייִד, און די ניין חבֿרונער ייִדן זיינען דערווייל געבליבן וואַרטן אינם פֿאַרנאַכט.

וואָס זיי האָבן געפֿילט וואַרטנדיק, קאָן איך אייך קיים דערציילן, איר קאָנט זיך עס שוין אַליין גוט פֿאָרשטעלן.

די זון האָט שוין גאָלדיק־רויט באַשיינט די העכסט־לעצטע שפּיצן פֿון די ביימער און אין אַ פֿערטל שעה אַרום האָט שוין געזאָלט ווערן נאַכט, ווען עס האָבן זיך באַוויזן די ריטער איף די אייזלען, און זייערע אַלעמענס קעפּ זיינען געווען טרויעריק אין אַראָפּגעלאָזט און פֿאַראומערט.

— קיין ייִד איז נישט געווען צו געפֿינען אין די דערפֿער אַרום...

ס'איז שלעכט. ס'איז זייער שלעכט. ניין ייִדן אַליין אינם אָוונט.

נאָר ווי זיי שטייען אַזוי פֿאַר זייער קליינער שול, אומעטיקע און פֿאַרצווייפֿלטע, דערזעען זיי ערשט, ווי פֿון דער זייט, וואו די מערת־המכפּלה געפֿינט זיך, קומט צו זיי אָן אַן אַלטער מאַן, קומט אָן מיט פּאַמעלעכע און געלאַסענע טריט. ער איז אָנגעטאָן אינגאַנצן אין ווייסן. זיין באָרד איז לאַנג און גרוי און דערגרייכט ביזן גאַרטל, און ער לייכט אַזוי שטאַרק, אינם אָוונט, ווי אַ שטיק ליכטיקייט און שטראַלנדיקייט וואָלט זיך אויסגעריסן פֿון ערגעץ אַ ביימאָגיקער וועלט און אָנגעקומען צו זיי...

וואָס איז דאָ צו דערציילן. אַז די ייִדן פֿון חבֿרון האָבן אים דערזען, איז זייער פֿרייד געווען ניט צו באַשרייבן. זיי האָבן אים אויפֿגענומען מיט גרויס כּבֿוד און שׂימחה, כאָטש זיי האָבן גע-

מוזט איינהאַלטן זייער פרייד, ווייל עס איז דאָך געווען ערב-יום-כּיפּור.

און אַז זיי האָבן פאַרן שיינעם הדרת-פּנימדיקן זקן אויסגעדריקט זייער צער און פאַרדרוס, וואָס עס איז שוין אַזוי שפּעט און זיי קאָנען אים דעריבער ניט געבן צום עסן און פאַרפאַסטן זיך — עס איז שוין טאַקע געווען רעכט פינסטער, ווייל דער ווייסער אורח האָט זיך שטאַרק געלייכטן אין דער בלויקייט, ווי אַ שניי אין אַ ווינטערדיקער נאַכט, — האָט דער אַלטער מאַן זיי שטיל און באַרויקנדיק אָפּגעענטפערט:

— זאָרגט זיך נישט, מיינע ליבע פריינט, דער תענית וועט מיר געוויס ניט אָנקומען שווער. איך בין שוין געוויינט צו דעם. איך פאַסט שוין הפסקות פון לאַנגע, לאַנגע יאָרן אָן. און ער האָט אַרויסגעזאָגט די ווערטער „פון לאַנגע, לאַנגע יאָרן אָן" מיט אַזאַ שטילן שמייכל, אַז די יידן פון חברון האָבן פאַרשטאַנען, אַז ער מוז שוין זיין גאָר, גאָר אַן אַלטער מאַן. נו, האָבן זיי אים געבראַכט אין זייער שול אַריין, וואו זיי האָבן אַלע מתפּלל געווען מיט גרויס כוונה די גאַנצע נאַכט פון יום-כּיפּור און דעם גאַנצן מאָרגנדיקן טאָג. און דער אַלטער מאַן איז געשטאַנען דעם גאַנצן מעת-לעת מיטן פּנים אומגעקערט צו דער וואַנט, און האָט מתפּלל געווען, און האָט פאַרגאָסן זייער און זייער אַ סך טרערן. עס האָט אויסגעזען, ווי ער וואָלט געהאַט זייער אַ סך נאָענטע און אייגענע פאַרוועמען צו בעטן גאָט...

און די ניין יידן פון חברון האָבן אים שטילערהייט שוין פון דער ערשטער שעה אָן, וואָס ער האָט זיך באַוויזן, אָנגעהויבן צו פאַרגעטערן, ווי אַ מלאך פון גאָט. און זיי האָבן זייער געגאַרט נאָכאַמאָל אָנצוקוקן זיין ליכטיקן פּנים. נאָר ער איז אַלץ געשטאַנען מיטן פּנים אומגעדרייט צו דער וואַנט. זיי האָבן אים איין מאָרגן מכבּד געווען מיט דער שענסטער עליה. און ערשט דעמאָלט, ווען מען האָט אים אויפגערופן צו דער תורה, האָט ער זיך דעם ערשטן מאָל אָפּגעווענדט פון דער וואַנט, און די ניין יידן האָבן דאָ צום ערשטן מאָל דערבליקט זיין פּנים אינם ליכטיקן טאָג.

און זיי האָבן דערזען, אַז זיין פּנים שטראַלט, ווי די זון אין מיטן זומער, אין אַ ליכטיקן בייטאָג, און נאָך מער. און אַ ליכט אַ מאָדנע האָט אים אינגאַנצן אַרומגעוויקלט, ווי דאָס ליכט פון פאַרגאַנגענע זונדיקע טעג... און די יידן האָבן געקוקט און נישט געקאָנט אַראָפּנעמען זייערע בליקן פון זיין ליכטיק געשטאַלט.

אָבער אַ גרויס פּורכט און מורא איז זיי באַפאַלן, ווען זיי האָבן באַמערקט, ווי גלייך און שטייף־אומבאַוועגלעך דעם אורחס קערפּער איז געווען, ווי ער וואָלט געווען אינגאַנצן אויסגעהאַקט פון מאַרמאָר־שטיין, אָדער קוילשטיין. קיין שום צייכן פון באַוועגלעכן לעבן איז אין אים נישט געווען צו זען, אויסער דעם, וואָס ער איז געגאַנגען. איז עס געווען, ווי ווען אַ שטאָלצע און קרעפטיקע מאַרמאָרנע סטאַטוע, וועלכע איז יאָרן און יאָרן געשטאַנען ערגעץ אויף אַ ברייטן פּלאַץ און האָט געדרעמלט איבערן אָרום מיט אָפענע אויגן, האָט זיך פּלוצים אויפגעכאַפּט און האָט זיך שווער און שטיינערדיק געלאָזט גיין איבער די גאַסן פון דער וועלט...

אַז דער אורח איז אָבער אַרויף אויף דער בימה, און האָט אָנגעהויבן מאַכן די ברכות, איז זיין קול געווען אַזוי זיס, אַז אַזוינס איז נאָך קיינמאָל ניט געהערט געוואָרן... און ווען ער האָט געלייענט די הפטורה, איז זיין קול נגינה זיך צעגאַנגען איבער אַלע איברים, ווי שמעקעדיקער פּימאַייל. און די ניין יידן — פּונקט ווי איך איצט, ווען איך באַשרייב עס, — האָבן קיין אַנדער פאַרגלייך ניט געקאָנט געפינען צו זיין קול, ווי נאָר, אַז אַזוי מוז מען ריידן אין גן־עדן, — אַזוי אומערדיש־זיס איז עס געווען, און עטוואָס אַזוינס האָבן זיי אין זייער לעבנס־לאַנג ניט געהערט. און זיי האָבן מער נישט געפילט קיין הונגער און קיין פאַרחלשטקייט אין זייער האַרצן, נאָר געוואונטשן זיך, אַז דער טאָג זאָל זיך ציען און ציען וואָס לענגער, און זיי זאָלן אַלץ הערן זיין זיסע ניט־היגע גן־עדנדיקע שטים, די שטים פון דעם ווייסן אורח, וועלכער האָט די גאַנצע צייט ניט גערעדט, נאָר בלויז געשטראַלט מיטן ליכטיקן פּנים.

האָבן די ניין יידן געקראָגן פאַר אים נאָך מער דרך־ארץ און ערפּורכט. ווען ער איז אַרונטער פון דער בימה, האָבן זיי גע־

קושט דעם זום פון זײַן קליד, און זינגען די גאַנצע צײַט געשטאַנען, ביז וואַנען ער איז ניט געווען צוריק אויף זײַן פּלאַץ. און די ניין ייִדן האָבן אין דעם באַווײַזן זיך פונם דאָזיקן הייליקן ייִדן געזען אַ צייכן פון גאָטס גוטסקייט צו זיי, וואָס ער פאַרלאָזט זיי נישט און וואַכט שטענדיק איבער זיי.

נו, היום פּנה, — דער טאָג איז איצט שוין אינגאַנצן אַריבער, עס איז געוואָרן פאַרנאַכט. די טויערן פון הימל האַלטן זיך שוין בײַם צושליסן. מיט אָפּגעשוואַכטע קולות האָבן די פאַרחלשטע ניין ייִדן אין דער דעמערונג געבעטן:

— שערי רחמים פּתח...

שטערן האָבן זיך אָנגעהויבן אײַנציקווײַז אײַנצופּאַקן אינם בלוי פּינם הימל. מען האָט אָנגעהויבן בלאָזן שופר. דער קול פנם שופר האָט זיך געשפרייט אינם וויסטן נאַכטיקן דרויסן אַרום, ווי אַ ליכטיקער אָנזאָג, ווי אַ הייליקער רוף.

נאָך מעריב האָט זיך אָנגעהויבן אַ שפּאַרעניש און אַ דינגעניש צווישן די ניין ייִדן, ווײַל יעדער פון זיי האָט זייער געוואָלט נעמען דעם געטלעכן מאַן מיט זיך אַהיים אויף אָפּצופּאַסטן זיך. און אַזוי ווי זיי האָבן זיך ניט געקאָנט אײַניקן, איז בײַ זיי געבליבן, זיי זאָלן וואַרפן גורל.

אַזוי האָבן זיי באַשטימט און אַזוי האָבן זיי געטאָן. און דער גליקלעכער גורל איז אויסגעפאַלן אויפן חזן. ער זאָל נעמען דעם הייליקן מאַן מיט זיך אַהיים.

דער חזן איז געווען אפילו זייער אַ גרויסער אָרעמאַן און האָט אַליין געלעבט אין גרויס דחקות, נאָר ער האָט אָנגענומען דעם אורח מיט גרויס פרייד און האַנקבאַרקייט, און האָט אים געפירט צו זיך מיט אַזאַ פריילעכן האַרץ און אַ אינערלעך געזאַנג, ווי די ייִדן פלעגן אַמאָל טון, בשעת זיי פלעגן אין פריילינגס־צײַט פירן די ביכורים אין בית־המקדש אַרײַן.

נאָר איצט איז שוין געווען האַרבסט.

האָט פֿאַסירט:

דאָס גערעדל, וואָס האָט געפֿירט צום חזנס הויז, איז געווען אַ שמאָלס און דערצו נאָך אַ פֿינסטערס. דער קנאַפּער לבֿנה־שײַן פֿון אָנהייב־חודש איז געווען פֿאַרשטעלט דורך וואָלקנס. קיינע לאַמטערנעס האָבן אין שטאָט ניט געברענט. און איסערדעם זײַנען די הײַזער פֿון יענע געגנטן אַזוי געבויט, אַז זייערע פֿענסטער געפֿינען זיך גאָר אין הויף. מען האָט קיין לעבעדיקן מענטשן ניט געקאָנט זען, אַזוי פֿינצטער איז עס געווען.

נאָר בײַם חזן אין האַרצן איז געווען ליכטיק און אַ פֿרייד האָט אים אָנגעפֿילט בײַם בלייזן אָנריר מיט הייליקן מאַן, וועלכער איז געגאַנגען בײַ זײַן זײַט — אַ פֿרייד אַ גרויסע און אַ צוואָגנדיקע, ווײַל ער האָט די גאַנצע צײַט פֿונם גיין אַהיים געטראַכט מחשבֿות, ווי אַזוי צו זען פֿאַרהאַלטן דעם אורח אויף שטענדיק, ער זאָל ווערן אַ חבֿרהנער אײַנוואוינער, אַזוי אַז אין שטאָט זאָלן זיך ענדלעך געפֿינען צען ייִדן.

און אַז זיי גייען־צו צו זײַן הויז, עפֿנט אויף דער חזן דאָס נידעריקע טירל און בעט מיט הכנעה און אַרונטערגעלאָזטע אויגן, אַז דער אורח זאָל אַרײַנקומען אונטער דעם שאָטן פֿון זײַן באַלקן. און אַז קיינער גייט ניט אַרײַן, הייבט ער ערשט אויף זײַנע אויגן. זעט ער:

דער אורח איז גאָר נישטאָ לעבן אים. טראַכט ער, אַז דער אורח האָט מסתּמא אויפֿן וועג געמוזט אַ ביסל אָפּשטיין — פֿאַרט מיד פֿונם מעת־לעת פֿאַסטן — און זיך דערנאָך פֿאַרבלאָנדזשעט. גייט דער חזן אַרײַן אין הויז, צינדט־אָן אַ גרויסע געפֿלאָכטענע וואַקסענע ליכט — די, וואָס איז געווען באַשטימט פֿאַר הבֿדלה — און לאָזט זיך זוכן איבער די גאַסן, מיטן ליכט אין האַנט.

און אַז ער האָט איבערגעזוכט אַלע ווינקעלעך און דעם אורח אַליין ניט געפֿונען, איז ער אַרײַנגעגאַנגען אין די הײַזער פֿון די נײַן ייִדן און האָט בײַ זיי געפֿרעגט, אויב זיי האָבן נישט באַגעגנט דעם אורח מיטן ליכטיק־שטראַלנדיקן פּנים.

ערשט קיינער האָט אים מער ניט געזען.

נו, איז אין דער גאַנצער שטאָט חרוב געוואָרן אַ גרויס ליאַרעם און אַ געטומל. די ניין ייִדן, נאָך אַלע הונגעריקע און אָפּגעשוואַכט פֿונם תענית, האָבן זיך אַלע געלאָזט איבער די גאַסן זוכן דעם אומבאַקאַנטן ייִדן, און אַלע האָבן געהאַט אומרויִקע און דערשראָקענע פּנימער.

ער איז אָבער אין ערגעץ מער ניט געווען צו זען און צו הערן.

וואָס האָבן זיי דען געקאָנט העלפֿן, די חבתינער ייִדן. זיי האָבן זיך סוף־כּל־סוף געמוזט אַלע צוריקקערן צו זייערע היימען, פֿאַרוואונדערטע און דערשראָקענע, וואָס מיטן אַלטן ייִדן האָט געקאָנט פּאַסירן פֿאַר אַן אומגליק.

און דאָס זעלבע האָט אויך געמוזט טון דער חזן. ער האָט זיך אומגעקערט אַהיים זייער טרויעריק. פֿון גרויס פֿאַרדרוס האָט ער נישט געוואָלט עסן זיין אָוונט־ברויט, און האָט זיך אַנידערגעוואָרפֿן אויף זיין בעט אין גרויס צער. ער האָט זיך געפֿילט שולדיק, וואָס מיט דעם אורח האָט פּאַסירט עפּעס שלעכטס, ווען ער איז געווען אין זיין רשות. ניט גוט איז געווען פֿון אים, וואָס ער האָט זיך פֿאַרחלומט אַזוי אין מיטן גאַס וועגן דעם, אַז ער זאָל קאָנען פֿאַרהאַלטן אויף שטענדיק דעם חשובֿן אורח, וואָס איז געגאַנגען ביי זיין זייט, און דערווייל איז דער אורח פֿאַרלוירן געגאַנגען, אָדער עפּעס אַ סיבה האָט מיט אים געטראָפֿן.

לאַנג האָט זיך דער חזן געוואָרפֿן אַזוי אויף זיין בעט אין גרויס ווייטאָג, ביז ער איז ענדלעך איינגעשלאָפֿן.

און אין מיטן נאַכט איז דער אַלטער אורח געקומען צו גיין צו אים אין חלום. ער האָט נאָך איצט אויסגעזען אַ סך שענער און גאָטספּראַכטיקער און מיט אַ גרעסערן הדרת־פּנים ווי ביי טאָג. אַ רויִקייט און אַ ליכטיקע ווייסקייט האָט אים פֿון פּנים אַרונטערגעלויכטן. זיין פּנים האָט זיך אָבער ניט באַוועגט, ווען ער האָט גערעדט, ווי ער וואָלט צוריק אין זיין מאַרמאָרנער רו איינגעוואַקסן געוואָרן, און די שטים איז אַרויסגעקומען ניט פֿון אים נאָר ווי פֿון אונטער אים, אָדער ווי פֿון אויף יענער זייט פֿון אים, נאָר זי

איז געווען אָנגעזאַפּט מיט אַזוי פיל טרייסט און פריינדלעכקייט. ער האָט געזאָגט:

— זיי זיך נישט מצער, מיין טייערער זון, פאַר מיר. עס איז מיר אין חברה־הקדישא הלילה גאָרנישט געשען, ווייל איך בין גוט באַקאַנט מיט די היגע גאַסן, וואו איך האָב נאָך זייער לאַנג צוריק געוואוינט. איך וואוין נאָך דאָ איצט אויך, אין מיין אייגן הויז. איך האָב אויך ניט געמיינט דיך מבזה צו זיין, וואָס איך בין ניט אריינגעגאַנגען צו דיר אין שטוב, צו שפּייזן מיט דיר צוזאַמען. דען די זאָלסט וויסן זיין, אַז איך בדרך שוין ניט מער צו עסן און צו טרינקען. איך בין אייער פאָטער אברהם. דער צער, וואָס איר האָט געהאַט פון דעם, וואָס אייך האָט געפעלט אַ מענטש צו אַ מנין, האָט מיך ניט געלאָזט רויק ליגן אין מיין קבר. מיינע קינדער, הייסט עס, זיינען נאָך אַלץ פאַרוואָגלט און צעשפּרייט צווישן פרעמדע, און אין דער פרעמד, — האָב איך מיר געטראַכט. נו, בין איך איבערגעשטאַנען פון מיין רו־פּלאַץ און בין געקומען צו אייך משלים זיין דעם מנין און שטילן אייער צער, אָבער פאַרבלייבן מיט אייך האָב איך ניט געקאָנט, ווייל ערגעץ אין אַ דאָרף פון אַן אַנדער ווייטן לאַנד, וועלן וואַרטן אויף מיר מאָרגן אינם פאַרנאַכט אַנדערע נייַן ייִדן... מאָרגן איז פרייטאָג... און ס׳וועלן זיין נאָך אים אַנדערע פרייטאָג־פאַרנאַכטס און אַנדערע הייליקע פאַרנאַכטן... און מען וועט מיך אומעטום דאַרפן האָבן...

און אויף מאָרגן פרי, ווען דער חזן האָט זיך אויפגעכאַפּט פון זיין שלאָף, איז דאָס ערשטע, וואָס ער האָט געטראַכט, געווען:

— הייסט עס, דער אורח איז געווען בלויז אַ רייך... און אפשר— אַן אָנזאָג נאָר, אַ האָפענונג, אַ חלום פון אַ צענטן?... אָבער דערוויל וועלן דאָ ווידער פאַרבלייבן מער ניט, ווי נייַן...

אייביק נייַן ייִדן.

— אָט דאָס איז די גאַנצע מעשה.

יאָ... איז אָט ווי מיר זעען, קינדערלעך, ווען נייַן ייִדן וואַרטן ערגעץ פאַרוואָרפן אין אַ הייליקן פאַרנאַכט, מאַכט זיך אַמאָל, אַז אַן אורח קומט אָן פונם אָוונט אַרויס.

אַ ווייטער אורח; אַ צעגנטער ייד.

— נאָר וואָס איז די פּעולה — אָפּגעדאַווענט דעם שבת, דעם יום־טוב, פֿאַרשווינדט ער דאָך ווייטער, דער אורח, און די נײַן בלײַבן אַלץ אַליין, מיט אַ שטילן ווייטאָג פֿון פֿאַראייניזאַמטע...

און ווער וועט דערײַבער מיר זאָגן, אויב עס איז בעסער, אָדער ערגער, דאָס, וואָס אָפּטער פּאַסירט עס אַזוי:

— פֿונם בלײַען אָוונט אַרויס באַווײַזט זיך נישט קיין ווייסער אורח... נײַן ייִדן בלײַבן דערײַבער אַזוי זיצן אַליין צווישן פֿעלדער, צווישן וועלדער, צווישן גויים, וואָס זײַנען, ווי ווילדע ביימער... און בלײַכע פּנימער קוקן אַרויס דורך בלויליכע שויבן אויף וועגן, וועלכע ווערן וואָס אַמאָל אַליין בלײַכער, אָפּגעמעקטער און פֿאַרווישטער, און קיינער, קיינער באַווײַזט זיך נישט.

:1920

---

# לענדער

## פּרעלודיע: דאָס לאַנד ישׂראל און דאָס לאַנד מצרים.

אַז עס איז אַ ליכטיקער און אַ זוניקער טאָג און גאָלד שפּילט זיך אין דער לופֿט, און אַ גרינגע ווייסקייט שפּרייט זיך צווישן הימל און ערד, איז זיך דעמאָלט לייכט פֿאָרצושטעלן — אין אַ וואַסער מדינה און אין אַ וואַסער טייל וועלט מען זאָל ניט זיין — דאָס ווייטע לאַנד מצרים, וואָס געפֿינט זיך אין צפֿון-אַפֿריקע, אויף די ברעגעס פֿונם מיטללענדישן ים, — אַ לאַנד, איינגעוויקלט אין אַ זוניקן נעפּל.

פֿון דאָס לאַנד מצרים, ווי עס איז אײַך וואויל באַקאַנט, זײַנען עס די ייִדן מיט טויזנטער יאָרן צוריק אויסגעלייזט געוואָרן און געבראַכט געוואָרן — דורך אונזער פֿאָטער משהן — אין דעם לאַנד ישׂראל. נאָר מיט אַ צייט שפּעטער, צוליב די זינד פֿון די ייִדן, וואָס זיי האָבן געזינדיקט איינער קעגן דעם אַנדערן, און צוליב די גרויסע מחלוקתן, וואָס זײַנען אָנגעגאַנגען צווישן זיי, זײַנען זיי פֿאַרטריבן געוואָרן פֿונם לאַנד ישׂראל און צעשפּרייט געוואָרן איבער דער גאָרער וועלט, און אָנגעפֿילט געוואָרן מיט אַ גרויסער בענקשאַפֿט, — אַ בענקשאַפֿט, וואָס וועט קיינמאָל ניט געשטילט ווערן. זייער האַרץ וועט שוין אַלע מאָל אויסגיין נאָכן לאַנד, פֿון וואַנען זיי זײַנען פֿאַרטריבן געוואָרן.

אַרום דער צייט, ווען אונזער געשיכטע קומט-פֿאָר, האָבן זיך שוין אין דעם לאַנד ישׂראל געפֿונען זייער ווייניק ייִדן. און זיי זײַנען געווען אָרעם, נאָר זייער פֿרום. און דאָס לאַנד מצרים, פֿאַרקערט, האָט אַרום דער זעלבער צייט אָנגעהויבן אויפֿגעריכט צו

ווערן, ווייל אַ רייכער האַנדל איז צו יענער צייט אָנגעפירט געוואָרן דורכן האַזיקן לאַנד צווישן די הייניק באַקאַנטע און פאַרנעפּלטע מדינות, וואָס אין אַזיע, און די שוין־צייטיקע און אויסגעוואַקסענע מדינות, וואָס אין איראָפּע.

האָבן זיך דעריבער אין מצרים געפונען דעמאָלט אַ סך רייכע יידן, גרויסע סוחרים, באַנקירן, חלפנים און אַנדערע געשעפטס־לייט, וואָס זיי האָט זייער געגליקט אין זייער האַנדל, און זיי זיינען רייך געוואָרן. אָבער זייער רייכקייט און גליק איז דאָך געווען בלויז פון דער וועלט... פלעגט דעריבער טרעפן, אַז אַמאָל, אין אינדערוואָכנדיקע אָוונטן, פלעגן זיי זיך מיט אַמאָל דערפילן פוסט, ליידיק און אומעטיק אין דער ליכטיק־באַפוצטער און טומלדיקער אַלעקסאַנדריע. און ווער רעדט שוין פרייטאָג אָוונטס, צו אין דער רו פון שבתים און יום־טובדיקע טעג, פלעגט זיי אָנכאַפן גאָר אַ שטאַרקע בענקעניש, אַ בענקעניש נאָך יענעם לאַנד, וואָס עס איז זייער לאַנד, כאָטש זיי זיינען דאָרט קיינמאָל ניט געווען, ווייל וואָס איז דען דאָס גליק מיט זיי, — האָבן זיי זיך געטראַכט, — מיט זייער גאַנצער עשירות וועלן זיי דאָך שטאַרבן אויף אַ פרעמדער ערד... און זייער גאָלד און זילבער, און טייערע בריליאַנטן פלעגט זיי דעריבער ווערן צו לאַסט.

איז אָפטער פאַר דעם געווען אַ היילונג:

... און די ספרדישע געמיינדע פון דער הייליקער שטאָט ירושלים פלעגט יאָר־איין, יאָר־אויס שיקן באַזונדערע משולחים קיין מצרים, כדי אויפצוקלייבן דאָרט גאָלד און זילבער צווישן די רייכע און וויטע ברידער, וואָס פון דעם פלעגט די לעצטע ווערן גרינגער די לאַסט פון זייער עשירות.

איז אָט אַזוי איז עס:

עס איז באַשערט דעם פאָלק ישראל אויף אייביק צו זיין צעשפּרייט צווישן אַלע אומות און אין אַלע מדינות פון דער וועלט. איז ווען עס מאַכט זיך, — און זייער אָפט מאַכט זיך עס, — אַז עס ווערט איינעם ענג אין דער פרעמד און עס הייבט אים אָן וויי צו טון אין דער פרעמדקייט און פאַרטריבנקייט, — גייל ווי גוט אַ מענטשן זאָל ניט זיין אין דער פרעמד, בלייבט ער דאָך אין

דער פּרעמד, — איז היבש ער דעמאָלט איף דינע אויגן צום ווייטן און קיינמאָל געזעענעם לאַנד ישראל, — אַ לאַנד, וואָס איז, ווי אַ פאַרגאַנגענער חלום, און אַ ווייטע טרייסט, און אַ שטילער צואָג.

## א. דאָס ווילדע לאַנד.

אין איינמאָל, — דאָס איז געווען מיט אַן ערך הונדערט יאָר צוריק, — האָט די ספרדישע געמיינדע אין דער הייליקער שטאָט ירושלים געשיקט איינעם אַזאַ שליח קיין מצרים.

דער משולח, וואָס איז אויסגעקליבן געוואָרן אין יענעם יאָר, איז געווען זייער אַ פרומער און אַ גאָטספאָרכטיקער מענטש. ער איז געווען אַ באַרימטער, הייליקער רב. זיין נאָמען איז געווען ר׳ אדי.

האָט ער גענומען און איינגעפּאַקט זיינע בגדים, די אינדערוואָכנדיקע און די שבתדיקע, גענומען צידה לדרך, אַלערליי געטריקנטע און געבאַקענע מאכלים. פאַרפּאַקט אין לייַמענע און שטיינערנע כלים, ווי אויך אַ סך לאָגלען וואַסער.

מען האָט זיך געדאַרפט באַוואָרגן מיט אַ סך עסן און טרינקען, ווייל די רייזע צווישן דעם לאַנד ישראל און דעם לאַנד מצרים האָט געדאַרפט געדויערן אין יענע יאָרן אַ היפּש ביסל צייט, — נישט ווייניקער פון עטלעכע און צוואַנציק טעג אין עטלעכע און צוואַנציק נעכט, און מען האָט געמוזט די גאַנצע צייט פאָרן דורך דער יבשה, אויף אייזלען און קעמלען.

און אויך אַ גרויס שטיק וועג האָט מען געמוזט דורכמאַכן דורך אַ גרויסער וויסטעניש, אַ מדבר, וואָס געפינט זיך אויפן שמאָלן פּאַס לאַנד סועץ, וואָס באַהעפט דעם טייל וועלט אַפריקע און דעם טייל וועלט אַזיע, און טיילט אָפּ דעם מיטללענדישן ים פונם רויטן ים. אין יענער צייט איז נאָך דער דאָזיקער שמאָלער פּאַס לאַנד נישט געווען דורכגעגראָבן מיט אַ וואַסער-קאַנאַל, אַזוי ווי איצט.

דאָס לאַנד, דורך וועלכן מען האָט געדאַרפט דורכפאָרן, איז געווען ווילד און וויסט. עס איז דאָרט אויפן וועג נישט געווען צו

טרעפן נישט קיין קרעטשמעס, נישט קיין אַכסניות און נישט קיין גאַסט־הייזער, ניט אפילו קיין איינציקע פאַרוואָרפענע פּויערישע הייזער, פאַרבאָרגן ערגעץ אין די טיפענישן פון אַ טאָל, אָדער הענגענדיק אויף דעם אָנבויג פון אַ באַרג. גאָרנישט. נאַקעט. ווילד און וויסט.

גאָר, גאָר זעלטן, ווען מען טרעפט דאָרט אָן אַ דאָרף; נאָר אַז די רייזנדע קומען שוין אָן נעענטער צו אַזאַ דאָרף, ווערן זיי ערשט רעכט באַטריבט דורך די איינוואוינער, וועלכע זיינען זייער ווילד און גייען אַרום באַוואָפנט פון קאָפּ ביז די פיס, אָט ווי די עכטע וואַלד־גזלנים...

דעריבער פאַרמיידן דאָרט די רייזנדע צו דערנעענטערן זיך צו אַ מענטשלעכן ישוב, און פאָרן די גאַנצע צייט פון דער נסיעה בעסער דורך ווייטע און פאַרוואָרפענע וועגן, וואָס דאָס זיינען אָפט די זיכערסטע און בעסטע וועגן, כדי אָנצוקומען ערגעץ...

די דאָרטיקע וועגן, די וועגן צווישן די צוויי לענדער, זיינען זייער שמאָל, בערגיק און שטייניק. פאַר אַ וואָגן איז דאָרט נישטאָ גענוג פּלאַץ אויף דורכצופאָרן, מוז מען די גאַנצע צייט רייטן אויף אייזלען אָדער קעמלען.

און איבער דעם, וואָס די וועגן זיינען אַזעלכע שמאָלע און שטייניקע, זיינען דאָרט אויך דאָ פיל ווילדע חיות, לעמפּערטן, היענעס, לייבן, גיפטיקע שלאַנגען, פיל־איניקע פּיפּערנאָטערס. זיי ליגן תמיד פון זייער באַהעלטעניש אויף די דורכפאָרנדיקע און זיינען גרייט צו פאַרצוקן אַלץ און אַלעמען, און די מיילער זיינען ביי זיי שטענדיק אָפן.

אָבער פירכטערלעכער פון אַלץ זיינען אין יענעם לאַנד די בערג. זיי זיינען הויך און משופּע, און די וועגן, דרייען זיך אַרום און וויקלען זיך אַרום זיי אַזוי שמאָל און אָפּגעהאַקט, ווי די וועגן וואָלטן געווען קינסטלעך־אָנגעהאַנגענע וועגן אויף דער הויכנדיקער גלאַטער וואַנט פון די בערג. יעדער רייזנדער איז דעריבער אין גרויס געפאַר אַרונטערצופאַלן יעדע מינוט פון דער רייזע אין די טיפע אָפּגרונטן אַריין.

קוקן דערײַבער די רײזנדע די גאַנצע צײַט בלױז פֿאָרױס, בלױז פֿאַר זיך: ניט אונטן, צו די פֿאַרנעפּלטע און מילכיק־פֿאַרהױלענע אָפּגרונטן, און ניט אַרױף, צו די שפּיציקע, טורעמדיקע בערג־הײכן, װאָרעם װען זײ װאָלטן ניט געקוקט אַזױ כּסדר פֿאָרױס, פֿאַר זיך, מיט די אױגן תּמיד געװענדט צום לאַנד פֿון זײער ציל, װאָלט זײ אָנגעכאַפּט אַזאַ שװינדלעניש, אַז זײ װאָלטן אַרײַנגעפֿאַלן אין מיטן כּף־הקלע אַרײַן און דאָרט צעשאָטן געװאָרן אױף קלײנינקע בײנדעלעך, צעשאָטן געװאָרן זינדיקע גוף און נשמה צוזאַמען...

## ב. קאַראַװאַנען.

עס איז דערײַבער זײער שװער און נישט זיכער צו מאַכן די נסיעה אײנער אַלײן. מען רײַזט אַלע מאָל אין אַ קאָמפּאַניע, װאָס װערט אָנגערופֿן: „קאַראַװאַן".

קאַראַװאַנען, קאַ—ראַ—װאַ—נען...

דאָס איז אַזאַ שײנע זאַך, אַזאַ שײנע זאַך.... ערשטנס, האָט עס אַ פֿרעמדן, אַ זינגענדיקן נאָמען: קאַ—ראַ—װאַ—נען, און, צװײטנס, האָט עס דאָך צו טון מיט פֿאָרן, מיט פֿאָרן און מיט פֿאָרן... װאָס דאָס איז די שענסטע זאַך, װאָס אַ מענטש קאָן טון אין זײַן קורצן לעבן אױף דער װעלט.

קאַראַװאַן, קאַראַװאַן! — װאָס איז אַזײנס אַ קאַראַװאַן?

דאָס איז אַ גרױסע צונױפֿזאַמלונג פֿון רײזנדער, פֿון טױזנטער מענטשן אַפֿילו, און מער, אַלע באַלאָדן מיט סחורות און באַװאָפֿנט מיט אַלערלײ געװער פֿאַר באַשיצונג. און אַלע צוזאַמען שנײַדן זײ דורך דעם מדבר, רײַזנדיק דורך אַ סך טעג און אַ סך נעכט.

און די דאָזיקע נסיעה איז זײער שװער און קאָסט אײנעם דאָס גאַנצע געזונט. ערשטנס, מוז מען די גאַנצע צײַט רײַטן און הײדען זיך נאָכאַנאַנד אױף די בײנערדיקע און שפּיציקע רוקנס פֿון די קעמלען; צװײטנס, ברענט מען זיך כּסדר אױף דער ברענענדיקער זון. און יענעם מדבר זײַנען די זומערן זײער הײסע און די זון ברענט אַ גאַנצן זומער, אָט װי בײַ אונדז אין מיטן תּמוז;

דריטנס, זיינען די וועגן זייער שמאָל, ווי עס איז שוין פריער דערציילט געוואָרן, און עס איז אַפילו נישטאָ גענוג פּלאַץ פאַר צוויי קעמלען, וואָס זאָלן קאָנען גיין איינער לעבן אַנדערן אין איין שורה. מ׳ז דעריבער איין קעמל רייטן הינטערן צווייטן. און ווען איין קעמל, צוליב וועלכער ס׳איז ניט חיהשער הצטרכות, שטעלט זיך אָפּ, מ׳ז זיך אָפּשטעלן דער גאַנצער קאַראַוואַן הינטער אים, ביז וואַנען יענער פילער, אָדער איינגעשפּאַרטער, אָדער גוטער קעמל וועט ווידער אָנהייבן גיין. דער קאַראַוואַן, זעט איר, איז געגליכן צו איין גרויסן גוף, טאָמער ווערט איין אבר קראַנק, פילן עס אויך אַלע איבעריקע אברים, און ליידן דערפון.

און דערנאָך, אַז דער הייסער טאָג ענדיקט זיך שוין, און עס קומט-אָן די נאַכט, און מען שטעלט זיך אָפּרוען, און מען וויל אַ ביסל דערפרישן די פאַרטריקנטע גומענס, — ווייזט זיך אויף אַמאָל אַרויס, אַז דאָס וואַסער אין די פעלענע לאָגלען איז זייער וואַרעם און פאַרדאָרבן... אַ גאַנצן טאָג זיך געבראָטן אויף דער זון — און איצט איז אַפילו נישטאָ קיין טראָפּן קאַלט ברונים-וואַסער פאַר דערקוויקעניש...

פילן זיך די רייזנדער, ווי די יידן מיט אַ פּאָר טויזנט יאָר צוריק, ווען זיי זיינען געטריבן געוואָרן אין גלות. אויפן וועג האָבן זיי, די געטריבענע, זיך אָפּגעשטעלט אין דערפער און ישובים און געבעטן ביי די אָרטיקע איינוואוינער אַ טרונק וואַסער, — האָבן די איינוואוינער זיי צוערשט געגעבן עסן הערינג און אַנדערע געזאַלצענע מאכלים, און אַז די פאַרטריבענע יידן האָט אָנגעהויבן שטאַרק צו דורשטן און זיי האָבן זיך צוגעכאַפּט צו די דערלאַנגטע לאָגלען, אַריינגעכאַפּט די פעלענע העלזלעך אין די מיילער אַריין און זיי אָפּגעבונדן, ערשט די לאָגלען זיינען אָנגעפילט מיט פוסטן ווינט.... נאָר, גאָר אַ סך פון זיי, פון די געטריבענע, זיינען דעמאָלט געפאַלן טויט אויפן אָרט.

איז וואָס מיינט איר — אויך אין אַ קאַראַוואַן פּאַסירט עס, אַז איינער פון די רייזנדער זאָל פּלוצלונג קראַנק ווערן אויפן וועג אָדער זאָל גאָר אין מיטן דערינען אַוועקשטאַרבן, איז באַגראָבט

מען אים דערמאָנט אין דעם וואַרעמען גאָלדיקן זאַמד פֿון מדבר, און ער בלײַבט שוין דאָרט אויף אייביק...

און דער קאַראַוואַן גייט ווײַטער זײַן וועג, ווײַל קאַראַוואַנען מוזן אַלע מאָל האַלטן אין איין פֿאָרן, און אין פֿאָרן....

## ג. פון ירושלים.

עס איז געווען אַ ליכטיקער פֿרילינגדיקער טאָג, ווען ר' אורי מיט נאָך אַ פּאָר רײַזנדער זײַנען אַהיים־געפֿאָרן פֿון ירושלים דורכן דרומדיקן שטעג, וואָס פֿירט קיין חברון.

אין חברון האָבן זיי זיך עס באַדאַרפֿט אָנשליסן אָנם גרויסן קאַראַוואַן, וואָס שנײַדט־דורך דעם מדבר סיני, אויפֿן וועג קיין מצרים.

אַז ר' אורי איז אין דערפֿרי דורכגעפֿאָרן אויף זײַן אייזל דורך די גאַסן פֿון ירושלים, האָט זײַן פּנים אינגאַנצן געשטראַלט און אין אים האָט עס היינט אין זיך געזונגען, ווײַל ער האָט געטראַכט די גאַנצע צײַט וועגן דעם הייליקן ציל פֿון זײַן ווײַטער נסיעה. און אין דער וואַרעמער, גיסנדיקער לופֿט איז אים פֿאַר די אויגן אויפֿגעשוואומען די ווײַטע אומבאַקאַנטע שטאָט מיטן היימיש־קלינגענדיקן נאָמען, — די שטאָט אַלעקסאַנדריע, מיט אירע ווײַסע טורעמס און מינאַרעטן, וואָס בלישטשען גאָלדיק אין דער זון, בײַם ברעג פֿון אַן אומבאַקאַנטן וואַסער.

און אינם וואַסער, וואָס איז אַזוי קלאָר, און וואָס שווענקט די ברעגעס פֿון אַלעקסאַנדריע, איז דאָ נאָך אַ שטאָט, אַ שטאָט אַן איבערגעקערטע, מיט פֿאַנטאַסטישע שפּיצן און נאָדלען, און אַ בלויען הימל — אויפֿן סאַמע דעק וואַסער. וואָס איז עס פֿאַר אַ שטאָט, וואָס ליגט אַלע מאָל אין וואַסער? — האָט זיך געטראַכט ר' אורי. — עפּעס אַ הימל־שטאָט, אַ שטאָט, נישט קיין קערפּערלעכע, נאָר אַ לופֿטיקע, אַ גײַסטיקע, אַ שטאָט, וואָס ליגט צווישן אַלע לענדער, איבער אַלע שטעט...

און אַז ר' אורי פֿלעגט זיך דערמאָנען אָן יענער לופֿטיקער שטאָט, פֿלעגט אים קלאָר ווערן, אַזוי קלאָר ווערן דער זין פֿון

זיין גאַנצן לעבן און צוליב וואָס ער איז נאָך דאָ אויף דער וועלט... אַז צוליב דעם לייגט זיך אים אויסצושטיין אַלע שטרויכלונגען און שוועריקייטן פון דער ווייטער געפערלעכער רייזע, אַבי צו האָבן די זעונג פון יענער לופטיקער שטאָט, וואָס איז איבער אַלע שטעט, אַ שטאָט צווישן לענדער...

די גאַסן פון ירושלים זיינען שמאָל, קרומיק און טונקל, ווייל זיי זיינען כּסדר אויבן — איבער דער ברייט פון איין הויז צום צווייטן — דערמאָלט געווען באַדעקט מיט גאַנצע פלאַכטעס לייוונט, כדי די זון זאָל ניט צוקומען. נאָר דער היינטיקער טאָג איז געווען אַזאַ ליכטיקער און אַזוי פיל זון האָט געשיינט, אַז דאָס ליכט האָט זיך אומעטום דורכגעבראָכן און דורכגעשטופּט. זוניקע פלעקן האָבן אַרומגעטאַנצט דאָ און דאָרט און זיך געשפּילט אינם גלאַנציקן גלאַזור, מיט וועלכן די פלאַכע דעכער פון די ירושלימער הייזער זיינען באַדעקט.

אַזוי זוניק האָט זיך ר' אורי געפילט און אַזוי פאַרטיפט איז ער געווען אין דער פאַרשטייענדיקער נסיעה, אַז ער האָט גאָר ניט באַמערקט, ווי זיין אייזל איז דערווייל אַריינגעפאָרן אין דעם טומלדיקן און גוט-ברוקירטן באַזאַר-אַריין.

## ד. דורכן מאַרק.

דער מאַרק איז געלעגן אינם ליכטיקן טאָג, אַ רעשדיקער, אַ האַוועונדיקער, אַ צעשניטענער דורך די פיל דורכגאַנגען און געסלעך.

אויף ביידע זייטן געסלעך זיינען צעעפנט די קליינע קרעמלעך, וואו מען פאַרקויפט כלערליי סחורות, און וואו די שניידער, שוסטער, גאָלדשמידן און אַנדערע בעלי-מלאכות זיצן ביי דער אַרבעט.

טערקן איינגעוויקלט אין זייערע טורבאַנען, זיצן זיך רויק ביי די טירן פון זייערע געוועלבלעך, קוקן-אַריין אינם קאָראַן און פיפקען פאַמעלעך די לאַנגע ליולקעס.

אין מיטן מאַרק ליגן אויסגעצויגן אויף דער ערד די פּייערים, וואָס מען רופט זיי פעלאַכן, מיט זייערע ווייב, גערשטן און

קוילן, וואָס זיי ברענגען צופֿירן. טונקעלע זײַנען זיי אַזעלכע און ברוינע, אַליין עפּעס ווי אויסגעגראָבענע שטיקער ערד, לעבן זיי ליגן די ווײַבער זייערע, מיט די שטערנס צעפֿאַרבט און צעמאָלן אין בלויע און גרינלעכע שטריכן, באַהאַנגען און באַפּוצט מיט אַלערליי גאָלד־שטיקער און קאָלירטע בלעכלעך, דורך די נעזער זײַנען בײַ זיי דורכגעצויגן שנירלעך מיט מטבעות, אַז זיי גיבן זיך נאָר אַריין שטרעקן־אויס די הענט צו די קאָשיקעס מיט פֿרוכטן און גרינס, וואָס זיי האָבן געבראַכט אין שטאָט צו פֿאַרקויפֿן, הויבן־אָן די מעטאַל־שטיקער בײַ זיי קלינגען און צו הילכן.

און אַלע פֿאַרבן און אַלע קולות לויכטן אין דער זון, ווײַל ס'איז פֿרילינג אין הייסן, און דער פֿרילינג ברעכט זיך אויך דורך דורך די ירושלימער מויערן און שפּראָצט־אַרויס פֿון די גאַסן און גופֿא פֿון די שטיינער. זיסע און שמעקעדיקע ריחות שווימען־אַרום אין דער לופֿט, ווי לופֿטיקע, אומגעזעענע פֿייגלען. קערט זיך ר׳ אורי האָ אום און דערזעט, אַז ער געפֿינט זיך טאַקע איצט אין דעם בשמים־געסל.

בײַ די טירן פֿון די בשמים־געוועלבלעך ליגן אויסגעלייגט שטיקער פֿאַרפֿומירטע זייף, וואָס זײַנען פֿאַרמישט מיט די טייערסטע געווירצן מאָשוס און אַמבראַ, און אויף יעדן שטיקל זייף געפֿינען זיך אַזעלכע שיינע געמעלן, ווי דער הר־הזיתים, רחל׳ס קבר, דער מקדש שלמה און נאָך אַנדערע געמעלן, וואָס זײַנען אַ הערקוויקונג פֿאַרן אויג. פֿון די קאַווע־הײַזער טראָגט זיך אַרויס דער ריח פֿונם גראָב־געשטויסענעם טערקישן קאַווע און דאָס געפּלאַפּל פֿון די טערקן, וועלכע זיצן אויף די דיוואַנעס, רייכערן זייערע לאַנגע ליולקעס און דערציילן זיך מעשיות, זינגען און שפּילן אַזעלכע מאָדנע, ווילד־ווייטע לידער, וואָס אַז איר הערט זיי, דוכט זיך אײַך, אַז איר זעט פֿאַר אײַך גרויסע מחנות ווילדע רײַטער, וועלכע פֿליען אויף זיך־פֿונאַנדערגעטראָגענע פֿערד דורך די ווילדע פֿאַרוואַקסענע סטעפּעס...

און פֿון פֿאַרשיידענע זײַטן ווערן אַהער זיסע בשמים־ריחות אָנגעוויִיט אויף די פֿליגלען פֿון אומגעזעענע ווינטלעך און פֿילן־אָן די לופֿט מיט זיסער פֿאַרשיכּורטקייט... און רייכן קרײַזלען זיך...

אין אייגן שמייכלען... און ליפּן קאַשערן זיך אָפּ פון ווייסע ציין...

## ה. קיין חברון.

די זון איז שוין געווען הויך אין הימל, ווען ר' אורי מיט נאָך עטלעכע רייטער זיינען אַרויסגעפאָרן הינטער דרומדיקן טויער אויפן וועג קיין חברון.

עס איז געווען שניט-צייט. איבער די פעלדער, וואָס האָבן זיך געצויגן ביים וועג, זיינען געווען צעשפּרייט אַסך שניטער, און זייערע שניידמעסערס האָבן העל געבלאַנקט אין דער זון. אין דער קילער און פרישער פרילינגס-לופט האָבן זיי יעדע נאַכט גע-נעכטיקט אין פעלד אונטער פרייען הימל, און אַ וואַכזאַמקייט און אַ ביטערקייט האָט דעריבער אין זייערע גלידער אַריינגעפליצט פון דער ערד אַרויס. און זיי האָבן זיך איצט באַוועגט אויפן פעלד פלינק און מונטער, אַזוי ווי יונגע ביימלעך אין געוויקסן...

אין אַ פּאָר שעה אַרום זיינען די רייטער אָנגעקומען אין דער שטאָט חברון, וועלכע ליגט אין אַ שיינעם טאָל, אַרומגערינגלט מיט בערג. די בערג זיינען באַוואַקסן מיט ווייַנטרויבן-ביימער, און מיל-גרוימען-ביימער, און טייטל-ביימער, און פייגן-ביימער, און באַקסער-ביימער, און ציטראָנען-ביימער, און אָראַנזש-ביימער און נאָך אַנ-דערע ביימער... און ווייל די שטאַרקע בייטאָגיקע זון שפּרייט איר ליכטיקייט אין דער לופט איבער די אַלע פאַרבן פון די ביימער, זעט דאָס גאַנצע בערגיקע און טאָליקע לאַנד אַרום איים, ווי אַן אויסגע-מאָלן בילד, באַגאָסן מיט זוניקן ליכט.

אין חברון איז ר' אורי אָפּגעווען אַ נאַכט און אַ טאָג, ווייל דער קאַראַוואַן איז נאָך ניט געווען גרייט צו דער נסיעה. מען האָט געוואַרט אויף נאָך איניקע רייזנדע, וועלכע האָבן געדאַרפט אָנקומען.

הערווייל איז ער אייַנגעשטאַנען ביי די חברונער יידן, וועלכע זיינען גרויסע מכניסי-אורחים, פּונקט ווי עס איז געווען אברהם אבינו, וועלכער האָט מיט טויזנטער יאָר צוריק געוואוינט אין דער דאָזיקער

שטאָט און איז דאָרט אייך באַגראָבן געוואָרן, ווייל דאָרט איז אַ זיסע און ווייכע און ריינע ערד. און עס איז וואויל פֿאַר אַ טויטן צו ליגן אין איר.

איידער מאָרגן פֿרי איז ר׳ אורי געגאַנגען אין־שול אַריין, האָט זיך אַנידערגעשטעלט מיטן פּנים קיין צפֿון־זייט — ווייל ירושלים קומט־אויס צו צפֿון־זייט פֿון חברון — און האָט געבעטן גאָט, ער זאָל אים געבן אַ גליקלעכע נסיעה. ער האָט דערביי אַ סך געוויינט. אַ מענטש איז ער געווען אַ פֿרומער און עס האָט אים ווי געטאָן דאָס האַרץ ביים געדאַנק, וואָס אין וועג וועט אים אויסקומען נישט זיין בּיכולת אָפּצוהיטן פֿאַרשיידענע מצוות. נאָר ער האָט זיך געטרייסט, אַז עס איז דאָך אַלץ צוליב אַ הייליקן ציל, כּדי אַרויסצוהעלפֿן די פֿרומע און אָרעמע יידן פֿון דער שטאָט ירושלים און זייערע רייכע ברידער פֿון דער שטאָט אַלעקסאַנדריע, וועלכע ליידן פֿון זייער שווערער גאָלד־לאַסט.

אָבער איין תּנאי האָט ער איינגענומען מיטן אָנפֿירער פֿונם קאַראַוואַן, און דאָס איז, אַז מען זאָל צוליב אים, ר׳ אורין, זיך אָפּשטעלן רוען אין דעם זיבעטן טאָג, שבת, ווייל שבת איז אַ הייליקער טאָג. און אין דעם טאָג האָט זיך גאָט אָפּגערוט ווען ער האָט באַשאַפֿן די וועלט.

גוט. דער עלטסטער פֿונם קאַראַוואַן האָט עס אים צוגעזאָגט. ער האָט אפֿילו גענומען ביי ר׳ אורין אַן עקסטרע געצאָלט דערפֿאַר, וואָס דער קאַראַוואַן וועט זיך דאַרפֿן אָפּשטעלן רוען צוליב אים אינם טאָג שבת.

— יאָ

שבת איז אַ הייליגער טאָג,\
שבת איז אַ טאָג פֿון רו,\
יעדער ייד זאָל רוען אין יענעם טאָג.

## ו. אָוונט און נאַכט.

עס איז געווען אַ ליכטיקער אָוונט. גרויסע שטערנס האָבן געגלאַנצט אין הימל, ווי קיילעכדיקע גאָלדענע ווינטרויבן. אַזוי ליכ־

טיק איז עס געווען, אַז מען האָט געקאָנט זען אַ וואַקסנדיקן בוים פֿאַר מײַלן און מײַלן ווײַט....

דער קאַראַוואַן האָט זיך געלאָזט אין וועג אַרײַן.

— וואוהין גייסטו אַזוי, פֿאַמעלעכן, קאַראַוואַן?

— דורך אַ וויסטעניש, וואָס איז פֿול מיט שטויב און זאַמד, פֿיל מער, ווי דער ים איז פֿול מיט וואַסער; דורך אַ מדבר מיט אַ אַ פֿולע שטרויכלונגען, נאָר אויף וואַסער וועג. זײַנען דען קיין שטרויכלונגען ניטאָ?

אַזוי ענטפֿערט דער קאַראַוואַן.

און עס ציִען זיך פֿאַמעלעך פֿאָראויס די לאַנגע העלזער פֿון די קעמלען, די ווײַס־פֿאַרוויקלטע רײַטער, און די געפֿאַלדעוועטע בורנוסן, שאָקלען זיך צווישן די האָרבן צום געקלימפּער פֿון די גלעקלעך אויף די קעמלענס העלזער. אַ לאַנגע שמאָלע שורה האָט זיך אָנגעהויבן ציִען איבער די זאַמדן אינם אָוונט אַרײַן.

און שפּעטער אַ ביסל האָט זיך אויפֿגעהויבן אין דער קלאָרער און לײדיקער מדבר־לופֿט אַ געזאַנג פֿון די אַראַבער — אַ שטילער זיך קרײַזלענדיקער הויך, אַן אָפּגעזונדערטער געזאַנג אין דער נאַכט אַרײַן.

## ז. די זון פֿאַרגייט.

זיי זײַנען געפֿאָרן אַזוי עטלעכע טעג און עטלעכע נעכט.

בײַטאָג — דורך דער ברענענדיקער היץ און איבער די גאָלדענע זאַמדן.

בײַנאַכט — זײַנען זיי געלעגן אויפֿן לײדיקן פֿעלד אינם מדבר. ווייניקע אָבער האָבן געשלאָפֿן, ווײַל עס איז געווען אַלעמען אַזוי בלוט־קילנדיק, זיס פֿאַרגעניגן זיך צוצוהערן צו די קולות פֿון די ווילדע חיות, וואָס האָבן זיך געטראָגן אַרום און אַרום אין דער נאַכט, ווילדע און האָרשטיק.

די רייזע איז דערווײַל אָנגעגאַנגען גאַנץ פֿרידלעך און אָן שום באַזונדערע פּאַסירונגען. און עס איז ענדלעך אָנגעקומען דער זעקסטער טאָג, וואָס דאָס איז דער טאָג פֿרײַטאָג.

דער טאָג האָט זיך אין דעם מדבר אָנגעהויבן, ווי אַלע אַנדערע טעג, און איז געוואָרן וואָס אַ שעה אַלץ עלטער און עלטער. ס'איז פאַרנאַכט. די זון האָט שוין אָנגעהויבן אונטערגיין, און אַרום און אַרום האָט זיך געשפרייט דער פאַרנאַכטיקער זאַמד, ווי ווייט דאָס אויג האָט נאָר געקאָנט כאַפּן. אַ הייטלעכקייט האָט זיך אָנגעהויבן ברייטערן אין דער לופט און אָנגעזאָגט, אַז דער שבת-קודש האַלט שוין באַלד אין אָנקומען.

גייט-צו ר' אורי צום עלטסטן פונם קאַראַוואַן און דערמאָנט אים, אַז עס איז שוין צייט זיך אָפּשטעלן, ווי זיי האָבן אָפּגערעדט, ווייל די זון פאַרגייט שוין.

לאַכט זיך דער עלטסטער פונאַנדער מיט גרויס געלעכטער. דאָס געלעכטער קלינגט אָפּ אין דעם פּוסטן מדבר, ווי אַ שרעקלעכער פייגל וואָלט זיך ווילד צעשריען. ער וויל זיך, זאָגט ער, נישט אָפּשטעלן אפילו אויף איין מינוט. ער האָט נאָך אפילו אָנגעהויבן חוזק מאַכן פונם ייד.

— ווילסטו דען, אַז מיר זאָלן אַ גאַנצן איבעריקן טאָג און אַ גאַנצע איבעריקע נאַכט בלייבן אין דער מדבר צוליב דיר און צוליב דיינע יידישע מנהגים?

איז ר' אורי געוואָרן זייער טרויעריק און האָט ניט געוואוסט, וואָס צו טון. זאָל ער מיטפאָרן מיטן קאַראַוואַן און אַזוי־ערנאָך מחלל־שבת־זיין, אָדער זאָל ער פאַרבלייבן דאָ, אין דער וויסטעניש, און זיך מפקיר־זיין צו טויזנטער געפאַרן.

עטלעכע מאָל האָט ער זיך אַזוי איבערגעלייגט און געשלאָגן זיך מיט דער דעה. ענדלעך איז ביי אים געבליבן, ער זאָל זיך אָפּשטעלן אין מדבר, וואָרעם דאָס איז דאָך בלויז אַ ספק־סכנה. אפשר וועט אים גאָט אָפּהיטן און עס וועט מיט אים גאָרנישט פאַסירן. אויב אָבער ער וועט פאַרשוועכן די הייליקייט פון שבת, וועט ער די האָזיקע גרויסע עבירה שוין נישט קאָנען פאַרריכטן זיין גאַנץ לעבן, און ער וועט פאַרפאַלן ווערן אין גהינום אַריין אויף אייביק און אייביק.

אַז ער האָט זיין באַשלוס דערקלערט דעם עלטסטן פונם קאַראַוואַן, האָבן זיך די מייסטע רייזנדע שטאַרק צעלאַכט און נישט

אַנדערש געדאַלטן, אַז דער ייד איז משוגע געוואָרן. עס האָבן זיך, אָבער אויך געפֿונען אייניקע, וועלכע האָבן נישט געלאַכט, נייערט זיי האָבן אויף אים גרויס רחמנות געהאַט, ווען זיי האָבן געוואוסט, אַז דער מענטש וועט דאָ זיכער אומקומען פֿון חיות רעות, אָדער ווילדע רויבער און דעסגלייכן. זיי האָבן אים אָבער נישט געקאָנט אָפּרעדן פֿון זיין באַשלוס.

אַ ייד איז אַן עקשן,
אַ ייד איז אַ גלייביקער,
דורך אַלע וועגן,
דורך אַלע שטעגן, —
צו זיך.

## ח. דער קאַראַוואַן פֿאָרט אָפּ.

דער קאַראַוואַן איז אַוועקגעפֿאָרן.

אָ, דער קאַראַוואַן! דער קאַראַוואַן!

מיין האַרץ פֿאָרט, קלאַפּנדיק, נאָך אים.

ווער וועט שוין ברענגען דאָס שטילע וואָרט, דאָס וואַרעמע וואָרט אין דער שטאָט אַלעקסאַנדריע?

און ווער וועט שוין ברענגען דאָס בלייכע גאָלד, דאָס קאַלטע גאָלד אין דער שטאָט ירושלים?

עס הענגט מיין האַרץ רויט און פֿאַרבלוטיקט אין מערב, און פֿלאַמט פֿאַמעלעך, פֿאַמעלעך אַרונטער.

דער קאַראַוואַן איז אַוועקגעפֿאָרן.

מיט פֿאָראויסגעשטרעקטע קעפּ האָבן די קעמלען פֿאַמעלעך גע־ביטן זייערע דין־הויכע קנעכלדיקע פֿיס, געשאָקלט מיט זייערע הויקערס און די רייזנדע האָבן זיך אינטערעסירט צום טאַקט פֿון די הויקער־באַוועגונגען.

עס איז געוואָרן שטיל. אַ לאַנגער דינער פֿאָס האָט זיך גע־צויגן איבער די זאַמדן אין דער פֿאַרנאַכטיקער לופֿט פֿונם מדבר, און ער האָט אויסגעזען, ווי איין לאַנגער, דינער גוף מיט אַ סך קעפּ.

אַ טונקל פּנים, מיט אַ ווייסער פֿאַטשיילע אַרומגעוויקלט, האָט זיך נאָך פֿון צייט צו צייט אומגעקערט און האָט אַ שמייכלדיקן אָרער

אַ באַהײַערנדיקן בליק אַהער צום ייִד צוגעשיקט. נאָר וואָס אַמאָל איז דער לאַנגער, דינער פּאַס געוואָרן אַלץ דינער, אַלץ ווײַטער, אַלץ בלײַכער. די פֿאַרנאַכטיקע ליפּט האָט זיך געטונקלט און איז געדיכטער געוואָרן, ווי די וואָלט אָנגעגאָסן געוואָרן מיט זאַפֿט פֿון טינט־עפּעלעך, און די אָנקומענדיקע נאַכט האָט אין גיכן אײַנגעשלונגען דאָס לעצטע ווײַסטסטע פּינטעלע פֿונם קאַראַוואַן.

שאַ, שטיל. עס שאַלט קוים אויף אין דער מדבר־שטילקייט דאָס לעצטע קלינגען פֿון אַ גלעקל, דאָס לעצטע נאָגנדיקע געזאַנג, ווי גויעם זינגען אין פֿרילינג, בעת זיי וואַשן גרעט בײַם טײַך.

## ט. שבת אין מדבר.

און ר' אורי האָט זיך געוואָרפֿן מיטן פּנים צום זאַמד, האָט אײַנגעגראָבן זײַן געזיכט אין דעם... ווײַל אַ מענטש, האָט ער געטראַכט, איז קליין און נישטיק: פֿון זאַמד קומט ער און צו זאַמד ווערט ער זיך אומקערן. איז שוין נישט גלײַכער, ער זאָל זײַנע געציילטע טעג אויף דר'ערד פֿאַרברענגען אין ריינקייט און הייליקייט און גיין אויף דעם וועג פֿון לעבן, וועלכן ער האָט אַליין אויסגעקליבן?

ס'זײַנען דאָ אַ סך וועגן, אַ סך,
און יעדער זאָל זיך גיין זײַן וועג...

און ר' אורי האָט געטון זאָגן:

— מײַן גאָט, דער גאָט פֿון דניאל, וועלכער האָט זיך געלאָזט אַרײַנוואַרפֿן אין לייבן־גרוב אַרײַן, אַבי נישט אָפּצוטרעטן פֿון דײַן געבאָט, מײַן גאָט, דער גאָט פֿון אליהו הנביא, וועלכער האָט בעסער אויסגעקליבן דאָס ווּסטעניש פֿאַר זײַן וווינונגס־פּלאַץ, וואו עס איז נישט געווען קיין שפּײַז און קיין וואַסער, איידער צו בוקן זיך צום קיניג אַחאָב, וועלכער איז געווען אַ געצנדינער. — דו, גאָט, ביסט דאָך אויך מײַן גאָט און וועסט זיכער זײַן מײַן הילף און מײַן באַשיצונג.

און ער איז אויפֿגעשטאַנען פֿון דער ערד, האָט זיך אומגעקערט מיטן פּנים צום מזרח פֿון דער וועלט, וואו אַ בלײַך הײטל

פון אַלבנה האָט זיך איצט אָנגעהויבן אַרויסגליטשן איבערן הימל, און ער האָט זיך געשטעלט דאַוונען.

ער האָט געדאַוונט מיט גרוים התלהבות און פֿייערדיקייט, און די ברוין־ווערנדיקע זאַמדן זיינען געווען שטיל, אַרום און אַרום, האָבן זיך צוגעהערט צו זיין קול און געשוויגן און געטוליעט זיך אינם אָוונט.

און ר' אורי האָט געענדיקט מקבל־שבת זיין, האָט ער אָנגעהויבן זינגען מיט אַ פֿרייליכן קול שיר־השירים, ווי עס איז דער מנהג ביי די ספרדים, וואָס זיי זינגען שיר־השירים אין די פֿריי־טאָג־צו־נאַכטן, וואָס זיינען צווישן פסח און שבועות. די צייט איז דעמאָלט אַ זינגענדיקע און אַליכטיקע, די צייט פֿון פֿרילינג און פֿון שניט, און דאָס האַרץ שלאָגט איף אין אַ ווייסער פֿרייד, ווי אין אַ מיך־ווינטערדיקן טאָג, ווען עס הויבן מיט אַמאָל אָן צו שמעלצן די שנייען.

### י. קידוש.

דערנאָך האָט ער אַרויסגענומען פֿון זיין פּעקל אַ ווייס טיש־טעכל, האָט עס צעשפּרייט איבערן זאַמד, אַרויסגעלייגט איף דעם אַ פּאָר חלות, אַ פֿלעשל ווין און האָט אָנגעהויבן מאַכן קידוש מיט אַ זיס קול.

און ווי ער האָט אָנגעהויבן מאַכן קידוש מיט פֿאַרמאַכטע אויגן, איז דער מדבר נאָך שטילער געוואָרן. די זאַמדן האָבן זיך נאָך נעענטער צו אים צוגערוקט, אפילו בוימער זיינען אָנגעקומען פֿון דערווייטנס, און אַ קוואַל וואַסער, און שטילע הייזלעך אינם שאָטן פֿון פּאַלמעס — אַ קליינע מדבר־שטאָט האָט זיך צוגערוקט אַהער.

זיי האָבן זיך אַלע אַרומגעשטעלט אַרום ר' אורין און זיך צוגעהערט צו די הייליקע ווערטער, וועלכע זיינען געפֿאַלן איף זיי און האָבן זיי געהייליקט.

און אַז ער האָט געענדיקט קידוש מאַכן, האָט זיך ר' אורי אַנידערגעזעצט עסן די שבתדיקע סעודה, — דאָס בעסטע, וואָס ער האָט געהאַט ביי זיך אין פּעקל. און ווידער האָט ר' אורי פֿאַר־

מאַכט די אויגן און דערזען זיך אין דער היים, אין דער ליכטיקער ספרדישער סאַלע, וואו מען האָט היינט ביטאָג, ווי יעדן שבת געפּיקט אין פּייקלעך, געצימבלט אין די בלעכלעך, זיך געבאָדן אין די וואַרעמע קוואַלן און זיך געשמירט מיט די שמעקעדיקסטע בשמים לכּבוד שבת.

איז אים פריילעך געוואָרן אויפן האַרצן בײַ דער דאָזיקער פאָרשטעלונג און ער האָט מיט אַ פרײדיק, ליבלעך קול געזונגען די שבתדיקע זמירות. און אַזוי ווי אין מדבר איז דעמאָלט געווען שטיל צוליבן שבת און צוליב דער נאַכט, האָט זיך זײַן שטים געטראָגן ווייט און ברייט איבער די נאַכטיקע זאַמדן, וועלכע האָבן זיך שווײַגנדיק צוגעהערט צום זיסן געזאַנג.

און אויף ר׳ אורים פּנים איז געווען אויסגעגאָסן אַ גרויסע הייליקייט, וואָס דאָס האָט געמאַכט זײַן פּנים לויכטן אין דער טונקל, ווי שײַנט אויף אַ טונקעלן, בײַנאַכטיקן ים־וואַסער.

און דערנאָך האָט ער אָפּגעלייענט קריאת־שמע, זיך געלייגט אויפן זאַמד און געמיינט גלײַך אַנטשלאָפן ווערן רויִק און זיכער, ווײַל ער האָט געפילט, אַז גאָט איז געווען מיט אים.

## יא. אַ לײב האָט געשריען.

ער האָט אָבער ניט געקאָנט אײַנשלאָפן גלײַך, ווײַל דער זאַמד איז נאָך געווען הייס אָנגעגליט פון דער בײַטאָגיקער זון. איז ער אַ ווײַלע געלעגן אַזוי מיט אָפענע אויגן.

אויף די ווײַטע ארץ־ישראלדיקע פעלדער זײַנען אין דער איצטיקער שעה פּונקט אַזוי געלעגן אויף דער פריש־אָפּגעשניטענער ערד די שניטערס, און שטילע געזאַנגען האָבן זיך געצויגן אין דער נאַכט אַרײַן און פייכטע פרילינגדיקע ריחות האָבן זיך געצויגן פון דער ערד אַרויס.

די דערמאָנונג אָן די פרילינגס־ריחות האָט ר׳ אורין אַ ביסל אָנגעהויבן פאַרשיכּורן. זײַנע אויגן־דעקלעך האָבן זיך אָנגעהויבן צו קלעפּן און ער איז אַרײַנגעפאַלן אין זיסן האַלב־דרימל.

און אינם האַלב־דרימל איז אים אויסגעשוואומען פאַר די פאַ־

מאַכטע איינע אַ ווײַטע אומבאַקאַנטע שטאָט, אַ שטאָט מיט ווײַסע דעכער און מינאַרעטן, וואָס בלישטשען גאָלדיק אין דער זון... און אַזוי ווי עס איז נאָך געלעגן בײַ אַ גרויסן וואַסער, האָט עס זיכער נישט געקאָנט זײַן קיין אַנדערע, ווי די שטאָט אַלעקסאַנדריע, וואָס ליגט בײַם מיטללענדישן ים, און אין וועלכער עס וואוינען די מאָדנע און פֿרעמדע ייִדן...

— אומעטום זײַנען דאָ ייִדן — טראַכט ר׳ אורי אין זײַן האַלבדרעמל — און זיי זײַנען אומעטום אָנגעבונדן איינע אָן די אַנדערע, ניט קוקנדיק אויף דער ווײַטקייט צווישן זיי. אין דער ליכטיקער לבנה־נאַכט, אין מדבר, האָט זיך אים אויסגעדוכט צו זען הינטער די אַרונטערגעלאָזענע אויגן־דעקלעך אַזעלכע דין־בלויִלעכע פֿעדים, וועלכע ציִען זיך פֿון דעם לאַנד ישראל קיין אַלעקסאַנדריע, ציִען זיך הינטערן מדבר, און דורך אים, ר׳ אורין.

און האָט אים אָנגעהויבן ווי טאָן דאָס האַרץ און שטאַרק פֿאַרדריסן אויף זיך און אויף זײַן באַשלוס צו בלײַבן אינעם מדבר איבער שבת. אויב ער וועט דאָ חס־ושלום אומקומען איינער אַליין, וועלן די דינע פֿעדים איבערגעריסן און פֿאַרלוירן ווערן אין די זאַמדן — — —

זײַן דרימל איז געוואָרן אומרויִקער.

מיט אַמאָל דערהערט ער אַ געשריי פֿון אַ לייב אין דער שטילער טיִנקלקייט פֿון דער נאַכט. אַמוראַדיק בילן האָט אויפֿגעציטערט די בלײַע לופֿט איבער די שלאָפֿנדיקע זאַמדן און אַ גרויל איז דורכגעלאָפֿן הינטערן רוקן פֿון דער נאַכט. אויף אַ ווײַלע דערנאָך איז עס געוואָרן שטיל. דאָס ברומען האָט זיך ערגעץ ווײַט איבער די זאַמדן פֿאַרקײַקלט, און — שאַ. אָבער באַלד האָט דאָס ברומען ווידער אויפֿגעדונערט, ווי דאָס טויבלעכע און ווײַטע כוואַליעס־שלאָגן פֿון אַ צעבושעוועטן ים.

דער רב האָט זיך שטאַרק דערשראָקן און זיך שוין אָנגעהויבן צו גרייטן אויף אַלץ. אויף דאָס ערגסטע. מסתמא, איז עס דער ווילן פֿון גאָט אַזוי, זײַן צאָרן און זײַן שטראָף. ער האָט אָנגעהויבן צו זאָגן דעם פּסוק:

— אין דיין האַנט, אָ, גאָט, טו איך באַהאַלטן מיין...

און נאָך איידער ער האָט באַוויזן צו ענדיקן דעם פּסוק, האָבן שוין אַ פּאָר פייערן גענומען ברענען לעבן אים אין דער נאַכט, ווי צוויי פלאַקערנדיקע פייער־בלומען. און אין נאָך אַ פּאָר סעקונדן אַרום האָט זיך פאַר ר' אורין אָנגעהויבן אָפּצוצייכענען אויפן בלויען געוועב פון דער נאַכט די קיילעכדיג־אויסגעשויבערטע גרויסע פון אַ מלכותדיקן לייבן־קאָפּ און אַן עק, וואָס האָט ווי אַ שטייף־אָנגעצויגענער בויגן, דורכגעשניטן די לופט.

אַ ווײַלע איז דער לייב געשטאַנען אַזוי שאַרף אָנגעצויגן, שטיל־אומבאַוועגלעך, ווי אַ לייב, וואָס איז אויסגעגאָסן פון שטאָל, און אַ רויקע קיניגלעכקייט האָט אַרויסגעשטראַלט פון זיין שווייגנדיקן קוק. באַלד האָט ער גענומען און זיך אַנידערגעלייגט אויפן זאַמד נישט ווייט פון ר' אורין און האָט אים פריינטלעך באַטראַכט.

און דאָ האָט ר' אורי אויסגעזען טאַקע, ווי דער נביא דניאל אַליין אין דעם לייבן־גרוב. ער האָט גלייך פאַרשטאַנען, אַז דער לייב מוז עס זיין אַ שליח פון גאָט. האָט ר' אורי נאָך שטאַרקער אָנגעהויבן צו לויבן און צו דאַנקען דעם באַשאַפער פון דער וועלט, און פון מדבר און פון דעם מענטש און פון דעם לייב אין מדבר. האָט אַזוי תפילה געטון מיט גרויס געזאַנג און שבח, און איז דערנאָך רויק איינגעשלאָפן.

און דער לייב איז וואָס אַ מינוט געוואָרן אַלץ פריינטלעכער און צוגעלאָזענער, זיך אַלץ נעענטער צוגערוקט צום מענטשן און און זיך געלאַשטשעט צו אים. דערנאָך איז ער אויך איינגעדרעמלט, מלכותדיק רויק איז זיין קאָפּ געלעגן אויף די פאָדערשטע לאַפּעס.

און ווידער איז געוואָרן שטיל אינם מדבר. די זאַמדן האָבן זיך געשפּרייט, גאָלדענע און ברוינע, אין דער נאַכט אַריין, און די שטערן האָבן געשימערט אין הימל, ווי געשייערטע קופּערנע באַלן, און דער מדבר האָט געגלאַנצט אינם לבנה־ליכט, ווי צעשמאָלצן גלאָז, און דער רב איז געלעגן פרידלעך און שטיל און זיכער, ווי ער וואָלט געווען אַן איינוואוינער פון מדבר שוין פון

לאַנג, פֿון תּמיד אָן... און דער לײב איז געזעסן זײן נאַכט־װעך־טער.

דער מדבר האָט געדרימלט.

די נאַכט האָט געדרימלט איבערן מדבר,

שטימען האָבן געזונגען אין דער נאַכט.

## יב. אויף מאָרגן.

אַ װײסלעכע פֿליסיקײט האָט זיך אָנגעהױבן אַרײנגיסן אין דער נאַכט אַרײן און זי געמאַכט מאַרער, ליכטיקער, װײסער. און באַלד האָט זיך די נאַכט אינגאַנצן אַרונטערגעשײלט פֿונם מדבר און עס איז געװאָרן טאָג.

אין דער פֿרי האָט זיך ר׳ אורי אױפֿגעכאַפּט און הערזען, אַז דער לײב ליגט נאָך אַלץ לעבן אים, און דער רב האָט זיך צעגעװײנט צו אים װי צו אַ געװײנלעכער הויז־חיה, און האָט דעם גאַנצן טאָג שבת פֿאַרבראַכט אין לײב און געזאַנג און אין זמירות.

און אַז עס זײנען אױפֿגעגאַנגען די שטערן פֿון מוצאי־שבת, האָט ר׳ אורי אָפּגעמאַכט הבדלה איבער זײן װײן. די זאַמדן האָבן זיך שװײַגנדיק צוגעהערט צו זײן ברכה, און דער לײב איז אויך געלעגן דערבײַ מיט אַ שװײַגנדיק־אונטערטעניקן קאָפּ, און האָט זיך נישט קײן ריר געטאָן.

און װי ר׳ אורי האָט אָפּגעמאַכט הבדלה, איז דער לײב אױפֿגעשטאַנען, איז צוגעגאַנגען צו אים, האָט אָנגעהױבן אים לעקן מיט זײן צונג, דרײען זײן װײדל אַהין און אַהער און אַלץ געהאַלטן אין דרענגען זײן קאָפּ דעם רב צװישן די פֿיס אַרײן.

און ר׳ אורי האָט גלײַך פֿאַרשטאַנען, אַז דאָס װיל ער עס אַרױפֿנעמען אים אויף זיך און ברענגען אים רײַטנדיק בשלום צו זײן קאַראַװאַן. האָט ער גענומען און אַרױפֿגעלײגט אויף דעם לײב זײן פּעקל, און דערנאָך האָט ער זיך אַלײן אַרױפֿגעזעצט אויף אים. און דער לײב מיטן רב אויף זײן רוקן האָבן זיך געלאָזט פֿיל איבער בערג און װעג אַרײן.

## יג. דאָס געזאַנג פון דעם מדבר.

און באַלד האָט זיך אָנגעהויבן דער גייעג הינך דער שרעקלעכער וויסטעניש.

דער רב האָט אַריינגעפּלאָכטן זיינע הענט אין די לאַנגע צעשייבערטע האָר פונם לייבס גריווע.

די נאַכט איז געווען ליכטיק און קיל, עס איז שוין געווען די עלפטע שעה, נאָענט צו מיטן־נאַכט, ווען די חיות פון דער וויסטעניש לאָזן זיך אַרום אין גייעג נאָך שפייז און הייבן אַלע אָן זייער ביינאַכטיק געזאַנג. ווייל יעדע חיה האָט זיך איר געזאַנג, נאָר דאָס מענטשלעכע אייער קאָן ניט פאַרנעמען אַלע מאָל דאָס געזאַנג פון דער חיה. דער רב, צום ביישפּיל, האָט פון אַלע געזאַנגען איצט געהערט בלויז דאָס בלוט־קילנדיקע געשריי פון די ווילדע שאַקאַלן און דאָס וואָיען פון די גרויסע מדבר־שלאַנגען. נאָר פאַר אים איז דאָס שוין אויך געווען גענוג.

דער לייב האָט זיך דערווייל געטראָגן הינך דער נאַכט, ווי אַ פייל אויסן בויגן. פאַרביי אים זיינען פאַרביינגעלאָפן לעמפּערטן, וואָס האָבן געהאַלטן אין זייערע מיילער פאַרצוקטע לעבעדיקע הירשן, וואָס האָבן נאָך געדריגעט מיט די פיס און געוואָרפן מיט די הערנער־צווייגלעך. וועלף האָבן געשלעפּט קינדער און פרויען איבערן זאַמד, אויף וועלכע זיי זיינען מסתמא אָנגעפאַלן ערגעץ אין אַן אָאַזיס, אָדער אויף די זוימען פון אַ קאַראַוואַן — קינדער און פרויען מיט ברייט־אָפענע אויגן פון שרעק. איבערן קאָפּ, אינם לבנה־שיין, האָבן זיך געטראָגן פילע סאָוועס פון אַן אומגעזעענער גרייס, מיט פלאַכע פנימער, צוגעפלאַטשעטע נעזער און פינקלענדיקע אויגן, און זיי האָבן געקלאָגט הויך אויף אַ קול, ווי זיי וואָלטן באַוויינט דעם טויט פון הונדערטער קינדער.

— אוי־אוי־או...

און די פאַרשיידענע קולות פון די חיות, וואָס איך ווייס אַפילו ניט זייערע נעמען, האָבן געשאָסן איינער איבער אַנדערן אין אַלע זייטן און זיך צונויפגעמישט אין איין מוראדיק קלאָג, וואָס האָט דורכגענומען מיט אַ גרויל אַ מענטשנס לייב, אַז ער וואָלט פון

אין שרעק אַלײן געמוזט אַנידערפאַלן אויף דער ערד. נאָר ר׳ אורי איז געזעסן באַרויִקט אויפן לײבס רוקן און האָט מיט אַגלײכן, ניט-שרעקנדיקן געמיט פאַר זיך געזונגען:

אַדיר אָיוּם וְנורא,
בּצר לִי לך אקרא...

און זײן שטים גאָר האָט זיך עס געקײקלט אין מדבּר, ניט די ווילדע קולות פון די חיות, זײן שטים האָט זיך אָפּגעשלאָגן הערשעריש אָן די װײט-װײטע גרײסע פעלזן און בערג, ווי שטיקער מעטאַל אָן אַנאַנדער, אַז עס האָט אַזש אָפּגעהילכט אין דער נאַכט. האָט עס אײַנגעזען, ווי די לופט, די זאַמדן, די שטײנער און די גאַנצע וויסטעניש אַרום האָט מיט אים מיטגעזונגען:

— אַדיר אָיוּם וְנורא...

אָט אַזאַ געזאַנג האָט זיך עס געלאָזט הערן יענע נאַכט אין מדבּר.

## יד. און דאָס איז ר׳ אורי טאַקע געווען.

אַזוי איז ער די גאַנצע נאַכט געפלויגן דורכן מדבּר.

עס האָט שוין אָנגעהויבן טאָגן, ווען אין דער מאָרגן-דעמערונג האָבן זיך פון דער װײט אָנגעהויבן אַרויסווײַזן בלײכלעכע פלעקן, — די געצעלטן פונם קאַראַוואַן, וואָס האָט זיך אָפּגעשטעלט אויף נאַכטלעגער.

די רײזנדע האָבן שוין געהאַלטן אין צעניפּאַקעווען זײערע זאַכן און זיך ווידער לאָזן אויף זײערע קעמלען אין דער ווײַטערדיקער נסיעה, ווען זײ האָבן מיט אַמאָל דערזען, ווי עס דערנענטערט זיך צו זײ פון דער ווײַטנס אַ מענטש, וואָס רײַט אויף אַ לײב.

צוערשט האָבן זײ זיך זײער דערשראָקן און די פּעקלעך זײנען זײ אַרויסגעפאַלן פון זײערע הענט, ווײל זײ האָבן געמײנט, אַז דאָס איז עס די ווילדע פּאַרצײַטיקע בּריאה, דער צענטאַוור, וועלכער קומט מיט זײ מלחמה האַלטן, און וואָס איז האַלב-מענטש

אין האַלב־פערד. נאָר אַז זיי האָבן באַלד דערקענט חעם רב איפן לייב, איז זייער שרעק פאַרשוואונדן און איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ גרוים וואונדער, און מיט אָפענע מיילער האָבן זיי געקוקט דאָ אויפן רב און דאָ אויפן לייב.

ר׳ אורי איז אַרונטער פון לייבס רוקן, האָט אַראָפּגענומען זיין פעקל און איז צו צום קאַראַוואַן.

און דער לייב איז אַ ווײַלע געשטאַנען אַזוי און שאַרף־אויפ־וואַרפנדיק אָנגעקוקט די רייזנדע, אַז זיי האָבן אַוש אָנגעהויבן ציטערן פון אימה, און באַלד האָט ער אָנגעהויבן וואַרפן מיט זיין עק אַהין און אַהער, שאָקלען מיט זיין גריווע, און לאָזן שוים פון זיין מויל און באַלד האָט ער אַרויסגעלאָזט אַזאַ גרויסע און מאַיעסטעטישע ברומעריי, אַז אַלע רייזנדע זיינען אַוועקגעפאַלן מיט די פנימער צום זאַמד און געבליבן אַזוי ליגן שטיל.

און אַז זיי האָבן זיך שפּעטער אויפגעהויבן פון זאַמד, איז שוין דער לייב נישט געווען מער צו זען. זיינען די רייזנדע אינאיינעם מיט זייער עלטסטן ווידער אַמאָל געפאַלן מיט די פנימער צו דער ערד. נאָר דאָסמאָל שוין נישט פון שרעק, נאָר פון ערפורכט. און די האָבן זיך אָנגעהויבן בוקן און נייגן צו ר׳ אורין, ווייל זיי האָבן אין אים דערזען אַ הייליקן מאַן, וואָס איז געפאָרן אין אַ וויכטיקער שליחות.

## אַנטעלודיע: אַלעקסאַנדריע.

די שטאָט אַלעקסאַנדריע איז זייער אַ שיינע און אַלטע שטאָט. איך בין דאָרט אַפילו קיינמאָל נישט געווען, נאָר אַזוי שטעל איך זי מיר פאָר.

און פאַרוואָס האָב איך ליב די שטאָט אַלעקסאַנדריע?

ערשטנס, האָט זי אַזאַ שיינעם נאָמען. און, זאַכן, וואָס האָבן אַ שיינעם נאָמען — איז דאָך שוין גוט.

צווייטנס, ליגט זי ביים מיטללענדישן ים. און שטעט, וואָס ליגן ביים וואַסער — — — האַ?

דריטנס, איז דאָס גאָר, גאָר אַן אַלטע שטאָט — — — יידן

האָבן דאָרט געוואוינט פון די פריסטע צייטן אָן, ווען מיינע און אייערע נשמות האָבן נאָך געדרעמלט אין דער נשמה-קאַמער פון דער וועלט, — קליינע, ווייסינקע שנייעלעך — — — און אפשר זיינען נאָך אונזערע נשמות דעמאָלט אפילו נישט אויסגעטיילט געוואָרן, נית אָפּגעזונדערט געוואָרן אויף דער לאַנגער וואַרטעניש, ביז וואַנען זיי וועלן אַרונטערגעשיקט ווערן אויף דער ערד, און זיי האָבן זיך נאָך געפונען ערגעץ אין אַ ווייסן שטיין, צי אין אַ היז-געשטרייפטן מאַרמאָר-באַרג.

און די יידן וואוינען נאָך אין אַלעקסאַנדריע ביז צום היינטיקן טאָג, און וועלן דאָרט וואוינען ביז צום סוף פון די דורות, ווען בית-הקברות-ביימעלעך און טיי-רויזן וועלן וואַקסן און פאַרוועלקן, וואַקסן און פאַרוועלקן אויף מיין און אייערע קברים —

אָ, אָבער שרעקט זיך נישט, מיינע פריינט... יענע שעה איז נאָך ווייט — — — און מיר וועלן נאָך ביז דעמאָלט שפּאַצירן אַ סך, אַ סך ליכטיקע זומערדיקע טעג, און זיך באָדן זומער אין קאַלטן וואַסער און פרילינג אין צעלאָזענעם שניי.

שאַ — — קומט צו מיר!

קומט, מאָרגן איז ביי אונז פרילינג —

קומט, מאָרגן גייען מיר קלייבן ניס.

קומט, מאָרגן גייען מיר אין די וועלדער און אין די פעלדער,

קומט, איך ווייס אַ פעלד, וואו מיינע רויזן וואַקסן, —

קומט, קומט מיט מיר, קומט. —

פערטנס — — — —

פערטנס, האָב איך אַמאָל געזען אין אַ געאָגראַפיע-בוך דאָס בילד פון דער שטאָט אַלעקסאַנדריע, האָט מיר דעמאָלט דאָס האַרץ אָנגעהויבן אַזוי שטאַרק צו קלאַפּן, און די אויגן אַזוי ליכטיק צו גלאַנצן און פון דעמאָלט-אָן בענק איך קיין אַלעקסאַנדריע — — —

פינפטנס, בין איך אין אַלעקסאַנדריע קיינמאָל נישט געווען, און שטעט, וואו איך בין נישט געווען, זיינען מיר זייער ליב.

און איך וועל דאָרט דעריבער אויך קיינמאָל נישט זיין. —

און אפשר יאָ. ווער קאָן וויסן, וואו איך וועל נאָך מגולגל ווערן ביזן ענדע פון מיינע טעג.

— אַלעקסאַנדריע, אַלעקסאַנדריע, אַלעקסאַנדריע!

איז אין דער דאָזיקער שטאָט מיט אַ פּאָר וואָכן שפּעטער אַרומגעגאַנגען דער משולח פון די ירושלימער יידן. עס איז גע־ווען דעמאָלט אָוונט. און נאָך וואָס פאַר אַן אָוונט — פרייטאָג אָוונט. ר' אורי האָט זיך אָקאָרשט אומגעקערט פון דער אַלטער שול — פון דער שול „כנסת אליהו", וואו ער האָט מקבל־שבת געווען, ווי אַן אורח פון די אָרטיקע יידן. איך קאָן אייך דערציילן, אַז העברעער הייסט די שול „כנסת אליהו", ווייל אליהו הנביא האָט דאָרט אַמאָל אַ שטיק צייט געוואוינט.

שאַ, כ'האָב אייך דערציילט — איז ווי אַ שטיין אין וואַסער אַריין!

קיינעם קיין וואָרט נישט!

איז ר' אורי אַזוי אַרומגעגאַנגען איבער די גאַסן. עס איז געווען נאָענט צו שבועות. ווייסע דעכער האָבן געלויכטן אין דער טונקעלבלויער בלוי.

און ר' אורין איז דעמאָלט געווען אַזוי גוט אויפן האַרצן, ווייל ער האָט זיין שליחות אויסגעפירט אויפן בעסטן אופן. אין דער היים ביי אים זיינען שוין געלעגן זיבן זעק מיט גאָלד און זילבער פאַר זיינע אָרעמע און פרומע ברידער פון ירושלים. איז ער איצט אַזוי אַרומגעגאַנגען איבער די פרעמדע און באַלויכטענע גאַסן, וואָס זיינען אים אָבער געווען ווי אייגענע. און ער האָט זיך אַפילו געפילט צו גיין גלייך אַהיים אין יענעם פריינדלעכן הויז, וואו מען האָט איצט געוואַרט אויף אים מיט דער פרייטאָג־צו־נאַכטיקער סעודה.

איז ער אַזוי געגאַנגען און געגאַנגען, ביז ער האָט זיך דערזען ביים ברעג ים. זיינען אינם אָוונט אויפן ים אַרומגעשוואומען אַסך שיפן, און ליכטער האָבן אַרונטערגעלויכטן פון די מאַסטן, אין פינם וואַסער אַרויס. און אַז ער האָט אַריינגעקוקט אין וואַסער, האָט ער דערזען פאַר זיך אַ נייע שטאָט, אַ שטאָט מיט גאָלדענע

שפיצן און פייערדיקע טורעמס און ליכטיקע בוידעמער און ליכטיקע דעכער און פייערדיקע גערטנער און ליכטיקע פעלדער.

ר׳ אורי האט פארזשמורעט די אויגן — — —

דינע פייערדיקע פעדים האבן זיך געצויגן דורכן וואסער און אנגעפילט די גאנצע לופט ארום מיט פייערדיקע נעצן, און פייערדיקע פאסן האבן זיך געצויגן איף דעם גאנצן איבערפלאך פונם וואסער, זיך געצויגן אין די שפורן פון די אפפארנדיקע שיפן.

און די שיפן, באליכטענע און זילבערנע, ציען זיך איבערן טונקעלן ים, דורך דער טונקעלער נאכט — ציען זיך צום וויטן לאנד. און אין יענעם וויטן לאנד איז שוין היינט ביינאכט נישט אין אין הויז דער שבת — א פריילעכער, דער שמייכל איף בלייך־איידעלע געלערנטע געזיכטער — א ליכטיקערער: זיי דערוואַרטן דארט די גוטע בשורה און דאס אנקומען פון זייער שליח אינם לאנד מצרים. דאס רויטע הארץ קלאפט שטארקער און רויטער, ווי דער ווין איפן טיש ברענט רויטער און זאפטיקער.

און ר׳ אורי האט זיך געטראכט ביים ים:

— גאט פארלאזט נישט זיין פאלק און עס ווערט אלע מאל צוזאמענגעדאפטן אין זיינע ווייטסטע פארשפרייטונגען דורך דינע פייערדיקע פעדים. פונקט ווי ער, ר׳ אורי, דא, אזוי זיינען אין דעם לאנד ישראל דא איצט יידן, וואס, פארקוקנדיק זיך אינם רויטן ווין איפן טיש, אדער גלאט אזוי פארמאכנדיק שטארק די אויגן, דערזען זיי די ווייטע שטאט אלעקסאנדריע, וואס איז ווי א פארגאנגענער חלום, א זויסע טרייסט און א שטילע זילבערדיקע האפענונג.

.1919

---

עס איז געפֿלויגן
די גאָלדענע פּאַווע
אין אַ ווייסן לאַנד,
אין אַ ווייטן לאַנד“.

אין אַ גאָלדן-זוניקן פֿרימאָרגן פֿון אַ דרומדיקן זומער איז אַ קליין מיידעלע געלאָפֿן און אונטערגעטאַנצט איבער די גאַסן פֿון אַ שטאָט.

זי האָט זיך אַרונטערגעלאָזט פֿאַזע דער משופּעדיקער אַלעקסאַנדראָווער גאַס, וואָס קײַקלט זיך אַרונטער, אַ ברייטלעכע ליכטיקע סטעזשקע, צום ברעג פֿונם ים. דער ים איז דער אַזאָווער ים, און צו דרום-צו פֿון אָט דער שטאָט באַהעפֿט ער זיך מיטן שוואַרצן ים דורך אַ בלויען וואַסער-פּאַס, — דורכן יעניקאַלישן וואַסער-פּאַס.

פֿליִצט איין ים אַריין אין דעם צווייטן, און זיי ווערן איינס. און פֿליִצן ווייטער, ביז זיי גיסן זיך צונויף מיטן ים-התיכון, וואָס פֿליִצט פֿאַרביי די ברעגן פֿון גאָר אַ סך מדינות און לענדער, וווּ עס וווינען פֿאַרשיידענע פֿעלקער, וועלכע רעדן אויף פֿאַרשיידנאַרטיקע לשונות.

און צווישן די פֿילע לענדער, פֿאַרביי וועלכע עס שוימט פֿאַרביי דער שטילער ים-התיכון — וואָס ער זעט אויס, ווי אַ וואַסער-בוים מיט אַ סך וואַסער-צווייגן — געפֿינט זיך אויך איינע אַ זוניק-פֿאַרוויסטע מדינה, וווּ ייִדן האָבן אַ מאָל, אין גאָר-אַלטע צײַטן געוווינט און אַהין דורך אַלע צײַטן געבענקט.

פֿליִצט דער ים-התיכון אויך פֿאַרביי די ברעגעס פֿון אָט דעם דאָזיקן זוניקן לאַנד. צוזאַמען מיט די וואַסערן פֿונם אַזאָ-

װערים אין דעם שװאַרצן ים, און נאָך גאָר פילע ימען, װעלכע ציען זיך צו אים, צום ים־התיכון, און באַהעפטן זיך אין אים פון רעכטס, פלייצט ער װייטער, און װייטער. ביז װאַנען ער פּאַטשט זיך אָן און גלוטשט זיך אַריין אין די װאַסער־טיפקייטן פון דעם גרויסן, מוטער־ערשטן װאַסער־פעלד — דעם אָקינוס־ים.

און אויף יענער זייט פון די גרויסע און תמיד־אויפגעאַקערטע װאַסער־פעלדער, — אויף דעם װייטן, װייטן ברעג פונם אָקינוס, װאָס איז גרויס װי זיבן מאָל זיבן ימען, — געפינט זיך נאָך אַ לאַנד.

אַ װייט לאַנד, אַ ברייט, גרויס לאַנד. איז דאָס דאָזיקע לאַנד נאָך איינגעװיקלט אין נעפלען, — עס איז אַ זיך נאָך־נישט אַרויסגעװיקלט לאַנד.

און אויגן זיינען איצט איבער אַלע װאַסערן געװענדט צו אָט יענעם װייטן ברעג, — אויגן האָפנדיקע און בענקענדיקע.

פון אַלע מדינות, װאו יידן האָבן דורך פילע דורות און דורך אַלע צייטן געלעבט און אויסגעקוקט, געהאָפט און געשטאָרבן, — אויגן שװימען איצט פאַרביי דעם לאַנד ביים ברעג פונם ים־התיכון, נאָך װעלכן זיי האָבן דורך אַלע צייטן, ליכטיקע און פאַר־טונקלטע, געבענקט און געחלומט, — זיי ציען זיך אַהין, צו יענעם װייטן ברעג, װאָס אויף יענער זייט אָקינוס.

נאָר די ברעגן פון אָט יענעם װייט־װייטן לאַנד זיינען נאָך דערװייל אין נעפלען פאַרהילט: ניי זיינען זיי און פאַרבאָרגענע, אומבאַקאַנטע און זיך נאָך־נישט־אַרויסגעװיקלטע.

---

# דער פּאָטער

## א.

זאַכאַרי פּיקדא איז געווען אַ ייד אַ שווייגער, און אַ מרה-שחורהדיקער.

עס איז שווער געווען צו גלייבן, אַז די סיבה פון זיין מרה-שחורהדיקייט איז געווען דאָס, וואָס די געשעפטן זיינע זיינען וואָס אַ טאָג אַלץ ערגער געוואָרן און געגאַנגען באַרג אַראָפּ. ער איז שוין געווען אַ מעלאַנכאָליש-פאַרטראַכטער אויך דאַן, ווען אַלץ איז נאָך אין הייז כשורה געגאַנגען, און דער האָטעל, פון וועלכן ער איז געווען דער אייגנטימער, האָט מיט מענטשן ביטאָג און ביינאַכט געקישעט. ער איז שוין אַלעמאָל אַזוי געווען.

אַ שווייגנדיק-פאַרטיפטער פלעגט ער תמיד אַרומגיין, ווי ער וואָלט עפּעס מיט אַ שטיק צייט צוריק אַ ווערטפולן חפץ אָנגעוואָרן, און קען אין זיין פאַרלוסט שוין קיינמאָל מער נישט פאַרגעסן.

די אויפזעעריין איבערן האָטעל און די גאַנצע באַלעבאָסטע איז געווען ביילע, זיין פרוי. ער פלעגט זעלטן מיט די האָטעל-געסט אַ וואָרט אויסריידן. און אויך אַזוי ווייניק פלעגט ער מיט דער אייגענער ווייב רעדן. מיט די אייגן בלויז פלעגט ער שוין אַמוייכטן זיין פאַרלאַנג איבערגעבן. עס האָט זיך געדוכט: אַ גרויסע לעבנס-מידיקייט איז אים באַפאַלן, און צום סוף-געדאַנק איז ער געקומען, אַז אַלץ איז גאָרנישט, הבל-הבלים, און עס לוינט זיך שוין נישט דעריבער אַן אומזיסט וואָרט פון מויל אַרויסצוברענגען, און זיך מיט טאָג-טעגלעכע לעבנס-נאַרישקייטן אָפּצוגעבן.

שעהן נאָך שעהן פלעגט ער אַזוי זיך אַרומדרייען אין דער האַלב-טונקעלער סאַליע, וואָס מיט די שווערע ברוין-זיידענע גאַר-

דינען אויף די פענצטער, און מחשבות אומקלאָרע און פאַרנאַב-
טיקע טראַכטן.

אָט שטעלט ער זיך אָפּ, פאַרטיפט זיך מיט די אויגן אין עפּעס
אַ פינטל אויף דער פאָדלאָגע, קוקט און שאָקלט אַזוי אַ שטיקל
צייט מיטן קאָפּ. דערנאָך דערהערט זיך אין דער חדרים-שטילקייט
זיין נאָגנדיק-אַנטוישטער קול:

— ביילע! ביילע?

אַז ביילע קומט צו גיין, קוקט ער אויף איר מיט אַ שטיל-
איפוואַרפנדיקן און מרה-שחורהדיקן בליק. ער ווענדט אים אָפּ, דעם
בליק, אַלע ווײַלע פון איר צום פינטעלע אויף דער פאָדלאָגע, און
צוריק.

— זעסט?

און נאָכדעם, ווי ביילע האָט מיט אַ שמאַטקע דעם ברעקל
שטויב אַרונטערגעווישט פון דער פאָדלאָגע, פלעגט ער שוין ווײַ-
טער זיין טאָג-לאַנגען גאַנג ממשיך זיין.

ווייל אַן איידעלער איז ער געווען, זאַכאַרי, אַ גרויסער בעל-
מסוגן און אַ גוואַלטיקער מקפּיד אויף ריינקייט. שוין און שוין
לאַנג פלעגט ער קאָנען אַזוי אָפּשטיין ביים וואַש-בעקן און זיך
האַלטן אין איין רייבן די הענט מיט פאַרפומיטער זייף. מען וואָלט
געקאָנט מיינען, אַז מי יודע וואָס פאַר אַ וויכטיקע אַרבעט ער
קלייבט זיך עס איצט צו טון. נאָר, זיך אָפּגעווישט די הענט,
פלעגט ער בלויז ווייטער אַרומגיין איבער די חדרים אַ שווייגנדיקער.
און אין אַ ווײַלע אַרום האָט ער זיך ווידער אָנגעהייבן וואַשן, —
אָט ווי ער וואָלט דעם שטויב פונם לעבן אַראָפּוואַשן פון זיך גע-
וואָלט, און אַ טהרהדיקער אַלע מאָל זיין גרייט צום „וועג".

אָפט פלעגט ער פאַרפאַלן ווערן אויף גאַנצע נעכט פון דער-
היים. אַז מען פלעגט אים אַ היפּשע צייט זוכן — און מען פלעגט
עס טאָן זייער זעלטן, ווייל מען איז שוין צו דעם צוגעוויינט גע-
וואָרן — פלעגט מען אים העט-שפּעט אין דער נאַכט געפינען
אין די באַרימטע טערקישע אָריענטאַלישע בעדער פון דער דרומ-
דיקער שטאָט.

איב מען פֿלעגט אים נאָך ניט זוכן, פֿלעגט בײַ אים רעגנט זײַן אין דער צעפּאַרטעטער היץ פֿון אָט יענע בעדער, אויף די ווײַך-צעראַטענע קאַנאַפּעס, מיט ציכטיק-ווײַסע לײַלעכער באַשפּרייט, אַזוי אָפּלוגן ביז אַ שטיק אין טאָג אַרײַן אין אַן אָפּגעשוואַכטן, האַלבדרעמלדיקן צושטאַנד.

איב ער האָט שוין יאָ עפּעס געוואָלט — דער דאָזיקער מענטש, וועלכער האָט קיים געניג ווילן געהאַט אין זיך אַליין צו האָבן עפּעס אַ שטאַרקן און אומווידערשטייליכן באַגער הורך דער גאַנצער צײַט פֿון זײַן לעבן — איז עס געווען, אַז די דאָזיקע דרימלדיקע מידקייט אין דער מילכיק-גרויער פֿײַכקייט פֿון דער באָד, זאָל לאַנג אָנהאַלטן, — זאָל אָנהאַלטן לאַנג, לאַנג, ביז וואַנען זײַן האַרץ וועט הורך אָט דער געדיכט-אָפּשוואַכנדיקער מידקייט אין אַ לאַנגן, אייביק-הויערנדיקן שווײַגן איבערגיין.

ב.

די דאָזיקע אײדלקייט איז אים מסתּמא בירושה איבערגעגאַנגען פֿון דער אַלט-יחסדיקער ייִדישער משפּחה, פֿון וועלכער זאַכאַרי האָט אָפּגעשטאַמט, לויט דער קבלה, וואָס איז אין איינעם אַ געל-פֿאַרמעטענעם ספֿר-היוחסין אײַנגעשריבן געווען.

דעם דאָזיקן פֿאַרמעג האָט אפֿילו קיינער פֿון דער משפּחה נישט געזען, נאָר דאָך האָבן אַלע פֿון אים געוואוסט. ער האָט זיך געזאָלט געפֿינען אין אַן ערדענעם טאָפּ, אַ פֿאַרזיגלטן מיט טרייפֿוואַקס, וועלכער איז געווען פֿאַרגראָבן בײַ עפּעס אַ ווײַטן קרובֿ אין תּחום — אין קאָוונער גובערניע — פֿאַרגראָבן אין דער ערד אונטער דער פּאָדלאָגע.

זאַכאַרי פּיקודאַ האָט אָבער גאַנץ ווייניק געוואוסט פֿון דער דאָזיקער אַלט-ייִדישער פֿאַמיליע און אירע איבערטראַגונגען, ווי ווייניק ער האָט אינגאַנצן געוואוסט פֿון ייִדישקייט. ער האָט איבערהויפּט נישט געפֿילט קיין אָנגעהעריקייט, נישט נאָר צו ייִדן, נאָר צו מענטשן אין אַלגעמיין. ער האָט זיך געפֿילט פֿרעמד און אַליין, און אינגאַנצן פֿאַרטון אין זיך: אים איז שוין איבעריק געווען צו

האָבן זיך אַליין אַלע מאָל איבער די געדאַנקען, — אַזאַ אומדערקלערבאַרן און זיך אומגליקלעך פֿילנדיקן.

זאַכאַרי איז נישט געווען קיין געבירטיקער פֿון דער האָזיקער שטאָט בײַם אַזאָווער ים.

אַ געוויסן יאָר אין דער צווייטער העלפֿט פֿונם נײַנצנטן יאָרהונדערט האָבן מיט אַמאָל ישועות איבער ייִדן געשײַנט צו באַווײַזן זיך. דאָס רוסישע לאַנד איז מיט אַמאָל ברייטער און צעשפּרייטער געוואָרן פֿאַר די תּמיד=וואָגלענדיקע; די אויסוויכטן — רחבֿותדיקער און צוזאָגנדיקער. איז ייִדן מיט אַמאָל ליכטיק געוואָרן אין די אויגן, ווי שוין נישט איינמאָל פֿריער.

האָט אַ קליינער טייל פֿון דער פּיקודאַ=משפּחה, — אַ מיטליעריק פּאָרפֿאָלק און פֿיר נישט=אונטערגעוואַקסענע קינדער, — אויסגעוואַנדערט אַהער פֿון קאָוונע, אין דער ליטע, וואוהין זיי זײַנען מיט יאָרן און יאָרן צוריק פֿון ערגעץ אַנדערש געקומען. פֿון וואַנען — איז נישט קלאָר באַקאַנט געווען פֿאַר זיי גופֿא.

צוזאַמען מיט זיי זײַנען נאָך ייִדן געקומען אַהער, אין דער דרום=רוסישער שטאָט, וואָס אין דער דאָנער געגנט בײַם ברעג פֿונם אַזאָווער ים. אָבער זיי זײַנען קוים ניכּר געווען צווישן דער פֿילשפּראַכיקער באַפֿעלקערונג אינם רייך=באַגאָרטנטן כּרך בײַם ברעג פֿונם ים, וואָס איז מערסטנטיילס בלוי געווען. האָבן זיך די ייִדן געפֿילט דאָרט אין דער פֿרעמד, ווי זיי פֿילן זיך אומעטום: קוים אַמנין אויף שבתים און יום=טובֿים געקאָנט צונויפֿצילעווען אויפֿן נישט=געזעענעם פֿאָדים פֿונם ליכטיקן רו=טאָג, און עמעצנס אַ כאַליע.

עס זײַנען אַוועק יאָרן און, ווי עס טוען אַלע ייִדן אין דער פֿרעמד, האָבן זיי זיך אויך דאָ סוף=כּל=סוף אײַנצופֿונדעווען אָנגעהויבן. און אַז עס האָט זיי אָנגעהויבן מצליח זײַן אין מסחרים, האָבן זיי זיך דעמאָלט אַ שול אַ ווײַסמאַרמאָרנע אויפֿגעבויט.

מיט די אָקערענטן, וואָס פֿלעגן דעם ים אַהער פֿון די גריכישע אינזלען דורכאַקערן, האָבן זיי זיך געלאָזט צופֿירן גרויבע מאַרמאָרנע בלאָקן, ווײַסע און ים=קאָלירענע, מיט קליינע ראָזעווע אָדערלעך, וואָס ליפֿן דורכן קאַלטן מאַרמאָר=לײַב, ווי ראָזע בלוט=סטעזשקעלעך דורך אַ קילן מיידל=גוף. עס איז באמת געווען פּונקט ווי

אין די צייטן פון שלמה המלך, וועלכער האָט געבראַכט צו פירן פון תרשיש און פון צור טייערע שטיינער, און גאָלד, און פּאַוועס, און מאַלפּעס.

און אין איינעם אַ ליכטיקן טאָג האָט אַ ווייס־ראָזאָווער בנין, ווי אַ פאַרגליווערטער ים־חלום, אין דער בלויער לופט זיך אַנידערגעשטעלט.

די שטאָט איז אַ באַרגיקע, די שול איז אויף אַ פּלאַטשיקער טעראַסע געשטאַנען, אַרומגערינגלט מיט אַקאַציעס און ברוין־בלעטערדיקע קאַשטאַנען. פלעגט די הרמדיקע זון איפּשיינען, פלעגן זיך די פינף קופּאָלן פון גאָטס־הויז, מיט גאָלדן־בלישטשענדיקע מעש באַצייגענע, אָנצינדן אין דער אַרומיקייט, דער פרעמדער, און ברענגען אַ זוניק־גאָלדענעם צוזאָג פון אייביק־דויערנדיקער הייליקייט און ריינער פרישות.

ג.

אַרום דער צייט איז שוין דער אַלטער פּיקודא — ברוך פּקודא — געשטאָרבן, און אַ בערגעלע זאַמד נאָך זיך אויף דער פרעמדער ערד, ווי אַ סימן, איבערגעלאָזט: זי אייגן געמאַכט.

ביי די יונגע קינדער, וואָס זיינען דורך דער צייט אונטערגעוואַקסן, איז דאָס יידיש־רעדן שוין בלויז אין געדעכעניש פאַרבליבן, צוזאַמען מיט נאָך אַנדערע, אַלץ בלייכער ווערנדיקע היימישע זכרונות: זכרונות פון ווייטלעכע שטילע גאַסן, פון היימיש־אַלטע הייזער און שטיל־אומעטיקע פעלדער.

און אַז זאַכאַרי איז עלטער געוואָרן און חתונה געהאַט, ווי אַלע מענטשן, האָבן שוין זיינע קינדער גאָר קיין יידיש נישט געקענט.

זיי האָבן עס אויך נישט ליב געהאַט, ווייל דאָס איז געווען די שפּראַך, וואָס זייערע עלטערן פלעגן ריידן, ווען זיי האָבן געוואָלט, אַז די קליינע זאָלן זיי נישט פאַרשטיין, — ווען מ׳האָט זיי, די קינדער, געוואָלט אָפּנאַרן. האָט זיי געקלונגען די דאָזיקע שפּראַך, ווי דער לשון פון אַ ווילד־אָרעמען שבט, מיט וועלכן מען דאַרף זיך שעמען.

## ד.

אין דעם, וואָס דער האָטעל האָט די לעצטע צייט אַריינגעקראָגן אַלץ וויניקער און וויניקער געסט, זיינען אפשר שולדיק געווען די ציַטן.

די ציַטן זיינען דעמאָלט געווען זייער אומרויִקע אין זייער שלעכטע פאַר יידן. די רייכע תבואה-הענדלער און זאָמען-סוחרים פון אָדעס, כאַרקאָוו, יעקאַטערינאָסלאַוו און וואָראָניעזש, — וועלכע פלעגן אַזוי אָפט קומען צו פאָרן אַהער אין די רייכע טכוירענע, פיקסעגע און סייבלנע פעלצן אין האָם רוב אַיינשטיין ביים יידן אין האָטעל — פלעגן די לעצטע צייט קומען אַלץ זעלטענער און זעלטענער אין די היגע מקומות.

מען האָט גערעדט, אַז זיי פאָרן שוין מער אינגאַנצן נישט אַהיים נאָך סחורות. אַמורא און אַ אומזיכערקייט איז זיי באַפאַלן, דערשלאָגענע און פאַראָרעמטע זיצן זיי איצט אין זייערע היימען. און די וואָס פאַרלאָזן שוין יאָ זייערע היימען, פאָרן שוין מער ניט אַהער נאָך תבואה — זיי פאָרן שוין דאַמאָלסט אַוועק ווייט, זייער ווייט, אין אַ געהערט — אומגעהערט לאַנד איבערן ים; פאָרן אַוועק מיט אַ ווייטאָגדיקן האַרץ און אַ בלינד-זיכערן געפיל, אַז צוריק וועלן זיי שוין קיינמאָל מער נישט קומען.

טונקעלע טעג האָבן זיך דעמאָלט אָנגעהויבן שפּרייטן איבערן לאַנד.

יעדן טאָג פלעגן אַלץ אָנקומען ידיעות וועגן נייערע רויט-בלוטיקע פלעקן, וואָס פלעגן זיך פון דער ערד באַווייזן, ווי צרעתן, — קראַנק-פאַרנומענע, רויט-צעקריצטע קרייטעכער, וואָס גייען אויף אויף אַ סמיק-פלאַמענדיקער ערד.

אַ שמאָלער, זיס-ביטערער סם האָט אין אָט יענער צייט אין דער זויקער לופט אָנגעהויבן טריפן, און צו אַ סך מענטשן אין די נשמה-פאַרהיילענישן זיך אַריינגיסן. מענטשן, — הוכט זיך, ביז איצט אַזעלכע נאָענטע און היימישע — זיינען איצט אַרומגעגאַנגען מיט זיס-שמייכלענדיקע פּנימער, נאָר הינטער דעם גלאָז פון זייערע אויגן האָט זיך געזען איצט טויט און פאַרביסענע פינטשאַפט

פֿאַרבאַהאַלטן. און אַז זיי האָבן אָבער אַלץ געשמייכלט, האָט זיך געדוכט, ווי זיי וואָלטן זיך עס געקוויקט מיטן שנאה־גיפֿט, וואָס האָט זיי איצט די אָדערן אָנגעפֿילט און זיי תּענוגדיק־שווער געמאַכט.

זאַכאַרין האָט, דוכט זיך, אין פֿלוג, גאָרנישט אָנגערירט און צו גאָרנישט האָט ער זיך צוגעהערט. נאָר דאָס איז בלויז געווען פֿון דרויסן.

וואָרעם אויב ער האָט זיך צו עפּעס יאָ צוגעהערט, און אויב עס איז שוין עפּעס יאָ געווען אין דער גרויס־ענגער וועלט אַזוינס, וואָס האָט אים נאָך אינטערעסירט, זיינען עס געווען נאָר די דאָזיקע ידיעות. זיין האַרץ האָט געשיינט זיך צו קוויקן מיט די דאָזיקע געשיכטעס פֿון טויט און הריגות, ווי ער וואָלט געהאַט אַן אינערלעכע פֿרייד פֿון דעם, וואָס מענטשן זיינען ענדלעך צום קליגסטן געדאַנק געקומען, — זיי האָבן אָנגעהויבן אויסצוהרגענען איינס דאָס אַנדערע.

פֿון זיין שטיל־ליידיקן חדר אינעם אַנדערן שפּאַצירט אַרום זאַכאַרי, אַליין מיט זיינע מחשבֿות. איצט איז ער נאָך שווייַגנדיקער און מרה־שחורהדיקער געוואָרן. צום געדאַנק איז ער, אַפּנים, איצט געקומען, אַז אָט די אבֿידה, וואָס ער האָט געהאַט אַמאָל מיט יאָרן צוריק, אין די יונגע טעג זיינע, וועט ער שוין קיינמאָל מער נישט געפֿינען. איז איצטער פֿאַר אים די צייט געווען צו פֿאַרטיפֿן זיך מער אין זיך, און אויסגעפֿינען איינמאָל פֿאַר אַלע מאָל, וואָס איז עס אייגנטלעך אַזוינס, וואָס ער האָט מיט יאָרן צוריק פֿאַרלאָרן.

דער דאָזיקער שטילער מענטש האָט זיך עפּעס אַלעמאָל אַרומגעטראָגן אין די געדאַנקען מיט אַ שטומען פֿאַרדרוס וועגן עפּעס אַזוינס, וואָס ס׳איז נישט געווען. אַ געפֿיל פֿון פֿרעמדקייט האָט אים, אויסער דעם, געמאַטערט אַלעמאָל, — אַ געפֿיל פֿון פֿרעמדקייט און אין־זיך־פֿאַרטראַכטקייט. זיין אייגענע ווייב האָט אים געשיינט צו זיין פֿרעמד, און זיינע קינדער, און די מענטשן אַרום. ער האָט געהאַט אַלעמאָל, תּמיד, דעם מאָדנעם געפֿיל, אַז ער אַליין האָט ערגעץ אַנדערש געהערט, ניט אַהער. און זיין ווייב און זיינע קינדער—

דאָס זיינען נישט קיין ווייטערדיקע גלגולים פון זיין לעבן; דאָס זיינען, פאַרקערט, טיילן פון אים, וואָס ווערן אים פרעמד ביי זיין לעבן נאָך: ער שטאַרבט אָפּ אין זיי גיכער, איידער ער לעבט ווייטער אין זיי. די פרעמדקייט זייערע רייסט זיך אין אים גופא אַריין און טרייבט אַלץ, וואָס איז אייגנס, אַרויס פון אים. און גיכן — האָט זיך זאַכאַרין געדוכט — וועט ער זיך שוין אַליין פרעמד ווערן.

אַזוי ווי זיין קינדהייט איז אין דער שטיל־היימישער יידישער ליטע פאַרלאָפן, איז אפשר האָט ער עס אַהינצו אַלעמאָל געבענקט, און דאָס איז געווען, וואָס האָט אים פון אַלעמען אַרום אָפּגעזונדערט?

און זיין ווייב, ביילע, פלעגט מיט זאָרג צוזען, ווי ער שלאָפט נישט גאַנצע נעכט, אָט פונקט ווי ער וואָלט די גאַנצע צייט עפּעס אַזעלכע שווערע מחשבות געדענקט, און געהיימע, פאַרפלאָנטערטע פלענער געהאַלטן אין איין איבערלייגן.

ה.

יאָ. אין דער שטילקייט פון די פילע ליידיקע חדרים האָט זי ממש געקענט הערן ווי ער טראַכט.

אויף איר געלעגער ביינאַכט פלעגט זי זיך אָפּט אומזיסט באַמיען איינשלאָפן, ווייל דער געדאַנק, אַז זי הערט, ווי זיינע מחשבות גייען אַרום אין דער פינסטער, — שוואַרצע, זן־קייקלעני־דיקע רעדער, — איז איר געווען שטאַרק אומהיימלעך; אַ קאַלטער שווייס פלעגט דעמאָלט ממש אָנהייבן טריפן אויף איר לייב.

און ער ליגט נאָך לעבן איר אַזוי נאָענט.

און איינמאָל, אין איינער אַ נאַכט, האָט זי מיט אַמאָל דערהערט מיט אַן אָפּגעשטעלטער האַרץ־קלאַפּעניש, ווי ער שטייט אַזוי אויף פון בעט און לאָזט זיך גיין אין דער טונקל, אַ שטיל־ווייסער, אין די נאַכט־אונטערקליידער.

אינגאַנצן אַ שרעקעדיק־ציטערנדיקע, לאָזט זי זיך דעמאָלט אויף די שפּיץ פינגער נאָך אים, איבער די טונקל־ליידיקע האַטעל־

חדרים, וואו בלויז ריין־פארבעטע געלעגערס ווייסלען זיך איצט אין דער פינסטער.

צום גליק איז דארט נישט געווען איצט קיינער, וועמען עס זאל קאלט ווערן אין הארצן ביים אנבליק פון אט די צוויי מתים, ווייס־תכריכימדיקע, — די שאטנס פון א ווייב און א מאן, — וועלכע גייען אזוי שווייגנדיק נאך, איינער נאכן אנדערן דורך דער נאכט.

געוויינלעך, נאך א שטיקל צייט פון אזא אומהיימלעכן ביינאכטיקן ארומוואנדלען פלעגט זאכארי זיך אפשטעלן ביים פענסטער פונם עס־סאלאן, דורך וועלכן עס איז געווען אן איסבליק אויפן ים. אן אומבאוועגלעכער פלעגט ער דארט אזוי שעהן־לאנג אפשטיין, און אינם אומהיימלעך־געלן לייטיקן לבנה־ליכט דה׳יכן, געמישט מיטן טונקעלן ים־וואסער, זיין בליק אנהענגען.

הינטער אים, אנגעשפארט אן דער וואנט, האט זיך העמאלט געבליכט דער לאנגלעכער, צעשוואומענער פלעק פון ביילעס געשטאלט. זי האט די גאנצע צייט איינגאנצן געציטערט מיט א דראבנעם דראזש. די בלייך־געווארענע, אנבלוטיקע ליפן האט זי דעמאלט שטארק פארביסן, כדי עס זאל זיך נישט דערהערן, ווי עס קלאפט איר א צאן אן א צאן.

ביילע האט זיך שטארק געשראקן איבער אים, איבערן מאן אירן. זי האט קיינמאל נישט געוואוסט די אורזאך פון זיין מרה־שחורה. און עס האט זיך איר אלץ אויסגעדוכט, אז זיין שווייגעניש וועט זיך סוף־כל־סוף ענדיקן אין א טירוף־זעלבסטמארד. זי האט געוואוסט, אז אין זיין משפחה זיינען שוין פיל זעלבסטמארדן באגאנגען געווארן. און דאס רוב פון זיי — אזוי זיך, צוליב א גארנישט.

זי, די משפחה זיינע, האט אינם משך פון די לאנגע דורות פון איר וואנדערנדיקן קיום, א סך בלוט געהאט אויסגעצאפט פון זיך, און איז אזוי אויסגעאיידלט־אנעמיש געווארן, אז זי איז ווי איינגאנצן אויף א האר געהאנגען אויף א דינעם פארקן צווישן לעבן און טויט. איין קליינער ווינטל־בלאז האט זיי צו יעדער צייט אויף יענער זייט פליט געקאנט אריבערוועגן. פשוט: עס איז שוין געבליבן קנאפ לעבנס־חיות אין אט יענער משפחה, און דאס לעבן

איז בײַ זײ, בײַ די מיטגלידער פֿון אָט דער משפּחה פּיקודא, געװען בלױז אַ דין־פֿאַראײדלט ציטער־שפּיל.

שטײענדיק אַזױ אָנגעשפּאַרט אָן דער װאַנט, נאָכפֿאָלגנדיק מיט האַרצקלאַפּעניש יעדע מינדסטע באַװעגונג פֿון איר נאַכטװאַנדלערישן מאַן, האָט זיך בײַלע איצט דערמאָנט פֿאַרשײדענע פּאַסירונגען אין איר מאַנס משפּחה, װעגן װעלכע זי האָט געהערט אין פֿאַרשײדענע צײַטן.

די אײנציקע שװעסטער זײַנע, זאַכאַריס, האָט זיך אַמאָל באַלײדיקט אױף איר מאַן, זאַכאַריס שװאָגער, פֿאַרװאָס ער האָט איר געזאָגט עפּעס אַן אומאײדל װאָרט. בשעת מעשה האָט זי איר אױף דעם גאָרנישט געענטפֿערט, נאָר אַ שטיל בליצל, װי דער שאַרף פֿון אַ שטאָלענעם מעסער, האָט זיך דעמאָלט באַװיזן אין אירע אױגן; זי האָט בלױז שנאַהדיק אַ שמײכל געטון פֿאַר זיך מיט אירע שמאָלע ליפּעלעך.

און מער גאָרנישט: זי האָט עס בלױז „פֿאַרשריבן".

מיט אַ צײַט שפּעטער איז דער מאַן אירער אײנמאָל אין הױז נישט געװען צוליב זײַנע געשעפֿטן. האָט זי אַ טראַכט געטון: „קאָן זײַן, אַז צו אים, צום מאַן מײַנעם, האָב איך שױן טאַקע איצט גאָרנישט, נאָר איצט איז פּונדעסטװעגן די צײַט".

האָט זי גענומען און אַזױ געטון:

צוערשט האָט זי פֿאַרסמט דאָס קינד אירס. און אַזױ װי מער קײן קינדער זײַנען בײַ איר נישט געװען, האָט זי זיך טאַקע באַלד נאָך דעם גענומען פֿאַר זיך אַלײן.

זי האָט זיך אָנגעגאָסן זײער אַ הײסע װאַנע, און אַרײַנגעגאַנגען אין זידיקן װאַסער און זיך איבערגעשניטן די װיכטיקסטע אָדערן אױף די אָרעמס און די פֿיס. נישקשה, זי איז געװען אַ װױלגעלערנטע און האָט גוט געװוּסט, װעלכע אָדערן מען דאַרף איבערצושנײַדן, כּדי דער טױט זאָל זי נישט אָפּנאַרן.

און שטאָט איז אַפֿילו אַרומגעגאַנגען אַזאַ געשיכטע:

אײדער װאָס־װען, האָט זי עטלעכע מאָל פֿאָרזיכטיק איבערגעלײענט דאָס קאַפּיטל איבער דעם מענטשלעכן בלוט־אָדערן־סיסטעם אינעם ריזיקן פֿיזיאָלאָגישן טעקסט־בוך, װאָס איז נאָך פֿון אירע גימ-

נאַזיע-יאָרן איבערגעבליבן בײַ זײ אין ביכער-שאַנק. „אַלץ קומט צו-ניץ" — האָט זי זיך בשעת מעשה אַזױ געטון, און ס'האָט איר איצט װױל געטון, װאָס זי האָט דאָס בוך מיט יאָרן צוריק נישט אַרױסגעװאָרפן, װי עס האָט זיך איר עטלעכע מאָל שױן פאַרװאָלט.

זי האָט אפילו פּינקטלעך, מיט אַ שטילן פאַרקרימטן שמײכעלע, אַרומגעטאַפּט און אַרומגעקוקט די קאָלירטע געמעלן אינם בוך, און זײ פאַרגליכן מיט אירע איברים, און מיט אירע אָדערן.

ו.

אַזאַ אײַנגעקשנט-פאַרביכענע איז די גאַנצע משפּחה זײַ'ע געװען, און אַזעלכע שװײַגנדיק-שטאָלצע.

פאַר אַ באַלײדיקונג, און איבער גאָר עפּעס אַ קלײניקײט, פלעגן זײ שױן באַלד גײן ביז בלוט, — ביזן אײגענעם בלוט, געװײנלעך. בײלע געדענקט נאָך איצט אױך דעם טױט פון איר שװאָגער, זאַכאַריס עלטערן ברודער, נאָום.

זײ — נאָום און זײַן פרױ — זײַנען אײנמאָל געװען אױף אַ באַל. דאָרט זײַנען אָנװעזנדיק געװען אַ סך מענטשן, און מען האָט אױף אַ ליכטיק-פרײלעכן אופן פאַרבראַכט כמעט ביז סאַמע פאַרטאָג. נאָכן באַל, אױפן װעג אַהײם, האָט נאָום געמאַכט אַן אײפערזיכטס-סצענע זײַן שײן-װאוקסיקער, עטװאָס צעלאָזענער װײַב, װעלכע איז שױן אין דער היגער, אין דער האָן-געגנט געבאָרן און איפּגעהאָדעװעט געװאָרן.

— פאַרװאָס האָט זי, הײסט עס, פלירטירט אַ גאַנצע נאַכט מיטן אַדװאָקאַט, — מיטן אָפּשײלעך-פּעטן, טונקל-הױטיקן גרוזין? חוץ אַלעמען איז ער אין שטאָט באַקאַנט, װי אַ היפּשער אַנטיסעמיט...

די װײַב האָט אױף דעם געטענהט, אַז, ערשטנס, איז עס נישט אמת: צװישן זײ, — צװישן איר און אָט יענעם גרוזין, איז בכלל גאָרנישט אַזױנס פאָרגעקומען. צװײטנס, קאָן מען זיך דאָך נישט העלפן: מען מוז שױן אַמאָל צוװאַרפן אַ מאַנסביל אַ שמײכל. דריטנס, װײַל זי איז אַלגעמײן נישט לײדן, אַז דער מאַן איהער זאָל זי אַזױ נאָכשפּאָנעװען... און פערטנס, איב ער באַשטײט שױן יאָ

אויף דעם און האַלט זיך אַלץ אין איין אײַנשפּאַרן — נו, איז גוט, קאָן זי אים טאָן צוליב: האָט זי יאָ געפֿלירטירט מיטן אַדוואָקאַט, דעם גרוין.

— וואָס איז זי הען, אַ דינסט זײַנע, נאָומס? אַ פֿאַרקויפֿטע? און וואָס גייט עס איר אָן, צי אָט יענער אַדוואָקאַט האָט יאָ ליב, אָדער נישט ליב יידן? ס'איז זיינס אַ פּריוואַט זאַך... און ער, נאָום, דאַרף זיך אין דעם נישט מישן.

ווען נאָום האָט דערהערט די לעצטע ווערטער, איז זיין פּנים פֿאַרטונקלט געוואָרן. ער איז געוואָרן בלייך. זיינע ליפּן האָבן בײַ די מויל-ווינקלען געצוקט, און זיינע אויגן זיינען פֿאַרלאָפֿן מיט בלוט. נאָר ער האָט בּונדעסטוועגן געשוויגן און קיין וואָרט מער נישט אויסגערעדט צו איר דעם גאַנצן וועג. שפּעטער אַ ביסל האָט ער אפֿילו אָנגעהויבן שמייכלען אין געזאָגט, אַז נאָך אַלעמען איז זי דאָך טאַקע גערעכט.

נאָר אויף מאָרגן — ס'איז געווען שוין היפּש שפּעט אין טאָג און זי האָט זיך שטאַרק געוואונדערט, פֿאַרוואָס דער מאַן אירער שלאָפֿט נאָך אַלץ, איז זי אַרײַן אים זאָגן, אַז ס'איז שוין מיטאָג-צייט — האָט דאָס ווייב אים געפֿונען בײַ זיך אין צימער נאָך אַ אָנגעטאָנענעם אין דעם פּראַנטישן באַל-קאָסטיום פֿון דער לעצטער נאַכט, און אַ שטאַרק-פּאַרפֿומירטן, פּונקט, ווי ער וואָלט זיך איצט ערשט געקליבן גיין אויף אַ באַל.

ער איז אַזוי געזעסן פֿאַרן טואַלעט-טישל, דער קאָפּ אַ היפּש ביסל אָנגעבויגן איבן לינקן אַקסל, ווי ער וואָלט זיך בעסער געוואָלט אָנקוקן אין דעם אַנטקעגנאיבערדיקן קײַלעכדיקן געשליפֿענעם שפּיגל. עס האָט טאַקע זייער שטאַרק אויסגעזען, ווי ער וואָלט זיך געפּוצט פֿאַר עפּעס אַ יום-טובדיקער שמחהלע.

מער נישט:

זיין ווייסע, ברייטע זשילעטן-מאַנישקע איז געווען אינגאַנצן פֿאַררונען מיט אַזעלכע רויטע ריטשקעלעך, אין וועלכע דאָס פֿרימאָרגן-ליכט האָט געשימערט, ווי אין רויטן וויין. מיט אַ גאָלמעסער האָט זיך נאָום דעם האַלז עטלעכע מאָל געהאַט צעפּאַסט.

ז.

אין די טונקעלע חדרים פונם לײדיקן האָטעל איז איצט בײלע אַרומגעגאַנגען, כמעט אַ נאַקעטע.

איר קרעמאָזע שלאָף־העמה האָט זיך געבליכט אין דעם שטונ־טונקל, װי אַ זאַמדיקע סטעזשקע בײנאַכט, װי אַ חלום. זי האָט מיט האַרץ־צאַפּל נאָכגעשפּירט דעם מאַנס באַװעגונגען, ער זאָל, אין אַן אָנפאַל פון משוגעת, איך חס־ושלום עפּעס ניט באַגײן.

נאָר זאַכאַרי, נאָכדעם װי ער פלעגט אַזױ אַ שטיק צײט אָפּשטײן אַ שװײגנדיק־פאַרטראַכטער בײם פענסטער; און נאָכדעם, װי דער פּאָס לבנה־ליכט פלעגט פון װאַסער פאַרשװינדן, — פלעגט ער זיך צוריק אומקערן צום בעט מיט אַן אַראָפּגעלאָזענעם קאָפּ.

— שױן, הײסט עס, מער גאָרנישט... איך גאָרנישט איז נישטאָ מער צו װאַרטן, װאָס זאָל ברענגען זײן מרה־שחורה אַ דערלײכטערונג און אַ לײזונג. אַלײן װעט ער שױן דאָ פאַרבלײבן זײן גאַנץ לעבן צװישן פרעמדע, צװישן גױים.

און בײלע איז שױן דערמאָלט אין בעט געלעגן, איך צו־פריער זיך אַרײנגעכאַפּט. זי האָט צוגעקװעטשט זיך צו דער װאַנט, אַ קאַלט־ציטערנדיקע, מיט אַ גיך־גיך קלאַפּנדיקן האַרץ: זי האָט מורא געהאַט טאָמער האָט ער זי באַמערקט נאָכשפּירנדיק אים...

זי האָט געהאַט איצט דאָס געפיל, װי זי װאָלט געלעגן אין בעט מיט אַ מת; נאָך מער: װי זי האָט געהאַט קינדער מיט אַ מת, — ער, דער מאַן אירער, װעט באַלד שױן אפשר אַװעקגײן צוריק אַהין, װאוהין ער דאַרף דאָך סוף־כל־סוף אַװעקגײן.

אַ קאַלטערער ציטער האָט זי באַלד הורכגענומען, װען זאַכאַרי, אַ פאַרשלאָפענער, האָט אױף איר אַרױפגעלײגט אַ האַנט. זי האָט נישט געװאוסט, װאָס ער װיל, און האָט זיך נעענטער צוגערוקט צו אים.

פאַרטײענדיק דעם אָטעם, מיט פאַרטײבטע געפילן, אונטער אַ פרעמדער משא, — אונטער דעם גוף פון אַ טױטן — האָט זי זיך באַמיט צו טראַכטן איצט װעגן עפּעס אַנדערש: זי האָט גאָר געטראַכט פון דעם, װי די הײגע חברה־קדישא האָט מקבר געװען

דעמאָלט דעם שוואָגער איז ערגעץ הינטער אַ פּלויט, ווייל ער איז געווען אַ וועלבסטמערדער, אַ „מאבּד עצמו לדעת".

און נאָכדעם, שפּעטער, אַ ביסל, אין אַ פּאַרטאָגיקן הין־הער־פּלעט, — נאָכדעם ווי דער מאַן האָט זיך שוין געהאַט אָפּגערוקט פֿון איר, — האָט זיך איר געפּלאָנטערט אַ נייע מעשה — די מעשה מיט זאַכאַרים צווייטן ברודער, מאָיסעיען, וועלכער איז אויך געשטאָרבן מיט אַ פּלוצלינגדיקן טויט אין דעם ווייטן, גוייִשן טאַמבאָו.

מאָיסעים פֿרוי איז דעמאָלט געווען שווער איבערצייגן די פּאָליציי, אַז דער מאַן איריער איז געשטאָרבן מיט אַ נאַטירלעכן טויט, פּשוט — פֿון האַרץ־פֿאַרפֿעטונג. נישט איין הונדערטער במזומנים האָט זי געמוזט אַוועקלייגן דער אָרטיקער חברה־קדישא, ביז וואַנען מען האָט אים אין דעם ווייטן פֿרעמדן טאַמבאָו, כאָטש צו קבר־ישראל געבראַכט.

און איצט, אינם פֿאַרטאָג, האָט ביילע זיך נאָך שטאַרקער, ווי ווען עס איז געשראָקן, אַז איר מאַן זאָל אויך אַמאָל נישט באַגיין זעלבסטמאָרד, — און באַלד, נאָך מיט גרעסערער שרעק, דערפֿילט, אַז זי בענקט אייגנטלעך גאָר נאָך דעם, — פּשוט: אַז זי קוקט עס אַפֿילו אויס...

— עפּעס אַן איסורע האָט דאָך עס געמוזט האָבן: ס׳איז טאַקע גאָר אַ גרויסע עבֿירה צו טראַכטן פֿון דעם, אָבער, אַז „דאָס" וואָלט פּאַסירט, וואָלט עס דאָך שוין געווען נאָכדעם...

אַ מידע פֿון דער שלאָפֿלאָזער נאַכט איז זי ענדלעך איינגעשלאָפֿן. אַ גליקלעכער שמייכל איז געווען איצט אויף אירע ליפּן: זי האָט זיך אינם שלאָף פֿאָרגעשטעלט, ווי עס איז שוין טאַקע נאָך אַלעמען — ווי איר איז ענדלעך געוואָרן גרינגער און פֿרייער און ליכטיקער...

ח.

און איינעם אַן אָוונט איז דאָס הויזגעזינד פֿון די פּקידאַס געזעסן אַרום טיש.

עס איז גראָד געווען אַ פֿרייטאָג־צו־נאַכט, נאָך ווייניק שבת־

דיקייט האָט זיך געפילט דעמאָלט אין הויז, ווי ווייניק שבת־רו און פרייטאָג־צו־נאַכט־הייליקייט עס האָט אַרומגעשוועבט אין דעם דאָזיקן אָוונט אינם גאַנצן היימדיקן, ברייט־פעלדערדיקן דאָר־געגנט.

אין דער סאַליע מיט דער הויך־געפּאַרקעטער פּאָדלאָגע, איז אַ ווינקל־טיש, איז געשטאַנען איצט אַ קליינע קופּערנע, פירערנ־דיקע מנורהלע: מאַן און פרוי, צוויי קינדער. זאַכאַריס מוטער, גנעסיע, האָט נאָך מיטגעבראַכט די דאָזיקע מנורה פון דער ליטע, ווען זי איז אַ יונג־באַווייבטע און אַ פרום־איבערגעגעבענע ווייבל אַהער געקומען.

פון ערב־שבת צו ערב־שבת, אין דער באַרויקטער בין השמשות־ליכט, פלעגט זי לאָזן איפלויכטן די דאָזיקע מנורהלע מיט די שטיל־ציטערדיקע פלעמלעך פון עטלעכע סטעאַרינאָווע ליכט.

די אייניקלעך האָבן אויך איר דעמאָלט געקוקט פרעמד און מיט אָפּשיי, ווי אויף אַ מאָדנער אַלטינקער, וועלכע איז פון אַן אַנ־דערער, אַ ווייטער און אַ וואונדערפולער וועלט, — וועגן וועלכער מען לייענט אין די קינדער־ביכלעך, — אַהער אַרונטערגעקומען. די באָבע זייערע, ווי זי איז אַזוי געשטאַנען ביי די ליכט, מיט די דינע פינגער צעשפּרייט איבער שטיל־באַלויכטענעם געזיכט, ווי אַ בלייכער פאָכער, און גערעדט אַזוי צו די ליכט מיט פאַרשטעלטע אויגן, — האָט זי טאַקע אויסגעזען אַ נייע, אַן אומבאַקאַנטע, אַ ווייט־הייליקע און אַן אויסגעשעפּטע, — אַן אַנדערשדיקע.

מיט פינגערלעך פאַרשטעקט אין די ווינקל־מייכעלעך האָבן זיי אויך איר געגאַפט, געגאַפט; צוגעקוקט מיט וואונדער, ווי די באָ־בע שאָקלט זיך און שעפּטשעט עפּעס פאַר די שטילע פלעמלעך, וואָס פלעגן אָפּגלאַנצן אינם גאָלדיק־געשייערטן קופּער פון דער מנורה, מיט אַ פון־ווייט־מיטגעבראַכטער אומעטיקייט; געזען, ווי אַמאָל פלעגט פון אונטער די באַהעלטענישן פון אירע בלייכע הענט אַרונ־טערקאַפּן איבן פאַרמעט־געזיכט אַ טרער, און ווי עס פלעגט פון דעם נאָך אַ ליכט־פלעמל זיך פאַרפינקלען.

און אַמאָל פלעגן די ליכט אויך טאַקע אָנהייבן רעדן מיט אַזאַ שטילן קנאַק. זיי פלעגן מיט די געלבלעך־בלויע פלעמלעך זייערע

לאַשטשען זיך העכער, העכער צו דער באָבעס פּנים־צו, דערציילן איר אַזעלכע ווייט־פּאַרגאַנגענע זאַכן... דאַמאָלסט פלעגט זיך די באָבע גאָר אינגאַנצן אויפהערן צו באַוועגן איבער די ליכט, און בלייבן שטיל אַזוי אַ שטיק צייט.

דערנאָך, אַז זי פלעגט זיך אַזועקזעצן אין אַ ווינקל, פלעגן די אייניקלעך זיך אַרומקלייבן אַרום איר און באַשיטן איר מיט שאלות. נאָר זי פלעגט שווייגן, און אויף זייערע פילע פראַגן ענט־פערן בלויז מיט אַ שטילן, אַ ווייטלעכן שמייכל.

פון אירע אויגן האָט נאָך אַלץ קיל אַרויסגעלויכטן אַזאַ דער־ווייטערטקייט. אַ שבתדיקייט איז איצט געווען אין איר נשמה, אַ שבתדיקייט פון שטילע פרייטאָג־צו־נאַכטן אין אַ שטאָט לעבן דעם פלאַך־ברעגיקן ניעמאַן:

יידן אין שוואַרצע קאַפּאָטעס, אין אַטלעס און זיידנס, און וועלכע עס פלאָנטערן זיך שקיעה־אָפּגלאַנצן; יידענעס אין פּעלערינעס באַ־האַנגען מיט בלישטשענדיקע פרענזלעך, אָנגעניזעוועטע מיט פילע פּאַרביקע פּאַטשערקעס; יידענעס אין ברייטע, באַפּעלצטע ראָטאָנ־דעס; מיידלעך מיט ווייסע טיכלעך אויפן קאָפּ, מיט הייבן און שווע־רע קרבן־מנחהס מיט גאָלדענע בלעטער־זוימען און מעשענע זאַ־סטעגעס אין די הענט, —

מען גייט איצט אין שול אַריין.

אַ שטיל פאַרנאַכטיק ליכט באַהייטלט אַלעמענס פּנימער.

די קראָמען זיינען פאַרמאַכט. די קוימענס הייבערן זיך נישט, און דער טייך רוט...

איז וואָס האָט זי וועגן דעם אַלעמען געקענט דערציילן אירע אייניקלעך? גאָט ווייס, זיי זיינען איר געווען טאַקע טייער און ליב — נאָר פרעמד.

די עלטערע, ראַיע, האָט זי נאָך כאָטש אַ גאַנץ־וואָך איבערגעלערנט, מודה־אַני זאָגן, און פלעגט זי אַמאָל נעמען אין שול אַריין, אין אַ יידישן יום־טוב. זי איז געווען אַזאַ פייגערקע און פלעגט מיט ברענענדיק־פאַרגאַפטע אויגן אויף אַלץ קוקן. אָבער די איבעריקע קינדער — — —

איבער דער קלײנער מנורהלע, וואָס האָט געברענט איצט אויבן ברעג טיש און זיך געשטאַרקט נישט אַרונטערצופֿאַלן, איז איצט אין שטוב קיין שבת=אָנקומען נישט געווען צו פֿילן.

אַן אומעטיקייט, אַן אײַנגעהאַלטן=נאָגנדיקע האָט זיך איבערן גאַנצן עס=זאַל געשפּרייט.

פֿון די אַלע ריין=אויסגעקלעפּטע ווענט און די ווייס=פֿאַרפּוצטע בעטן אין די ליידיקע חדרים האָט זיך אַ שווייגנדיקייט אַ נאָקעטע אַרונטערגעלאָזן און זיך שווער אַהער אין עס=זאַל געצויגן.

איינער מיטן אַנדערן האָבן די פּוסטוועונטיקע חדרים אין אַ זונזעצנדיקן בין=השמשות=לשון איצט גערעדט. און איינער דעם אַנדערן האָבן זיי איצט איבערגעגעבן די נייעס וועגן דעם וויכטיקן באַשלוס, וואָס איז מיט אייניקע טעג צוריק אָנגענומען געוואָרן דורך דער פּיקודאַ=משפּחה.

שטיל האָבן די חדרים איינער מיטן אַנדערן גערעדט, מיד=און טונקל=ושומענדיק, — פּליגן, וואָס כאַפּן זיך אויף און שפּעטן אָוונט, ווילן איבשטיין און זען, אַז דער טאָג איז שוין פֿאַרביי.

ווייל אין אָט דעם דאָזיקן באַשלוס זיינען טאַקע אַ סך שולדיק געווען זיי אַליין, די דאָזיקע האָטעל=חדרים, וואָס אַ טאָג אַלץ מער פּוסטער=ווערנדיקע. די געשעפֿטן לעצטנס האָבן שוין אָנגעהויבן צו גיין אַזוי שלום=שלים=מזל, אַז די שוויגער מיט דער שנור פֿלעגן אויף גאַנצע אָוונטן זיך אָפּזונדערן אין ערגעץ אַ ליידיקן חדר, און רק שושקען זיך וועגן דעם, וואָס עס זיינען נישטאָ אַפֿילו קיין אויסזיכטן, אַז מען זאָל באַצאָלן דירה=געלט פֿאַרן קומענדיקן יאָר.

— ס'איז שלעכט, טאָכטער...

— ס'איז זייער שלעכט, מאַמע...

און וואו זיינען עס אַהינגעקומען די דורכרייזנדיקע רייכע ייִדישע הענדלער, די פֿראַנצאָזיסקע פֿאַשוואַנדערישע יונגע קאָמיוואָיאַזשאָרן און האַנדלס=אַגענטן, די עלטערע כּוחרים מיט די בייכיקע טייסטער, אָנגעפּאַקטע מיט אַבגנאַציעס און אימפּעריאַלן? וואו?

און דאָ, אין איינעם אַזאַ אָוונט, האָט ביילען אַ געדאַנק אָנגעהויבן צו פּיקן אין מוח. אַ שטיק צייט האָט דער דאָזיקער געדאַנק איר אין מוח אַזוי געפּיקט. און אַז דער געדאַנק האָט אין איר ביסלעכווייז בײַ צייטיקייט הערגרייכט, האָט זי פּאַמעלעך, מיט שרעק און מיט אַ פּאַטשולדיקט־קלאַפּנדיקן האַרץ, איס איבערגעגעבן דער שוויגער, צוזאַמען די ליידיקע ווענט פֿון אַ חדר.

— טאַקע אַזוי — — —

— ערגעץ האָבן זיי דאָך געמוזט אַהינקומען, אָט יענע קאָמי־וואָיאַזשאָרן און רייכע סוחרים! און אַז זיי, די ברייטהענטיקע סוחרים, קאָנען דאָרט אינגאַנצן לאַנד פּרנסה האָבן, בהרחבה צי בצימצום, — פֿאַרוואָס טאַקע נישט מיר אויך?

און פֿון דעם שושקען זיך אין די חדרים־פֿינסטערנישן איז געבוירן געוואָרן בײַ זיי ענדלעך דער פּלאַן, אַז זאַכאַרי זאָל אויך אַוועקפֿאָרן אין אַמעריקע. צוערשט זאָל ער פֿאָרן אַליין. דאָרט וועט ער, ווי טויזנטער אַנדערע, זיך דערשלאָגן צו עפּעס, און דערנאָך וועט ער שוין אַריבערנעמען די פֿאַמיליע.

— ער איז דאָך פֿאָרט אַ מאַנסביל!

די שוויגער, וועלכע האָט די ווערטער אַרויסגעזאָגט, האָט געפֿילט:

די שנור איר, וועלכע האָט בשעת מעשה די אויגן צו דער ערד אַראָנטערגעלאָזן, פֿאַרשטייט, אַז די שוויגער גופֿא גלייבט נישט אין די דאָזיקע ווערטער וועגן איר זון, — זי זאָגט זיי אַרויס בלויז צוליב דערשטאַרקונג און טרייסט. האָט זי געשוויגן.

ביידע האָבן זיי געוואוסט, אַז זיי זיינען נאָך נישט אַזוי זיכער, וואָס וועט דערפֿון אַרויסקומען. נאָר עס איז נישט געווען, וואָס אַנדערש צו טון, און טון האָט מען דאָך געדאַרפֿט עפּעס; אַפֿילו אַז דער אונטערגאַנג איז זיכער, מוז מען זיך אָנכאַפּן אָן דער לעצטער שטרוי.

## י.

און איז עס נישט געווען מאָדנע און וואונדערבאַר? טאַקע, אַזעלכע מאָדנע זאַכן, און אומדערקלערבאַרע, פֿאַ־

פֿירן אַזוי אָפֿט, און לאָזן אונז נישט פֿאַרגעסן אָן דעם אייביק־דייערנדיקן אמת, אַז עס געשען אַלע מאָל וואונדער אין דער וועלט— — — און גאָט איז נאָך דאָ.

ווען אין איינעם אַן אָוונט האָבן ביידע פֿרויען זאַכאַרין אַרומגערינגלט, און מיט שטאַמלענדיקע ווערטער, פֿון אַ זייט אַרום, אים אָנגעהויבן דערציילן וועגן דעם אַלץ ערגער־ווערנדיקן מצב פֿונם הויז, — האָט שוין זיי דעמאָלט ביידן געקלאַפּט דאָס האַרץ אין דעם ליידיקן גרויסן חדר, צווישן וועמעס ווענט אַן אורח האָט שוין קרוב דריי חדשים נישט גענעכטיקט.

זאַכאַרי איז אָבער געווען שטיל, און האָט זיי מיט געדולד אויסגעהערט; מער נישט: אַ בלייך פּנים האָט ער בשעת מעשה געהאַט פֿון אַ האָפֿענונגסלאָזן קראַנקן.

פֿאַרשטאַרקט איז אין אָט דער מינוט אין ביידן געוואָרן דאָס לאַנגיאָריקע געפֿיל, אַז דער דאָזיקער שווייגנדיקער מענטש, וואָס איז איצט לעבן איר אין דער טונקלקייט געזעסן, איז אַ נישט־היגער, פֿון זיי אַ דערווייטערטער, — דאָס געפֿיל, אַז דער מאַן אירער איז איר אַלעמאָל, אַפֿילו אין די אינטימסטע מינוטן פֿון יחוד, געבליבן אַ פֿרעמדער, און מיט אַ פֿרעמדן האָט זי עס קינדער געהאַט.

געציטערט האָבן איר איצט אין דער טונקל די בלייכע הענט, און נישט געהאַט האָט זי דעם קוראַזש אים דעם פּלאַן מיט אַמאָל איבערצוגעבן.

און מיט אַמאָל:

— אפשר וואָלט געווען אַ פּלאַן, אַז איך זאָל קיין אַמעריקע אַוועקפֿאָרן? איך טראַכט שוין פֿון דעם לאַנג... — האָט זיך זיין אָפּגעשוואַכט קול דערהערט.

אַ שטילן טרייסל האָבן זיך דעמאָלט ביידע פֿרויען געגעבן, און אויסגעגלאָצט האָבן זיי אויף אים אַזעלכע פֿונאַנדערגעשפּרייט־ווייסע אויגן, פֿול מיט אַן אומהיימלעכן שרעק. די הערצער זייערע האָבן שנעל־שנעל געקלאַפּט: זיי האָבן זיך דערפֿילט, ווי מענטשן, וועלכע האָבן אין געהיים געפּלאַנט קעגן עמעצן אַ פֿאַרברעכן, און

מיט אַמאָל דערוויסן זיי זיך, אַז יענער האָט עס די גאַנצע צייט געוואוסט, און געשוויגן.

דער דאָזיקער שווייגנדיק־שטילער מענטש, וואָס איז אויך אַזאַ שווייגנדיק־שטיל אויפֿן אַרומגעגאַנגען טעג נאָך טעג איבער די חדרים, — ער האָט, הייסט עס, אַלץ געוואוסט, וואָס זיי האָבן צווישן זיך דאָ גערעדט. אַן אײַנגעקשנט־שאָטנדיקער איז ער אַרײַנגעגאַנגען אין די פֿאַרהייליקנישן פֿון זייערע נשמות און אַרויסגעשלעפּט די פֿאַרבאָרגנסטע געדאַנקען זייערע. און ביילען האָט זיך שוין געדאַכט, אַז זי הערט אַ פֿאַרדראָסיקן פֿאָרוואורף אין זיינע ווערטער:

— נו, אָט זאָגט איר אַליין... זעט... צוליב וואָס האָט איר דאָס געדאַרפֿט... דאָס דאָזיקע שושקען זיך און פּלאַנעווען הינטער מיין רוקן? וואָס בין איך, עפּעס... אַ גזלן? אַן אומענטש? איך האָב נישט ליב מיין אייגענע ווייב און קינדער? זעט, איך האָב עס שוין פֿון לאַנג אַליין געטראַכט....

נאָר אַז ביילע האָט אויך זאַכאַרין נאָך אַמאָל אַ קוק געטון, האָט זי דערזען, ווי פֿאַר איר זיצט אַ מענטש אַ שטיל־דערשלאָגענער, אַ דערדריקטער, — ער וואַרפֿט קיינעם גאָרנישט אויף און ער האָט צו קיינעם קיין טענות ניט.

דאָס האַרץ האָט איר מיט אַמאָל אַ ציפּ געטון, און זי האָט אַזוי שטאַרק געוואָלט עפּעס טון פֿאַר אים, — קיינמאָל אין לעבן האָט זי נאָך ניט געוואָלט אַזוי שטאַרק עפּעס טון פֿאַרן מאַן, ווי איצט. זי האָט אים אָבער גאָרנישט געקענט העלפֿן: זי האָט דאָך קיינמאָל נישט געוואוסט, וואָס עס פֿעלט אים, און פֿאַרוואָס ער שווייגט תמיד אַזוי...

— יאָ — האָט זי פֿאַר זיך געטראַכט אין דער שטיל. — ס'איז טאַקע גלייכער אַזוי. זאָל ער פֿאָרן קיין אַמעריקע. אויך דאָרטן? — — — מ'קען אַפֿילו נישט וויסן... ס'איז אָבער אַ האָפֿענונג, — די לעצטע האָפֿענונג.

אַז זיי זיינען אַלע דריי שפּעטער אַרויס פֿונעם חדר, האָט זי דעם מאַן אין דער טונקל געגלעט די האַנט, עטלעכע מאָל שטיל אַזוי געגלעט איבער דער האַנט.

## יא.

ס'איז געבליבן, אַז זאַכאַרי זאָל פֿאָרן קיין אַמעריקע דער ערשטער און זאָל דערנאָך אַריבערנעמען די פֿאַמיליע.

מען האָט אים אָנגעהױבן מכין זײַן צו דער לאַנגער רײַזע. נאָך מאָרגן, שבת־צו־נאַכטס, האָט ער געדאַרפֿט אָפּפֿאָרן מיטן צוג קיין ליבאַווע, און פֿון דאָרט מיטן אָקרענט נאָכן װײַטן לאַנד, אויף יענער זײַט אָקעאַן.

און פֿאַרנאַכטלעך־צו איז זאַכאַרי פֿון שטוב נישט גע־װאָרן.

ער האָט נישט געטאָעט גראָד דאַמאָלסט, װען די מוטער זײַנע, גנעסיע, האָט אַרױפֿגעשטעלט די קופּערנע מנורה אויפֿן טיש, צום ליכט־בענטשן.

אַלעמגערע צײַט איז זאַכאַרי אַזוי געשטאַנען אָן אַ זײַט און געקוקט אויף זײַן מוטער.

— זי איז שוין גאָר אַלט געװאָרן, די מוטער זײַנע,—האָט ער געטראַכט. — ממש אַ שאָטן... װאָס אַ טאָג, האָט זי זיך אַלץ נעענטער געניגט צו דער ערד.

די מוטער האָט אים נישט באַמערקט. זי האָט זיך געפּאָרעט אַרום די קופּערנע רערן פֿון איר מנורהלע. קלײנע װונען האָבן אין זײ אײַנגעלײכטן, און די האָזיקע ציכטיק־אויסגעשײַערטע רערן, פֿונם שקיעה־שײַן, װאָס האָט איצט רײַך אַרײַנגעפֿליצט דורך די געקעסטלטע פֿענסטער. אומבאַמערקטערהײט איז ער, זאַכאַר, דע־מאָלט אַ שװײַגנדיקער אַרױס פֿון שטוב.

דער פֿאַרנאַכט איז געװען אַליכטיקער, נאָך גאַנץ פֿ״י. אַן אָנגענעמער זומערדיקער שטויב האָט זיך נאָך געפֿילט אין דער לופֿט.

זאַכאַרי איז געגאַנגען גיך און גאָרנישט זעענדיק אַרום זיך. ער האָט זיך אַרויסגעקראַפּעט אויף אײניקע באַרגיקע גאַסן, פֿאַר־בײַ הײַכע, פֿיל־עטאַזשיקע מײַערן, װעמעס פֿענסטער עס האָבן גע־גלאַנצט איצט קעגן פֿלאַם פֿון דער זיך־זעצנדיקער זון.

ענדלעך איז ער אָנגעקומען צום ברייטן ראָסטאָווער פּראָספּעקט, דעם געפּלאַסטערטן מיט שווייצערישע הילצערנע קלעצלעך.

אין דעם צפונדיקן ווינקל פון דעם דאָזיקן פּראָספּעקט האָט זיך געהויכט די מאַרמאָרנע שול, וועלכע די יידישע באַפעלקערונג פון אָט דער שטאָט האָט מיט אַ צייט צוריק געהאַט אויסגעבויט. זי איז געווען אַרומגערינגלט פון דריי זייטן מיט טינקל־ברוינע, פיל־פענצטערדיקע און שטרענגע מויערן פון די אָרטיקע רעגירונגס־געביידעס.

דורך די אָפן־לאַנגלעכע פענצטער האָט זיך געטראָגן דער געזאַנג פון דעם חזן, געטראָגן זיך אין דער וואַרעמער, פאַרנאַכטיקער לופט פון דער ברעג־ימיקער שטאָט. די קבלת־שבת־ווערטער האָבן שטיל געראַשט צווישן די בלעטער פון די שמאָל־הויכע טאָפּאָלן אַרום דער שול, ווי אַ זשומען פון בינען אין אַ ליכטיקן פרימאָרגן.

צופוסן פונם באַרג האָט זיך געשפּרייט דער אַזאָווער ים, אַ טונקל־גרינער פאַרנאַכט־צייט, אַ גאָלדענער ביים ווייטן ראַנד פון דער זון־ווענדיקער זון. מיטן אָוונט האָט זיך איצט פאַרנומען אַ ווינטל, און זעגלען אויף שיפן זיינען שטייפער און אויסגעבויגענער געוואָרן, און שיפן זיינען געפלויגן נאָך זיי. גרויס־בייכיקע ים־שיפן, און באַרזשעס, און שמייענדיקע מאָטאָר־שיפלעך, און משא־דאַמפערס האָבן איצט איינער דעם אַנדערן איבערגעקרייצט דעם וועג: אַלע האָבן זיך ווי געאײַלט ערגעץ: נישט צו פאַרשפּעטיקן אַ גרויסן, אַ פאַרנאַכטיקן יום־טוב, אַ פייערונג פון דעם אָנקומען פון שבת, וואָס איז אָפּגעריכט געוואָרן ערגעץ ווייט אויפן וואַסער.

אין די שול, וואָס איז געבויט געוואָרן פון מאַרמאָר אויף די גריכישע אינזלען, איז געשטאַנען איצט אויפן באַרג, אַן אָפּגעזונדערטע, אַ שיינענדיקע, מיט רויטלעך־אַרויסלייכטנדיקע שויבן. די ווייסע און די רויט־געשפּרענקלטע מאַרמאָר־פּליטן האָבן אָפּגעגלאַנצט מיט אַ קאַלטן ליכט, זיך געבלייכט אין אָוונט מיט ווייסקייט.

עס האָט שוין געמוזט זיין זייער שיין, קוקנדיק פונם באַרג

איפֿן ים אַרונטער, און געזאָגט האָט זאַכאַרין דאָס האַרץ, אַז ער וועט דאָר-אָ שוין קיינמאָל נישט זען.

אין דער פּאַרנאַכטיקער געזעגנט איפֿן פּראָספּעקט איז איצט קיינעם נישט געווען צו זען, אויסער עפּעס אַן איינציקן פֿורמאַן, וואָס האָט איצט אויף זיין פֿור געדרעמלט אינם אָוונט אַריין. אַ קוואַל האָט זיך אין זאַכאַרין געעפֿנט. קיינער האָט אים נישט גע-שטערט און ער האָט אָנגעהויבן צו רעדן צום אָוונט.

— וואָס האָב איך דען מיין גאַנצן לעבן געוואָלט? אַלע מיינע טעג האָט עפּעס אַ מאָרגע-פֿיינלעך געפֿיל מיר געשניטן דאָס האַרץ... טאָפּלט פֿיינעריק איז עס מיר נאָך געווען דערפֿאַר, וואָס איך האָב קיינמאָל נישט געוואוסט גענוי, וואָס איז עס אַזוינס, וואָס ס'פֿעלט מיר אייגנטלעך... כ'האָב עפּעס געוואָלט און אין דער זעלביקער צייט געוואוסט אומבאַוואוסטזיניק, אַז כ'וועל עס קיינמאָל נישט קריגן...

נאָר איצט, אינם אָפּשייד-פֿאַרנאַכט, איז אים, קאָנטיק, אַ ביסל קלאָר געוואָרן, פֿאַרוואָס ער האָט זיך זיין גאַנץ לעבן געפֿילט אַזוי אומגליקלעך.

דאָ, אין אָט דער שיינער גרינישער שטאָט מיט די ברייטע ריינע גאַסן, איז ער אַ גאַנץ לעבן אַרומגעגאַנגען, ווי אַ פֿרעמדער, — אַרומגעגאַנגען מיט אַ חלום פֿון דער שטילער שטאָט ביים ניעמאַן, וואו ער איז געבוירן געוואָרן. ער איז אָבער קיינמאָל נישט געווען זיכער, אַז ווען ער וואָלט זיך שוין איצט אומגעקערט אַהינצו, צי ער וואָלט זיך דאָרט געפֿילט היימיש. אפֿשר איז שוין איצט צו שפּעט?

ס'איז אים געווען קלאָר: פֿון דאָרט איז ער אויף אייביק אויס-געריסן געוואָרן, און אַהער איז ער נישט איינגעפֿלאַנצט געוואָרן...

און נאָך עטוואָס:

איצט, ווי ער שטייט דאָ אַזוי איפֿן באַרג און די אַקאַציעס נע-מען זיך פֿונאַנדער אינם פֿרילינגדיקן חודש אייר; און דער ים פֿלייצט אַ טונקעלער ווייטער צו הרום-צו; און שיפֿן גייען אָפּ נאָך טערקיי, און נאָך גריכנלאַנד, און נאָך די לענדער אַרום דעם ים

התיכון און אַרום צפון־אַפריקע, און ווייטער, — איצט פילט ער עס דאָך ערשט אַזוי שאַרף, ווי דאָס אַלץ האָט זיך כּוּף־כּל־סוף אויך אויף אומבאַמערקטערהייט אַריינגעוואַקסן אין אים, און שוין איבערגעלאָזן אויף שטענדיק וואָרצלען אין זיין פלייש און בלוט...

ס'איז איצט אים געווען זייער קלאָר:

ווען ער וועט שוין דאָ נישט זיין, וועט דאָס געפיל פון היימישקייט און בענקשאַפט צום אַרומיקן אין אים נאָך ערשט שטאַרקער ווערן.

— אינם פרעמדן לאַנד, וואוהין ער פאָרט איצט אַוועק, וועלן שוין די שטאָט און דער דאָן־געגנט, וואו ער האָט זיך זיין גאַנצן לעבנס־לאַנג געפילט אַזוי פרעמד, — אינם ווייטן לאַנד אַמעריקע, וואוהין ער פאָרט איצט, וועלן זיי אים שיינען היימיש און אייגן. און ער וועט צו דעם אַלעם האָבן אַזאַ נאָגנדיק־בענקשאַפטלעך געפיל, פונקט ווי ער האָט עס געהאַט הערן די אַלע ביז־אַהער פאַרלאָפענע טעג פון זיין לעבן, צו דער שטילער שטאָט ביים ניעמאַן...

פון דער שול האָט מיט אַמאָל אָנגעהויבן אַרויסשווימען אין דער אָזנטיקער בלייקייט אַרוים דער זומזענדיק־פאַרחלומטער ניגון פון במה מדליקין:

— אַי, במה מדליקין ובמה אין מדליקין...

זאַכאַרי איז אַ שטיק צייט אַזוי אַרומגעגאַנגען אונטער די שמאָלע לענגלעכע פענסטער, אין וועלכע ס'האָבן זיך געשפּיגלט די פלעמלעך פון די אומגעזעענע עמוד־ליכט: ס'איז אים זייער שווער געווען זיך אַוועקרייסן פון די גלאַט־מאַרמאָרנע ווענט צום לעצטן מאָל.

אים איז אָבער נישט איינגעפאַלן אַריינצוגיין אינעווייניק. ער איז געווען אַזוי ווייט פון די שטאָטישע ייִדן און איז מיט זיי אין נאָענטע מגע־ומשא קיינמאָל נישט געקומען. דער אמת איז, אַז צווישן ייִדן האָט ער זיך אויך געפילט פרעמד. אָבער ס'האָט פונדעסטוועגן אים נאָכאַנאַנד געצויגן צו זיי, — האָט ער זיך דאָ אַרומגעדרייט ווי אַ היימלאָזער הונט.

די אָוונט־בלייקייט איז מיט יעדער מינוט געוואָרן געדיכטער. מען האָט שוין געענדיקט דאָס דאַוונען. טונקעלע פיגורן פון מתפללים האָבן זיך אָנגעהויבן באַווייזן פון דעם מעטאַל־געפלאָכטענעם אַרקע־מייער פון דער שול. זיי זיינען ביסלעכווייז פאַרשוואונדן אין די גאַסן, וואָס האָבן פונם פּראָספּעקט אויסגעשטראַלט אַרונטער באַרג־צו. און זיי האָבן זיך באַלד צונויפגעמישט מיט דער שטאָט, ווי קליינע שטיינדלעך אינם בוק.

אַ שטיקל צייט האָט זיך נאָך זאַכאַרי אַליין אַרומגעבלאָנקעט דאָ אויפן באַרג. ער האָט אַראָנטערגעקוקט צום וואַסער־צו, זיך וואונדערנדיק און אַליין פרעגנדיק פאַרשיידענע שאלות וועגן זיין מאָדנעם לעבן, ביז די מאַרמאָרנע ווענט פון דער שול האָבן געביטן זייערע פאַרבן: דער ווייס איז געוואָרן גרוי, און די רויז־פאַרב איז אַריבער אין בלוי.

אַז ער איז אין אַ פּאָר שעה אַרום געקומען אַהיים איז מען שוין דאָרט לאַנג מיד געוואָרן וואַרטנדיק אויף אים.

די קופּערנע רערן זיינען שוין איצט געווען פאַרשמאָלצן מיטן חלב פון די אויסגעברענטע ליכט.

די אַלטע מוטער האָט שווייגנדיק געקוקט אינם קרבן־מנחה, און איז געווען פאַרטיפט אין איר אינערלעכן שבת. ביילע האָט אין דער שטיל אים דערלאַנגט עסן. עס איז געווען אַ וואָכעדיקע וועטשערע אום פרייטאָג־צו־נאַכטס.

אָט אַזוי איז די פרייטאָגדיקע נאַכט אַריבער, און נאָך איר — דער שבתדיקער טאָג. און אינם שפּעטן שבת־צו־נאַכט אויף מאָרגן זיינען די קינדער שוין געשלאָפן מיט אַ שטילן אָטעמען, ווען דער פאָטער איז אַריין אין זייער צימער.

מיטן בליק האָט זאַכאַרי געבעטן זיין פרוי, זי זאָל אים איבערלאָזן אַליין מיט זיי. ער האָט זיי געקושט אויף די שטערנס, און זיך שווייגנדיקערהייט מיט זיי געזעגנט.

אַז ער איז אַרויס פון זייער חדר, האָט ער געהאַט נאָך אַ שטילערן און שווייגנדיקערן פנים, ווי געוויינלעך.

און נאָך האַלבער נאַכט האָט אים שוין דער צוג אָפּגעפירט דאָס ערשטע שטיקל וועג קיין אַמעריקע.

אויפן וועג צום וואָקזאַל זיינען אויך אויף ביידע זייטן געגאַנגען צוויי פרייען, וועלכע האָבן אויך באַגלייט, — זיין מוטער, און ראַיע, זיין עלטסטע טאָכטער. אינאיינעם האָבן זיי אויסגעזען, ווי דריי שטילע שאָטנס, וואָס זיינען אין אַ שורה געגאַנגען אויף אַן אומ־באַוואוסטן וועג אין דער נאַכט אַריין.

---

# די טאָכטער

## א.

אין אַ גאָלדן־זוניקן פרימאָרגן פון אַ אַחרונדיקן זומער איז אַ קליין מיידעלע געלאָפן און אונטערגעטאַנצט איבער די גאַסן פון שטאָט.

זי האָט זיך אַרונטערגעלאָזט צום אַזאָווער ים.

בײַ די ברעגעס פון ים ליגט אַ שטאָט און די שטאָט איז אין זוניקע פרימאָרגנס אײַנגעוויקלט אין ליכטיק־גאָלדענע נעפּלס, ווי אין בלײַלעכע פּערלמוטערנע שאָלעכצן.

דאָס מיידעלע איז אָנגעטאָן אין אַ קורצן קליידל. די פיס אירע זײַנען באָרוועסע און בלײַכע און אַנטפּלײַזן זיך ווי צוויי נאַקעטע בימעלעך פון אונטער איר קורץ קליידל אַרויס.

אַז זי איז צוגעקומען צום ים, האָט זי אַ דין־זילבערנעם געלעכטערל אויסגעשאָסן אין דער לופטן. אַן אײַנגעהאַלטענער ציטער האָט דורכגענומען די גאַנצע לופט אַרום, ווי דינע צעשטויבענע בלויקייט וואָלט זיך אין איר אַ שאָט געטאָן.

די קאַלטע וואַסערדיקע בלויקייט פון ים האָט שטיל געפּלעשקעט צום ברעג.

קיינער איז איצט נישט געווען בײַם ים, ווײַל עס איז נאָך געווען גאַנץ פרי. דער ים איז געווען בלוי, אַזוי בלוי, ווי נאָר דער אַזאָווער ים קאָן זײַן אין אַ זומערדיקן טאָג, ווען אַ גאָלדקייט ברענט אָן די לופט.

איבער דער שטיל־פאַרגליווערטער, הויך־אויפאָטעמענדיקער בלויקייט וויסלען זיך איצט שטילע זעגלען, — ווײַסע פליגלען, פאַרגליווערטע אין מיטן פליִען דורך דער הייך.

דאָרט ווייט אין אָפענעם ים אַרײַן, בלאָזט אַפנים אַ ווינטל, כּמעט האָ, אויף דער יבשה, איז אַזוי היים. שיפן ציען זיך שטילערהייט אַהינטער־צו, צום יעניקאַלישן וואַסער־פּאַס, און דורך אים, צו די לענדער בײַם שוואַרצן ים.

מיט די באָרוועסע פיסלעך איז דאָס מיידל אַרײַנגעלאָפן אין וואַסער, האָט אָנגעהויבן לאַכן און אַרומטאַנצן, און באַטראַכטן די כוואַליעס מיט גרויס נײַגיר.

זיי, די כוואַליעס, זײַנען בלוי־גרינלעכע, ווי שטאָל, נאָר בײַם ברעג ווערן זיי איבערגעקערט מיט די בײַכער אַרויף, ווי גרויסע טויטע פיש. גיט אויף זיי אַ שײַן אַרויף די זון, — קוקן זיי אויס, ווי גרויסע שטיקער גאָלד אין נײַ־זילבער. הערנאָך ווערן זיי ווידער צעברעקלט אין אַ פּיענע, וועלכע איז צוערשט זילבערדיק, הערנאָך ווערט זי פון לאַווענדער־קאָליר אין רויט, און ווערט צום סוף צוריק אײַנגעשלונגען פונם בלויען וואַסער, פון וואַנען זי איז אויסגעשלאָגן געוואָרן.

אַרום איז רויִק און שטיל. עס הערט זיך אַ שאַרפער ריח פונם פעך, מיט וועלכן מען האָט אָקאָרשט אָפּגעשמירט די שיפן, איידער זיי לאָזן זיך אַרײַן אין ווײַטן וועג, צו די לענדער, וואָס ליגן אין הת״ב.

אַזוי פיל שיפן... און מאַסטן! שוואַרצע זײַנען זיי, און ווײַסע, און פאַרשיידן־געפּאַסטע. אָט זײַנען, צום בײַשפּיל, די גריכישע שיפן, און אָט זײַנען די טערקישע שיפן, מיט דער געלער האַלב־לבנה אויפן פלאַג. עס זײַנען אויך דאָ פראַנצויזישע שיפן, און גרויס־בריטישע אָקרענטן, און נאָך אַ סך אַזעלכע וואונדערבאַר־אומבאַקאַנטע וואַסער־הײַזער.

און אַ גרויס פרייד כאַפּט אָן דאָס מיידעלע, וואָס זי איז איינע אַליין דאָ, און דער גאַנצער ים, מיט דער בלויקייט און דער גאָלדיקייט, און דער זיך־שפּרייטנדיקער ווײַטקייט, זײַנען עס אַלץ אירע, אירע...

— אָ, דו גרויסער, בלויער ים! אָ, איר שיפן, וואָס גייען אין דער ווײַט!

פֿון אַלץ װאַקסנדער פֿרייד פֿלישקעט זי שטאַרקער מיט די פֿיסלעך אין װאַסער, מאַכט אָן אַ דינעם שפּריי־רעגן. מיט אַמאָל פֿאַררייסט זי גאָר דאָס קעפּל אין דער הייך, און הייבט אָן צו זינגען די מאָרגן־תּפֿילה, װאָס די באָבע האָט איר איינגעלערנט. זי פֿאַרשטייט נישט װאָס עס מיינט, נאָר עס איז איר פּלוצלונג גע־פֿעלן געװאָרן עס צו „זאָגן":

— מודה אני לפֿניך מלך חי וקים...

און שיכט דערנאָך אַרויס מיט אַ קלינגענדיקן געלעכטערל.

ב.

פֿון אַ באַװאַקסענער טעראַסע, װעלכע איז צוגערוקט נאָענט צום ברעג־ים, רוקט זיך מיט אַמאָל אַרונטער אַ הויכער שװאַרצלעכער גריך, מיט אַ װייסן פֿאַרטוך אַרום די פֿאַרשמאָלצענע הויזן, און שװאַרץ־פּעכיקע װאָנסעס איף אַ געשטופּלטן פּנים. אין האַנט האַלט ער אַ גרייסע װענטקע.

ער רוקט זיך אַהער, צום ברעג, אַזוי גיך, ממש װי דער שאָטן פֿון אַ פֿליענדיקן פֿייגל. און אָט איז ער שוין ביים ברעג.

ער גייט אַרויף איף אַ בריקל, װאָס הענגט אַרויס איבער װאַסער אַריין, אַ הויכער אַזאַ און אַ שװאַרצער מענטש, ער הייבט אָן אַרויס־צונעמען װערים פֿון אַ קליין שאַכטעלע און אַרויפֿשנירלען זיי איף אַ שטאָלענעם העקל, װעלכער גלאַנצט אין דער זון. עס גלאַנצט אָבער נישט נאָר דער העקל פֿון דער װענטקע. — עס גלאַנצן אויך זיינע אויגן מיט אַ רציחהדיקן בלישטש.

עס דערשרעקט זיך דעמאָלט דאָס מיידעלע פֿאַרן פֿרעמדן מענטשן, װעלכער שװאַרצט זיך איצט אין דער הייך איבן בריקל, — שװאַרצט זיך איבער איר ים, איבער איר בלויען ים...

— און פֿאַרװאָס לעכערט ער אים דורך, דעם ים, אַלע װיילע מיטן שװאַרצן העקל?

— אַװעק, שװאַרצער דו — הייבט זי אָן שרייען אַרויף צו אים. — זיין פּנים איז אַזוי מיאוס, װי אַ שפּעט־האַרבסטיקע בלאָטע...

זי הייבט־אָן צו טאַפּטשען דאָס וואַסער מיט אירע פיסלעך און שרייען, ער זאָל אַוועקגיין, נאָר דער שוואַרצער מענטש שטייט זיך רויק און הערט נישט איר שרייען: זי איז דאָך אַזאַ קליינס און האָט אַזאַ שוואַך קולכל. שרייט זי אויף אים נאָך העכער, נאָר ער קערט זיך אַליין נישט אום.

דאַמאָלסט אַ באַליידיקטע און דערשראָקענע, זיינט זי זיך בוגאַנדער פון פאַרדרוס זי לאָזט זיך לויפן, ווי אַן איבערגעשראָקענע ווילדע באַרג־ציג. זי קוקט זיך מער נישט אום אויף הינטן. זי פאַלט אַריין אין הויז, און גלייך צו דער מאַמען מיט אַ געוויין:

— מאַמע... מאַמע... איך וויל נישט, אַז עמעצער אַנדערש זאָל קומען צום בלויען ים, ווען איך בין דאָרטן, איך וויל נישט...

און נאָכאַנאַנד געכליפּעט:

— עס איז מיין ים, מיינער...

און דאָרטן, ביים ים־ברעג, איז אפילו מיט אַ פּאָר שעה שפּעטער נאָך אַליין געשטאַנען דער הויכער שוואַרצער גריך. ער האָט איצט איבערגעציילט אויף זיין קוילעכדיק הרעטל די קעפּלעך פון די פיש, וואָס ער האָט הויך די הויטלעכע זשעבערעס הרגעשטאָכן: אַ ברוינע בלוטיקייט האָט גערונען איבער דער זילבערנער שאָלעכץ פון די פישלעך.

ג.

קוקט אויף איר די מאַמע, וואונדערט זיך און שמייכלט... דערנאָך, פון צעמישעניש, שרייט זי אָן אויף דאָס קינד, וואָס לויפט אַרום איבער די גאַסן אין אַזאַ היץ, און האָט נישט קיין מיץ אויף איר קאָפּ.

— זע אָקאָרשט... וועסט נאָך ווערן אַזוי שוואַרץ, ווי אַ ציגיינערין!

אין די זומערדיקע חדשים שטייען אין דער דאָזיקער דרומדיקער חסישער שטאָט אַזעלכע היצן, אַז פרויען באַווייזן זיך אפילו נישט אין אָט דער צייט איבער די גאַסן, סיידן אַרומגעוויקלט אין גרויסע שאַלן, און מיכער אַרונטערגערוקטע איבער די פּנימער, כדי

זייער איידעלע הויט זאָל נישט אָפּגעברענט ווערן. און זי, די אַכט־יאָריקע ראַיע, איז שוין אַזוי אויך גענוג טונקל און פֿאַרברענט פֿון דער זון, — זי זעט בסך־הכּל אויס ווי אַ טאַטערין.

ווען ראַיע איז געבוירן געוואָרן, איז זי אויך געווען אַ שוואַרצע. די שוויגער, ראַיעס באָבע, — אַ יידענע אַ הויכע און אַ שטאַרקע, אַ יידענע אַ „מאַנסביל“ — האָט דעמאָלט אָפּגעלאַכט פֿון דער שנור:

— זי האָט זיך אַוודאי געמוזט פֿאַרקוקן אויף אַן אַראַב, וואָס איז איינמאָל דאָ אַהער אין די וואַרעמע גאַסן פֿון דער ווייטער אַמעריקע אָנגעקומען, — זיך פֿאַרקוקט אויף אים ווי אויף אַ ביי־וואונדער...

איבער דער מוטערס בלייך־אָפּגעצערטן פּנים זיינען הייסע דיטשקעלעך טרערן געפֿאַלן ביים אָנבליק פֿונעם שוואַרצן קינד, וועמעס קערפּערל איז כמעט אינגאַנצן געווען באַוואַקסן מיט געדיכטע האָר.

און דער פֿאָטער ראַיעס, — ער האָט אויך עפּעס געמאַכט דערביי אַ זייערע פֿאַראומערטע מינע. ער האָט גאָרנישט געזאָגט. אַ שווייגנדיקער, ווי תמיד, האָט ער בלויז עפּעס אַ בורטשע געטאָן פֿאַר זיך. עס איז אויף אים לחלוטין נישט קענטיק געווען, אַז ער זאָל זיך פֿרייען מיט דעם, וואָס אַ קינד איז אים אויף דער וועלט געקומען — דאָס ערשטע קינד.

נאָר דער פֿאָטער אירער פֿלעגט זיך דאָך שוין קיינמאָל מיט גאָרנישט ניט פֿרייען...

שפּעטער אָבער, אַז זי איז אויסגעוואַקסן, איז ראַיעס הויט געוואָרן אַ ביסל ליכטיקער. און די מוטער אירע פֿלעגט דעריבער מורא האָבן, אַז זי וועט ווידער שוואַרץ ווערן, אויב זי וועט אַזויפֿיל אַרומלויפֿן אונטער דער זון.

פֿון דעמאָלט אָן פֿלעגט דאָס קינד זיך גוואַלדיק פֿאַראַנדערשרייען, ווען נאָר מען פֿלעגט עס פּרוּוון געבן דעם פֿאָטער אויף די הענט.

אַזאַ פּיצל! נאָר שכל האָט עס געהאַט, ווי אַ דערוואַקסענעם.

ווען די מוטער האָט זי איינמאָל הויך אויף די הענט אויפגעהויבן און געוואָלט אַריינטראָגן דורך דער קיך-טיר אין עס-צימער אַריין, האָט די קליינינקע — זי איז דאַמאָלסט קוים אַלט געווען זעקס חדשים — איינגעבויגן דאָס קעפּל, כדי עס זאָל זיך נישט אָנשלאָגן אָן דער אויבערשטער טיר-שוועל. מען האָט געמיינט צוערשט, אַז דאָס איז בלויז אַ צופאַל — נאָר זי פלעגט עס איבערחזרן אַלעמאָל, ווען מען פלעגט זי נאָר דורכטראָגן דורך דער טיר-עפענונג. די מוטער האָט זיך געוואונדערט אויפן אומגעוויינלעכן קינד, און מען פלעגט דעם דאָזיקן צייכן פון קלוגשאַפט אויף חידושים ציִגן אַלע קרובים און געסט, וואָס פלעגן נאָר אַמאָל אין שטוב אַריינקומען.

אַז זי איז אונטערגעוואַקסן, ראַיע, איז איר פּנים געווען אויסגעאידלט-גלאַט, מיט אַן אויסגעבליכטן איילבערט-קאָליר, און ענלעך פלעגט עס אָפט זיין אויף יענע געזיכטער, וואָס קוקן אַרונטער פון די איטאַליענישע געמעלן פון גאָטס מוטער, פון די קאַטוילישע בילדער פון דער הייליקער דאַמע. אַזוי שטיל-אידל און פּנים-פאַרטראַכט איז עס געווען.

אָבער אַן אַנדערש מאָל פלעגט איר פּנים קריגן דעם שעלמישן איבערדריק פון אַ דורכגעטריבענער ציגיינערטע, — פון אַ מיידל מיט אַ גנבישן וואונק און אַ שמייכל פון אַ מענטשן, וואָס ווייס מער ווי פיל דער אַנדערער דענקט, אַז ער ווייס.

און אייגן האָט זי געהאַט אַזעלכע שאַרפע, אַזעלכע בליציקע. די פאַרב זייערע פלעגט זיך בייטן אָפט, ווי דאָס וואַסער אינם נאָענטן ים דורך אַ לאַנגן זומערדיקן טאָג. אייגן וואָס פלעגן זיך אין מיטן מיט אַזאַ מילדער פאַרחלומטקייט פאַרציען, פלעגן אַן אַנדערש מאָל ווערן גרין-פלעמלדיק, — ווי אייגן פון אַ קאַץ ביי דער נאַכט, ווען זי גייט אויף געיעג.

ד.

ווען זי איז אונטערגעוואַקסן, האָט זי זיך אַרויסגעוויזן צו זיין אַ גרויסע עקשנטע, אַ שטילע נוקב-נוטרנדע, — אַ מענטש-

װעלכער געדענקט און טראָגט אין האַרצן אױף שטענדיק אַ באַליידיקונג.

דעם טאַטן אירן — עס איז שווער געווען צו וויסן פֿאַרוואָס, סיידן אפשר דערפֿאַר, וואָס ער האָט איינמאָל געמאַכט אַ קרום-זויערע מינע ביי איר געבוירן ווערן? — דעם טאַטן אירן האָט זי שוין נישט ליב געהאַט איר גאַנצן לעבנס-לאַנג.

נאָך קליינערהייט פֿלעגט זי צו אים פֿאַר קיין פֿאַל ניט וועלן גיין אױף די הענט. נאָר אַז זי איז אַ ביסל עלטער געוואָרן, איז נאָך מער קאָנטיק געוואָרן, ווי שטאַרק זי האָט אים ניט ליב.

איינמאָל האָט זי דער פֿאָטער פֿאַר עפּעס-וואָס געשמיסן. ליגנדיק ביי איבער אױף די קני, האָט זי אים געביסן, געדראַפּעט מיט די נעגל, געקניפּט, געריסן, ביז ער האָט זי געמוזט אָפּלאָזן. דאַמאָלסט האָט זי זיך פֿאַרקליבן אין אַ ווינקל, ווי אַ קאַץ נאָך אַ געשלעג, און אָפּגעלעקן די וואונדן.

זי האָט נישט געוויינט. מער נישט, מיט רויט-פֿאַרפֿלאַמטע בעקלעך און מיט בליציק-גרינע אויגן האָט זי שווייגנדיק אַרויסגעבלישטשעט אַזוינס, וואָס האָט געדאַרפֿט מיינען:

— אַהאַ: אָבער איך האָב דיר בעסער געשלאָגן!

און ווען דער פֿאָטער האָט זי אַ צווייטן מאָל געשלאָגן — זי איז נאָך דאַמאָלסט קיין פֿינף יאָר נישט אַלט געווען — האָט זי זיך גלייך נאָך דעם איינגעשלאָסן אין איינעם אַ צימער — דער קאָנטאָר-צימער, וואָס איז געווען אָפּגעטיילט פֿון די איבעריקע מיט אַ גרויסער גלאָז-טיר.

אַ גאַנצן טאָג איז זי דאָרט אינעווייניק ביי דער טיר געשטאַנען, געוויינט, געשריען, געמאַכט אַלערליי העוויות און קרומע מינעס, און זאַכאַרין געזידלט מיט אַלע שלעכטע ווערטער, וועלכע זי האָט נאָר געוואוסט.

ווי אַ משוגענער איז דער פֿאָטער אַרומגעלאָפֿן איבער די חדרים, נישט געוואוסט וואו אַהינצוטאָן זיך פֿון דעם האָגל פֿייערדיקע ווערטער און בליציקע שנאה-קוקן, וואָס האָבן זיך פֿון יענער זייט טיר אױף אים געשאָטן. ער האָט געוואָלט אפֿילו איבערברעכן די

מיר און זי פון דאָרט אַרויסנעמען, נאָר די ווייב האָט אים נישט דערלאָזן.

און ראַיע איז אַליין געשטאַנען אויף יענער זייט טיר, — אַ געזעענע דורכן גלאָז אָבער אַ נישט־דערגרייכבאַרע איבער דער דינער, כהפקער מחיצה, וואָס האָט זי אָפּגעצוימט פון דער וועלט, — אַ פאַרחלומטע, איילבירטן־קאָלירענע מיידעלע, וואָס האָט דעם טאַטן אַ צונג אַרויסגעשטעלט און אַליין געהאַלטן אין איין שרייען:

— כ'האָב דיך פיינט! כ'האָב דיך פיינט! פאַרוואָס האָסטו מיך געשמיסן? מען מעג דען שמייסן אַ קינד? איך וועל דיך אַלעמאָל פיינט האָבן!

די מוטער האָט זיך ביי איר רחמים געבעטן, זי זאָל אַרויס און עפּעס אין מויל אַריין נעמען. אַ גאַנצן טאָג האָט זי נאָך נישט געדהאַט געגעסן!

נאָר ראַיע האָט פאַרעקשנט געשאָקלט מיטן קאָפּ:

— ניין!... סיידן דער שלעכטער פּאַפּאַ זאָל פון שטוב אַרויס און זיך גיין דערטרינקען. — — —

דער פאָטער האָט זיך געריסן די האָר. ער האָט געטראַכט מיט אַ שטילער קעלט, אַז ביי אים האַלט אין איינוואַקסן אַ פרעמד־פיינטלעכע באַשעפעניש אין איינעם הייז. און דאָס קינד האָט זיך אַליין ניט איינגעשטילט, ביז ער האָט סוף־כל־סוף געמוזט אַרויסגיין פון שטוב.

ערשט דאַמאָלסט האָט זיך די קליינע ראַיע אַ ביסל באַרויקט. זי האָט זיך אַ וואָרף געטאָן אויף דער פּאָדלאָגע און אַ שווייגנדיקע, מיטן פנים אַראָנטער, איז זי דאָרט אַזוי אָפּגעלעגן דעם רעשטל טאָג ביז אָוונט־אָנקום.

און פון יענעם מאָל אָן האָט דער פאָטער זי שוין מיט קיין פינגער מער נישט אָנגערירט. געלאָזט זי אַליין וואַקסן און זיך מער אויף איר נישט אומגעקוקט.

ה.

ווען קיינער פלעגט נישט זיין ביים ים, פלעגט די קליינע ראַיע אָנזאַמלען רויטע, ברוינע, גרינע און בלויע ים־שטיינדעלעך,

זיי אַרויפֿליִען אויף אַ האַרטער פֿלאַטשיקער פֿלאַך, ווייט פֿון ברעג, און זיי צעשטויסן און צעמאָלן מיט אַן אַנדערן, אַ גרעסערן שטיין.

אָט אַזוי פֿלעגט זי טון:

אין אַ ריין־אויסגעוואַשענעם פֿרימאָרגן, ווען אַ פֿאַרבלײַט וואַסער פֿלעגט זיך שפּרייטן אין אַלע זײַטן און פֿאַרשווינדן אין אַ הים־אָנגעגליטער פֿאַרנעפּלטקייט בײַ די האָריזאָנטן, ווען פֿאַרטרימט־ווײַטע פֿליגן די זעגלען פֿון שיפֿן אין דער לופֿט זײַן איינגעצויגן, ליכטיקע חלומות פֿונעם ים — דעמאָלט פֿלעגט ראַיע אַרונטערקומען צום וואַסער.

זי פֿלעגט זיך אויסקלײַבן אַ פֿאַרלעגענעם טייל ברעג. די זון הייבט ערשט אָן צו הייבן זיך אויפֿן קלאָרן הימל. די נעץ־שטעקנס בײַם ברעג הייבן אָן צו שפּרייטן קליינע, לענגלעכע שאָטנדלעך איבערן זאַמד.

עס איז נאָך גאָר פֿרי, מענטשן הייבן זיך ערשט אָן צו באַווײַזן אויף די נאָענטע און ווײַטלעכע שיף־דעקן. שוואַרצע און ברוינע רויך־פֿלאַנצן הייבן ערשט אָן אַרויסצוּוואַקסן פֿון די קוימענס אַרויס. מען הייבט ערשט אָן קאָכן אָנבײַסן. מען גרייט זיך אין וועג אַרײַן. עס שמעקט מיט זאַלציקער פֿײַכטקייט און מיט ריח פֿון רויע פֿיש.

דאָס וואַסער ציט זיך אין אַלע זײַטן, אין אַלע ווײַטן. עס הייבט שוין אָן צו ווערן גאָלדיק.

און קיינער איז נישטאָ בײַם ים.

דעמאָלסט פֿלעגט איר קליין הערצל אָנהייבן צו שפּרינגען פֿון איבערגעפֿילטער ליכטיקייט. אַ שטילער געזאַנג פֿלעגט דורכציטערן דורך איר בלוט. זי האָט ליב געהאַט די איינזאַמקייט, און אַליין איבערן ברעג אַרומגיין, און חלומען די מאָרגנדיקע חלומות, — בלויע און גאָלדענע חלומות, ווי די לופֿט אַרום, איבערן וואַסער.

זי הייבט דעמאָלט אָן פּאַמעלעך אויסצוקלײַבן די פֿאַרביקסטע ים־שטיינדלעך, די גלאַטסטע און די גליטשיקסטע. זי וואַרפֿט זיי צוערשט אַ היפּשע צײַט אַרום, קלײַבט זיי ווידער צונויף, וואַרפֿט זיי דערנאָך ווײַטער אַוועק און לאָזט זיך יאָגן נאָך זיי מיט אַ געלעכטער. די זון באַשײַנט און באַפֿינקלט זיי.

ראַיעס אויגן בליצן אויף, ווערן גרויס, גרין-פייערדיק. זי גיט זיך אַ וואָרף אויף די שטיינדלעך, כאַפּט זיי — קליינע, גלאַנציקע פיגעלעך — און הייבט זיי אָן צו דריקן אין אירע הענטלעך, הייבט אָן צו דריקן זיי פון גרויס ליבשאַפט, — די קאַלטע שטיינדלעך, וואָס האָבן געוואָלט פון איר אַנטלויפן — און גלעט זיי שוין ווידער און לאַשטשעט זיי. און באַלד שיט זי זיי אויס אויפן ברעג און טאַנצט אַרום זיי אין איינזאַם-פריילעכן טאַנץ.

און אָט. זי האָט זיך שוין גענוג אָנגעשפּילט מיט זיי. חעמאָלט לייגט זי זיי אַרויף אויף אַ גרויסן, גרויען שטיין, אַרויף דעם געלן ברעג, לעבן דער גרויסער געביידע פונם עלעקטרישן זאַוואָד.

הינטער די לאַנגע פאַרשטויבטע פענצטער פונם גרויסן זאַוואָד הערט זי אַ שטיבלעך-נידעריק הוישען פון די ריזיקע דינאַמאָ-מאַשינען. בלויע עלעקטרישע ענערגיע בליצט האַרט אַלע ווײַלע אויף אַמעטים, — אַרום די ריזיקע מאַשינען, אַרום די זיך-וואַרפנדיקע שטאָקן, לעבן די זיך-איבערקרייצנדיקע רימענע פּאַסן און אין דער הייך, אַרום סופיט. אַלץ וואַרפט זיך האַרט חולי-נופלדיק, אַלץ אַרבעט און יאָגט זיך... דעמאָלט, מיט אַ בלויעם געלעכטערל, הייבט ראַיע אויך אָן אומפּעטיק צו יאָגן זיך — זי האָרעוועט צו צעשמייסן די שטיינדלעך, און צעברעקלט זיי אין אַ דינעם שטויב.

דערנאָך זיצט זי אַ ווײַלע באַרויקט און קוקט אויפן בלישטשענדיקן זאַמד. זי דערמאָנט זיך, אַז די שטיינדלעך זײַנען ערשט מיט אַ פּאָר מינוט צוריק געווען אַזוי גלאַט און אַזוי שיין, בלישטשענדיקע אין זייער גאַנצקייט. און איצט זײַנען זיי שוין נישטאָ... וויינט זי זיך פונאַנדער.

זי זאָגט זיך שוין צו, — זי גיט אַ ביס דעם קליינעם פינגערל, הייבט אים אויף צום הימל מיט אַ שבועה, — אַז זי וועט שוין מער קיין שטיינדלעך נישט צעברעכן, — קיינמאָל נישט, קיינמאָל נישט.

אַ פריילעכע און אַ צופרידענע מיט זיך און מיט דער גוטער הבטחה, וואָס זי האָט זיך געגעבן, טאַנצט זי אַוועק אַהיים.

און אויף מאָרגן איז זי ווידער דאָ בײַם ברעג ים. זי שפּילט זיך ווידער מיט די בלישטשענדיקע ים-שטיינדלעך, שפּילט זיך הייך,

איך אַ לאַכעדיקן קול. שפּעטער אַ ביסל, ווען דער טאָג גייט הע-כער איך, און אַ ליכטיקע רויטקייט צעשפּרייט זיך איבער דער גאַנצער ערד, פון אונטן ביזן סאַמע הימל אַרויף — ווי ליכטיקער פּערל-מוטער — צעשטויבט זי ווידער די שטיינדלעך אין אַ דינעם, נאָר דינעם זאַמד...

ו.

— ראַיקעלע, וואו ביסטו?

די מאַמע הערט זי, זוכט זי אַרום אין די פאַרשיידענע חדרים פונם האָטעל, איבער די טונקעלע חדרים, ווייך באַצויגענע מיט ברוי-נעם פּליוש.

נאָר ראַיע האָט זיך פאַרקליבן אין אַ ווינקל פון אַ ליידיקן חדר, האָט דאָרטן פאַרמאַכט זיך, שטיל-איינגעהאַלטן, ווי פאַרטאָג-ליכט, און שמייכלט האַרט האַרציק, בייטנדיק די ליפּלעך. זי הערט דער מאַמעס קול אָפּקלינגענדיק אין דער פּוסטער שטילקייט פון די חדרים. ער דוכט זיך איר אויס, ווי אַ וואַסער-קול אין דער טיפעניש פון אַ וואַלדיקן פרימאָרגן. זי ענטפערט נישט. זי באַהאַלט זיך, און איר הערצל קלאַפּט זינדיק-זיס.

עס איז אַזוי גוט צו באַהאַלטן זיך פון דער וועלט. אז זיין נישט ווייט פון מענטשן, אז זיי זאָלן דיך נישט זען. דו זאָלסט זיין פון זיי אַ פאַרבאָרגענע: אַ נאָענטע, דוכט זיך, און — גאָר אַ ווייטע. זיי זאָלן דיך אָקאָרשט זען, און אָט — נישט קענען מער געפינען.

זי לויפט אַרום גאַנצע טעג איינע אַליין איבער די ליידיקע חדרים, איבער די זוניקע גאַסן און אין די שאָטנס פון די מויערן. ראַיע לאַכט און שפּרינגט און פלאַפּלט צו זיך אַליין, און חלומט אַלץ אַלערליי זאַכן אינם ליכטיקן טאָג.

אָבער אָט:

אין מיטן לויפן בלייבט זי שטיין, אַ געפּלעפטע, ערגעץ ביי אַ ברעג-גאַס. פון דער ווייטן זעט זיך דאָ אַ פּאַס בלויער וואַסער. פאַרטראַכט זי זיך אַ ווײַלע — ווערן אירע אויגן ים-בלוי.

אירע אויגן האָבן עטלעכע קאָלירן. דאָס רובֿ זיינען זיי בלוי, אָבער ווען זי איז ערנסט־פֿאַרטיפֿט אין געדאַנקען, זיינען זיי דעמאָלט ליכטיק־גרוי, ווי די לופֿט אין אַ סעפּטעמבער־טאָג אויף אַ צפֿון־אַמעריקאַנער פֿעלד. און אַמאָל, ווען זי ווערט אין כּעס, אָנגעצונדן־באַליידיקט און אירע אויגן גיבן דאַמאָלסט אַ בליץ־אויף, — קריגן זיי דעמאָלט אַ גרינלעכן אָפּגלאַנץ: קעציִשע אויגן אין אַ טונקל־ביינאַכטיקן חדר. און אינגאַנצן זעט זי דעמאָלט אויס, ווי גרייט אַרויפֿצושפּרינגען אויף יענעם.

און דערנאָך — ווידער ווערן אירע אויגן בלוי פֿאַרחלומט, און זי שמייכלט, און זי זשמורעט אירע אויגן קעגן דער ליכטיקייט — — —

אין פֿרייע טעג, ווען זי דאַרף נישט גיין אין שול, בלאָנדזשעט זי אַרום איבער די גאַסן, און זינגט פֿאַר זיך אין דער שטיל. די גאַסן זיינען אַזעלכע ריין־געבריקירטע, און די שטיינער גלאַנצן אין דער זון.

גריכן מיט קליינע אַרומלויפֿנדיקע אייגעלעך, ווי ביי מייז; טאַטערן מיט בייזע ליפּן און אָנגעגאָלטע קעפּ, ווי ביי אַרעסטאַנטן; געדיכט־וואָנציקע און טונקל־הייטיקע גרוזינען מיט שטאַלענע פֿינגערן; שפּאַניער און פּאָרטוגעזן, מיט גיכע דראָבנע רייד און געפּלאָנטערטע האַלב־באַוועגונגען... ראַיע גייט שוין איצט אַרום פּאַמעלעך, גאַפֿט מיט אַן אָפֿענעם מיילכל, וואונדערט זיך איבער אַלץ און אַלעמען. זי האָט איצט דאָס געפֿיל, אַז זי רייזט אַרום אין פֿרעמדע שטעט.

אַמאָל גייט זי אַוועק צום קייזערלעכן פּאַלאַץ, וואָס איז נישט ווייט פֿונעם ברעג ים. די פּאַלאַץ־ווענט זיינען געפֿאַרבט אין ווייס און געל, און אַ גרויסער שאָטנדיקער סאָד רינגלט אַרום דאָס הויז.

דאָרט, אין סאָד, איז אַלעמאָל שטיל. מען זעט נישט קיין מענטשן אַרײַן אָדער אַרויס. נאָר ס׳דוכט זיך ראַיען, ווי צווישן די ביימער רעדן דאָרט שטיל־טרעטנדיקע מענטשן, ריידן מיט זיך אַליין, און לאַכן פּלוצלונג אויף מיט אַ שטיל־אָפּגעהאַקטן געלעכטער...

ראַיע לויפֿט אַרום און אַרום דעם פּאַרקן און זינגט פֿאַר זיך אַ ליד. וואָס זי קען פֿון דער שול אַרויס:

— אַי לי־קאָמאַריאַ היב ועליאַני...

זי גייט אַרום און זינגט עס אַזוי לאַנג, ביז עס הוכט זיך איר שוין אײַנגיבן, אַז דאָס איז זי עס אַליין דער געלערנטער קאָטער, וואָס שפּאַנט טאָג און נאַכט אַרום בײַם ברעג ים אויף אַ גאָלדענער קייט...

— אָ, זי וועט תּמיד אַזוי אַרומגיין אויף אַ גאָלדענער קייט בײַ אַ ברעג ים...

און זי גייט אַ שפּרונג אין אַ מיאַוקע, ווי זי וואָלט געווען אַ קאַץ און וואָלט איצט געכאַפּט אַ פֿיגעלע אויף די צווייגן פֿון דעם דעמב.

אין אַנדערש מאָל גייט זי אַוועק צום גרויסן פּראַוואָסלאַוונעם מאָנאַסטיר, וואָס געפֿינט זיך אויף דער גריכישער גאַס. אין אַ פֿרײַטאָג־צו־נאַכטיקן פֿאַר־וועטשערע האָט איר אַפֿילו די באָבע איינמאָל געזאָגט:

— געדענק, געדענק... דײַנע תּפֿילות צו גאָט וועלן קיינמאָל נישט אָנגענומען ווערן, אויב דו וועסט נאָר כאָטש איינמאָל אַרײַנגיין אין אַ קירך!

נאָר זי גייט דאָך אַהין בלויז נאָך וואַסער.

אין שטאָט איז נישטאָ קיין וואַסער־לייטונג. מען פֿירט דאָס וואַסער צום טרינקען פֿון תּיצן שטאָט, פֿון ברונעמער. און אין מאָנאַסטיר איז אויך דאָ אַ גרויסער ברונעם. די מאָנאַכן פֿאַרקויפֿן פֿאַר אַ קאָפּיקע אַן עמער וואַסער.

גייט אין די פֿאַרנאַכטן דאָס מיידעלע אין ווייסן אָנגעטאָן, גייט נאָך וואַסער.

שוין לאַנג שטייט זי אין הויפֿן לעבן מאָנאַסטיר און קוקט אַרײַן דורך די שטאַכעטן. אַ געפֿלעכט פֿון שאָטנס און שטיקער זיך־וועצנדיקער זון באַשפּריצט די האַרט־אײַנגעטראָטענע ערד.

— גלאָנ־ן... גלאָנ־ן...

אויסגעצויגן-אָפּשטאַרבנדיקע קלאַנגען פֿון אַ גלאָקן-געקלאַנג: לאָזן זיך מיט אַמאָל הערן און שפּרייטן אַ נאָגנדיקע אומעטיקייט אינם פֿאַרנאַכט. מאָנאַכן מיט בלייך-פֿאַרטראַכטע פּנימער, אין לאַנגע באַגאַרטלטע מאַנטלען, לאָזן זיך דעמאָלט באַלד פֿון ערגעץ אַרויס מיט שטילע טריט איבערן ברוקירטן הויף, — געדיכט-געוואָרענע פֿאַרנאַכטיקע שאָטנס. זיי גייען פּאַמעלעך, טראָט נאָך טראָט, מיט אַרונטערגעלאָזענע קעפּ, אין איינער אַ קאַפּעליע, וואָס לייכט איצט צווישן די ביימער מיט לאַנגע אָנגעצונדענע וועקסענע ליכט, — גייען צו דער אָוונט-תּפֿילה.

ראַיעס האַרץ פֿאַרגייט אין אַ זיסן שרעק. זי קוקט זיי אָן, די גייענדיקע שטילע מאָנאַכן, פּונקט ווי זיי וואָלטן געווען אַ מחנה מענטשן, פֿאַרמישפּטע צום טויט. עטלעכע מאָנאַכן מיט, קאָנטיק, פֿון לאַנג שוין שטיל געוואָרענע פּנימער בלייבן מיט אַמאָל שטיין שטיל ביים וואַסער. דאָס וואַסער אינם באַסיין איז איצט געקעסטלט פֿון שאָטן און זונליכט. די פֿישלעך דאָרט שווימען איצט אַרויף צו דער איבערפֿלאַך, זיך אָנוואַרעמען. נאָר דאָס שקיעה-ליכט איז קאַלט. טוקן זיי זיך צוריק אַרונטער.

ראַיען טוט ווי דאָס האַרץ אויף די גאָלדענע פֿישלעך, וואָס זיינען פֿאַרשפּאַרט אינם וואַסער און אויף די מאָנאַכן, וועלכע זיינען דאָרט פֿאַרשפּאַרט אינם סאָד. זי שטייט אַזוי שווייַגנדיק, ביז אַ מאָנאַך קומט צו, פֿילט אָן איר עמער מיט וואַסער און נעמט צו די קאָפּיקע.

ראַיע גייט דעמאָלט אַוועק מיטן עמער וואַסער. דער קאָפּ איז איר איצט פֿאַרנומען מיט שווערע מחשבות. פֿאַרוואָס פֿאַרשפּאַרן זיך עס מענטשן אין אַ גאָרטן מיט שטאַכעטן אַרום? זיי איז דאָך דאָרט אַוודאי שווער — פֿאַרוואָס-זשע גייען זיי נישט פֿון דאָרט אַוועק? און פֿאַרוואָס האַלטן זיי נאָך די גאָלדענע פֿישלעך איך אינם וואַסער?...

עפּעס וואָלט מען געדאַרפֿט טאָן פֿאַר זיי. זיי זיינען אומגליקלעכע. זי וואָלט זייער געוואָלט עפּעס טאָן פֿאַר זיי. נאָר זי איז דאָך אַ קליינע, — וואָס קען זי איצט טאָן? וואַרט, אַז זי וועט אויסוואַקסן....

אַ, זי שטעלט זיך פֿאָר אַ סך זאַכן, וואָס זי וועט אױפֿטאָן, ווען זי וועט זײַן אַ גרױסע. אַ סך מאָל קומט זי צו לױפֿן צו דער מאַמען, פּלאַצט אַרױס מיט אַ נײַס:

— מאַמע, אַז איך וועל אױסוואַקסן וועל איך...

זי פֿרעגט קײנמאָל נישט בײַ קײנעם דעם באַדײַט פֿון זאַכן, וועלכע זי אַלײן פֿאַרשטײט נישט; אַז זי וועט עלטער ווערן וועט זי שױן אַלײן אַלץ וויסן. אַפֿילו בײַ דער מאַמען פֿרעגט זי איך נישט. און אַז עפּעס מאַכט זי שױן ביז גאָר נײַגעריק, טראַכט זי דעמאָלט אַלײן עפּעס צו. אַלע ווײַלע לױפֿט זי צו דער מאַמען צו:

— מאַמע, דו ווײסט? אַז איך וועל אױסוואַקסן, וועל איך....

און די מאַמע קוקט אױף איר, שמײכלט, און וואונדערט זיך, וואָס פֿון איר טאָכטער וועט אַרױסקומען, ווען זי וועט אױסוואַקסן.

## ז.

עפּעס ווילד־פֿרעמדס איז געווען אין דעם דאָזיקן קינד.

שױן גאָר פֿון די ערשטע יאָרן, ווי נאָר דאָס קינד האָט זיך אױף די אײגענע פֿיסלעך געשטעלט, פֿלעגט זיך שױן די מוטער פֿילן עפּעס מאָדנע אומבאַקוועם, ווען זי פֿלעגט אַרומנעמען ראַיען, קושן אָדער האַלזן זי, ווי אַ קינד: ראַיע האָט, קאָנטיק, דער מוטערס צערטלעכקײט נישט ליב געהאַט. אַז די מוטער פֿלעגט זי קושן, פֿלעגט ראַיע דערנאָך אַ לאַנגע צײַט ווישן דעם פּנים.

ביסלעכווײַז האָט די מוטער אָנגעהױבן צו קריגן פֿאַר איר אַ געמישט געפֿיל פֿון אָפּשײַ און וואונדער. דער דאָזיקער געפֿיל פֿלעגט זיך שױן אַמאָל איבערשמעלצן אין אַ פֿײַנטשאַפֿט, אין אַ שטילער פֿײַנטשאַפֿט צו איר אײגן בלוט. דאָס איז געווען אַפֿילו אַ בלינדע פֿײַנטשאַפֿט: אַפֿילו אין אירע פֿאַרבאָרגנסטע געדאַנקען פֿלעגט די מוטער עס אָפּלײקענען. אָבער די דאָזיקע פֿײַנטשאַפֿט איז אין איר דאָך געווען.

אין דער דאָזיקער שטאָט בײַם ים האָבן געוואױנט אַ סך טאָטערן און טערקן. פֿיל פֿון זײ זײַנען אַריבערגעקומען אַהער נישט לאַנג

צוריק, ווען די שטאָט האָט זיך ערשט גענומען פֿאַנאַנדערבליִען. נאָר ס'זיינען דאָרט אויך געווען גאָר אַלטע מאַכמעדאַנישע תושבים, נאָך פֿון די מיטלאַלטערלעכע יאָרהונדערטן, ווען די דאָזיקע שטאָט האָט נאָכאַנאַנד געהאַלטן אין בייטן טערקישע און טאָטערישע הערשער.

אַ פֿרעמדלענדישקייט און אַן עקזאָטישקייט האָט דעריבער איינגעוויקלט די שטאָט מיט איר פֿיל־אומהדיקער באַפֿעלקערונג. זי, די דאָזיקע שטאָט, האָט דעריבער געהאַט אַ באַזונדערן רייץ, אַ ווייץ פֿון געמישטער אייראָפּעישקייט, פֿאַר די פֿילע מערב־ און דרום־אייראָפּעער, וועלכע האָבן דאָ געוואוינט, זיך ביסלעכווייז צונויפֿגעמישט מיט דער אָרטיקער באַפֿעלקערונג און געוואָרן איינס.

די רייך־איבערגעזעטיקטע פֿראַנצויזן, און בריטן, און שפּאַניער, און פּאָרטוגעזער, און בעלגיער, וואָס האָבן זיך דאָ באַזעצט, און זיך ביסלעכווייז צונויפֿגעמישט מיט דער אָרטיקער באַפֿעלקערונג, — האָבן דאָ געפֿירט אַ הדר, וואָס האָט געהאַט אין זיך די פֿאַרחלומטע בענקשאַפֿט פֿונעם סלאַוו, און די איינגעהאַלטן ווילדע צעלאָזנקייט און תאווה־צערייצקייט פֿונעם מאָנגאָל.

און עפּעס ווילד־מאָנגאָליש איז אויך געווען אין ראַיען. ס'איז דאָך אַ נאַרישקייט: די מוטער אירע האָט גוט געוואוסט, אַז דאָס, וואָס די שוויגער אירע האָט איר אַמאָל אַזוי געטון, אַז זי, די שנור, האָט געמוזט פֿאַרגיין אין טראָגן פֿון עפּעס אַן אַראַב, — אַז דאָס איז געווען בלויז אַ שפּאַס, אַ רייצן־זיך. ווייל די מוטער האָט גוט געוואוסט, אַז דאָס איז אַ כּשר קינד פֿון איר מאַן. נאָר ווער ווייס אָבער, אויב איר מאַנס אַלטע פֿאַמיליע האָט, דורך די לאַנגע יאָרן פֿון איר וואַנדערונג, נישט אַריינגענומען אין זיך פֿרעמד־מאָנגאָליש בלוט — — — —

ווייל די מוטער פֿלעגט זיך שוין אָפֿט וואונדערן, פֿון וואַנען עס קומט צו איר אַזאַ טאָכטער, וועלכע איז אַזוי אַנדערש פֿון די איבעריקע קינדער אירע.

---

ראַיע האָט נישט קיין סך חברטעס. זי איז אַ קאַפּריזנע, אַ ציטערדיק־פאַרציגענע קינד. זי וויל אומעטום זיין די ערשטע, די אָנפירערין.

איינמאָל איז זי אַריינגעלאָפן אין שטוב מיט אַ געוויין.

— וואָס איז געשען?

קינדערלעך האָבן זיך געשפּילט אין הייסן. זי — אויך מיט זיי. האָט ראַיע זיי געגעבן באַפעלן. נאָר די קינדערלעך האָבן נישט געוואָלט אויספירן אירע באַפעלן. אַ בלייכע איז זי דעמאָלט געוואָרן. אירע ליפּן האָבן אָנגעהויבן ציטערן. אירע אויגן האָבן גע־קראָגן אַ טרוקענעם, וויינענדיקן גלאַנץ. זי האָט אָנגעהויבן טופּען מיט אירע פיסלעך אין זאַמד:

— איר מוזט מיך פאָלגן! איך בין אייער קיניגין!

און איז געבליבן שטיין אַזוי איבער זיי, אַ גלייך־שטאָלצע און אַ דערצאָרנטע, מיט אַ האַנט אויפגעהויבן אין דער הויך צום באַ־פעל, — און זי האָט טאַקע אויסגעזען אין דער האָזקער מינוט, נאָר ווי אַ קליינע בת־מלכה.

האָבן זיך די קינדערלעך טאַקע דערשראָקן פאַר איר און פאַר דעם שאַרפן גלאַנץ אין אירע אויגן, און זיינען זיך פונאַנדער־געלאָפן אין גרויס מורא...

און איר באַפעל האָבן זיי טאַקע נישט אויסגעפירט.

איז זי דעמאָלט אַריינגעלאָפן אין שטוב מיט אַ געוויין:

— מאַמע, די קינדער ווילן מיך נישט פאָלגן! די קינדער ווילן מיך נישט פאָלגן!

די מאַמע איז שוין געוווינט געווען צו איר מאָדנעם טעכ־טערלס קאַפּריז, האָט זי בלויז אויף דעם אַ שמייכל געטאָן, און איר אָפּגעווישט דעם נעזל.

נו, האָט זי זיך פון דעמאָלט אָן אינגאַנצן אויפגעהערט צו שפּילן מיט קינדער פון איר גלייכן. אַליין איז זי אַרומגעלאָפן אי־בער די חדרים, אַליין צו זיך גערעדט און אַליין מיט זיך גע־שפּילט: אַליין מיט זיך האָט זי שוין געקאָנט זיין אַ קיניגין, געבן זיך און אומגעזעענע קינדער אַרום איר באַפעלן, און זען, אַז זיי זאָלן עס אויספירן...

און איין מאָל פֿלעגט זי ווידערשפּעניקן און דער קיניגין און אירע אייגענע באַפֿעלן נישט אויספֿירן, פֿלעגט זי זיך שוין שפּעטער דערפֿאַר שטרענג באַשטראָפֿן.

יאָ, די קינדער זיינען זיך מאַקע פֿון איר צעלאָפֿן. אָבער זי איז סײַ־ווי געבליבן קיניגין... אַליין מיט זיך און מיט די אויסגעטראַכטע קינדער אַרום איר איז זי געווען קיניגין.

ח.

אַ שטיקל צייט נאָך דעם פֿאָטערס אַוועקפֿאָרן זיינען נאָך די האָטעל־חדרים דאָס רוב געשטאַנען ליידיק: געבענקט נאָך געסט. אין די דאָזיקע ליידיקע חדרים פֿלעגט ראַיע אַרומלויפֿן, זיך פֿאַרקוקן אויף די מאָדנע בילדער, וואָס זיינען געווען אויסגעמאָלן אין די גרינע פֿאַנעלן אויף די ווענט.

פֿון די פֿענצטער פֿלעגט זיך זען דער ים, ווי אַ שטיק בלויער חיין.

אין יעדן חדר איז געווען עפּעס אַ נייע וועלט. און אויב דאָרטן איז נישט געווען עפּעס נייס, האָט זיך ראַיען אַליין אָבער דאָרט פֿאָרגעשטעלט נייע זאַכן, און זיי איינגעפֿלאַ צו דאָרטן מיט איר דמיון.

דערהויפּט האָט זי ליב געהאַט יענע חדרים אינם האָטעל, וואָס זיינען תמיד געווען פֿאַרשלאָסן. אין די דאָזיקע פֿאַרשלאָסענע חדרים פֿלעגט איר פֿאַנטאַזיע באַזעצן גאָר אַזעלכע וואונדערבאַרע איינוואוינער. זיי זיינען געווען פֿאַר איר אַזוי לעבעדיק, אָט יענע אויסגעטראַכטע איינוואוינער, אַז דורך גאַנצע נעכט פֿלעגט זי שוין וואַכן און פּרוּוון טרעפֿן ווער זיי זיינען.

און דורך די טעג, אַרומגייענדיק אַזוי איבער די פּוסטעווענדיקע חדרים, פֿלעגט זי זיך פֿילן, ווי אַן אַרומוואַנדערער פֿון אַ מדינה צו אַ מדינה. זי פֿלעגט זיין אַזוי פֿריידיק און לאַכעדיק איבער די זיך אַלעמאָל אַנטפּלעקנדע נייסן, און אַרומשפּרינגען אין דער ליידיקער איינזאַמקייט פֿון די בייטאָגיקע חדרים, און זיך לאַטשטשען אין דער זון, ווי אַ קאַץ, און לאַכן, און לאַכן...

---

נאָר ביסלעכווייז האָט דער האָטעל ווידער גענומען אָנגעפילט ווערן מיט געסט. זיי האָבן די חדרים פאַרנומען און די חלומות פון דאָרטן אַרויסגעשטויסן.

מאָדנע אַזעלכע געסט זיינען עס געווען — כּסדר פרעמדע — געסט, וואָס פלעגן זיך בייטן זייער אָפט, נישט ווי די אַמאָליקע געסט פונם האָטעל.

און עפּעס פלעגן זיי תּמיד פאַרפאָרן אין האָטעל גראָד דעמאָלט, ווען ראַיע איז שוין לאַנג געשלאָפן, און אפשר געחלומט וועגן עפּעס, און אפשר נישט. די געסט זיינען, אייגנטלעך, אויך דעמאָלט געווען אַזעלכע פאַרשלאָפענע און שלאָף־באַטרונקענע; זיי האָבן זיך אויך דעמאָלט קוים אויף די פיס געהאַלטן פון שלעפעריקייט און פון תּאווה, וואָס שפּרייטן נאַריש־שמייכלענדיק פאַנאַנדער די מיילער.

אַז זי פלעגט אויפשטיין אין דער פרי, זיינען די חדרים נאָך געווען פעסט פאַרמאַכט. אינם מאָרגן־טונקל פון די קאָרידאָרן פלעגט זי זיך גנבענען פאַרביי די ווענט, זיך פאַרטאַיען לעבן אַ טיר און זיך איינהערן.

פון אייניקע חדרים האָט בלויז אַרויסגעשטראָמט אַ שווערע שטילקייט פון מיד־אויסגעמאַטערטע מענטשן, וואָס זיינען אָקאָרשט איינגעזונקען אין אַ שווערן אָן־כּוחדיקן טויט־שלאָף. פון אַנדערע טירן פלעגן אָבער זיך הערן שטילע גערוישן, קורצע אָפּגעהאַקטע געלעכטערס און אָפּשטאַרבנדיקע באַוועגונגען. און אַמאָל פלעגט זיך פון דאָרט אַרויסרייסן אַ הייכער אויסגעשריי, — אַ טומל, וואָס פלעגט זיך ממש שטיקן אויף יענער זייט טיר און געוואָלט אַלץ, מען זאָל אים אַהער אַרויסלאָזן.

מיט אַ קלאַפּנדיק הערצל פלעגט זיך ראַיע אָנשפּאַרן אָן אַטאַזאַ פאַרשלאָסענער טיר. זי פלעגט זיך צוהערן, ווי פון יענער זייט טיר, פלעגט זיך פון צייט צו צייט אַרים טאָן אַ פרויען־שטים, אַ פאַרשטיקטע און אַ זיס־געפייניקטע, און באַלד, נאָך אַ קורצן ווידעראַנאַנד־גערייש, פלעגט די שטים אינגאַנצן פאַרשטיקט ווערן.

פלעגט ראַיע בלייבן שטיין ביי דער טיר, שטאַרק צוגעדריקט איר ברוסט, מיט אַ פּייניקנדיקן פאַרלאַנג צו איבערברעכן די טיר און זען, וואָס עס טוט זיך אויף יענער זייט.

טעג נאָך טעג פלעגט זיך ראַיע, אַ פאַרטראַכט-וואונדערנדיקע, אַרומדרייען אין די קאָרידאָרן, הינטער די טירן, און זוכן ערגעץ אַ שפּעלטל אין טיר. איר איז איינמאָל איינגעפאַלן, אַז עס וואָלט געווען אַזוי גוט, ווען זי וואָלט געקאָנט לעכעלעך אויסבוירן אין יעדער טיר, און אינעווייניק אַריינקוקן, און וויסן, וואָס דאָרטן טוט זיך אין יעדן צימער. הינטער יעדער טיר איז געווען אַ באַזונדערע וועלט, אַן אַנדערע; הינטער יעדער טיר זיינען געווען ניי-אומבאַקאַנטע מענטשן, וועלכע פלעגן לעבן אַנדערע, צימערדיק-פאַרבאָרגענע לעבנס.

נאָר די טירן זיינען געווען תמיד פאַרשלאָסן אין די פרימאָרגנס, ווען ראַיע פלעגט אויפשטיין. און גאַנץ פרי פלעגט זי שוין דאַרפן דאָס הויז פאַרלאָזן און אַוועקגיין אין גימנאַזיע.

אַז זי פלעגט זיך אומקערן, פלעגן די טירן שוין שטיין אָפענע, נאָר אַליין אין די חדרים איז דעמאָלט שוין ווידער געווען רויק און ריין. די בעטן זיינען געווען פאַרבעט מיט שניי-ווייסן בעטגעוואַנט. שיסלען ריינע און אויסגעוואַשענע, האַנטעכער נייע און פּינקטלעך-צונויפגעלייגטע. מער נישט: אַ געווירצט-שאַרפלעכער ריח האָט זיך פון דאָרטן איצט געטראָגן ווי פון צופיל פאַרפּוצטקייט, — אַ ריח פון פודער און שטאַרקן שווערן פאַרפום.

נאָר די שטיל-זוניקע פאַרחלומטקייט פון די אַמאָליקע טעג, ווען די חדרים פלעגן נאָך פוסטעווען, האָט דאָרט שוין ווידער געהערשט. די ווענט האָבן מיט אַ ליכטיקן שמייכל אויף איר, אויף ראַיען, אַרונטערגעקוקט און זי גערייצט:

— וואָס, האַ?... דאָ איז גאָרנישט געווען... דאָ איז גאָרנישט געווען?...

## ט.

נאָר איינמאָל איז געווען אַ זונטאָגדיקער פרימאָרגן, און אַ סך זון האָט פון דרויסן אין הויז זיך געשפּאַרט. אַ זונטאָגדיק-אויס-

געפּוצטע, און אַ קורצן ווייס־זאָגענעם קליידל, האָט ראַיע אין אָט יענעם פֿרימאָרגן אַרומגעשפּאַצירט איבער די קאָרידאָרן, ווי אַ גרויסע, ווײַל אַ גרויסע איז זי שוין טאַקע איצט געווען: אַלט געווען שוין עלף יאָר.

אײנע אַ טיר איז עטוואָס אָפֿן געשטאַנען, און אַ שמאָלער זייל ליכטיקייט האָט זיך פֿון דאָרטן אין קאָרידאָר געלייגט. פֿון אינעווייניק אַרויס האָט זיך געהערט אַ שטיל וואָרקען און אַ שווער־אָפּגעהאַקטער אָטעמען. פּאַמעלעך און אויף די שפּיץ פֿינגער האָט ראַיע דעמאָלט די טיר אַ ביסעלע מער אויפֿגעעפֿנט, און דעם קאָפּ אַרײַנגעשטעקט.

אויפֿן ווײַסן בעט זײַנען געלעגן צוויי מענטשן, כּמעט נאַקעטע, שטאַרק אַרומגענומען, און אַזוי פֿאַרטאָן אין זיך, אַז זיי האָבן גאָרנישט באַמערקט. אַפּנים, אַז פֿון זיי האָט זיך עס געטראָגן צו ראַיעס אויערן דאָס וואָרקען. נאָר דאָס וואָרקען פֿון אָט די צוויי אויפֿן בעט איז אין גיכן אַנטשוויגן געוואָרן. נאָך שטאַרקער האָבן זיי זיך אַרומגענומען, אַזוי אַז געדוכט האָט זיך ראַיען, אַז דאָס האָבן זיי זיך אָנגעהויבן רציחהדיק צו שלאָגן, און בײַסן איינס דאָס אַנדערע.

דאָס מיידל האָט זיך אַזוי דערשראָקן. שנעל, שנעל האָט איר דאָס האַרץ אָנגעהויבן צו קלאַפּן, און אַנטלויפֿן האָט זי געוואָלט. נאָר זי איז פֿונדעסטוועגן געבליבן שטיין, ממש צום אָרט אַ צוגעשמידטע.

זי האָט זיך אויפֿגעהויבן אויף די שפּיץ־פֿינגער און איר קליינעם ווייס־אָנגעטאָנענעם קערפּערל אַלץ ווײַטער און ווײַטער אין צימער אַרײַנגערוקט; איר פּנימל האָט זיך אַלץ מער און מער אויסגעצויגן. ציענדיק זיך אַזוי אין איר ווייס־לופֿטיק קליידעלע אַלץ העכער און העכער. האָט זי אויסגעזען, אינם ליכטיקן זונטאָג־פֿרימאָרגן, ווי אַ ווײַסע פֿלאַניץ, וואָס נעמט זיך פֿונאַנדער אין אַ וואַזאָנע קעגן אַ זוניקן פֿענסטער.

און דאָ האָט זי מיט אַ מאָל דערזען, ווי דאָס געשלעג: אויפֿן ווײַסן בעט איז פּלוצלונג אַזוי מוראדיק־פֿאַרביסן געוואָרן, אָט ווי די דאָזיקע צוויי אומבאַקאַנטע מענטשן, די האָטעל־געסט, וואָלטן

זיך ממש געטרונקען אין קאָנוווּלסיעס פון אַ בייזאַמיענדיקן ווערגן זיך. ראַיע האָט שיער ניט איבערגעשריגן פון שרעק. נאָר באַלד זיינען די אומבאַקאַנטע פיגורן געבליבן ליגן שטיל איבן בעט, ווי פאַרבלוטיקטע־דערהרגעטע.

שטאַרק דערשראָקן און מיט אַ פאַרגליווערטן אָטעם, האָט זיך ראַיע פון חדר אַרויסגערוקט הינטערוויילעכטס און, אין קאָרידאָר, מיט אַלע כחות אָנגעהויבן לויפן:

— מען דאַרף וואָס גיכער דערציילן דער מאַמען, האָט עס האָט זיך אין דעם מיטלסטן האָטעל־חדר פאַרלאָפן!

נאָר אין מיטן וועג האָט זי, מחמת דעם פאַרגיכערטן בלוט־שלאָגן פון איר הערצל, אָנגעהויבן צו פילן אַ שטעכעדיקן ווייטאָג אין האַרצן, און געמוזט זיך אָנשפאַרן אָן קאָרידאָר־וואַנט, אַ באַ־חלשטע. אין האַלז איז איר געוואָרן אַזוי ענג. עס האָט זי גע־שטיקט.

זי איז אייניקע מינוט אַזוי געשטאַנען. אינם שטילן קאָרי־דאָר האָבן זיך פון ביידע זייטן געצויגן וויס־געפאַרבטע טירן, פאַרמאַכטע און וויס־שווייגנדיקע, — אַ שטילקייט האָט פון דאָרטן צו איר גערעדט, גערעדט וועגן ווייסע חלומות, וואָס ווערן געשטיקט אין דער צעהיצטער לופט פון פאַרמאַכטע חדרים, ווי ווייסע פייגל.

און ראַיע איז שוין געבליבן אין דער האַלב־טונקל פון די זונטאָג־רויקע קאָרידאָרן אַזוי שטיין, און האָט געטראַכט אַ לענגערע ווײלע.

דער מאַמען האָט זי דערנאָך גאָרנישט דערציילט.

י.

פאַר ראַיען האָט זיך דאַמאָלסט טאַקע געעפנט אַ נייע וועלט.

איף די שפּיץ־פינגער פלעגט זי זיך אָפט אונטערשטעלן הינ־טער די טירן, זיך איינהערן און אַריינזאַפן אין זיך אַלע אומ־באַקאַנטע שאָרכן און גערוישן, — זיי זיינען געווען ווי שטיקער פון אַן אַנדערער, בייז־ציטערדיקער וועלט.

באַזונדערס פלעגט זי שוין אָפהיטן אָט יענע טיר, וועלכע דער

ווינט האָט עטוואָס געעפֿנט איינמאָל אין אַ זונטאָג: זי האָט אַ סך דערוואַרט פֿון יענער טיר.

— אין יענעם חדר איז איינע אַ מיידל געבליבן וואוינען. און ראַיע, וועלכע האָט דאָך פֿון קינדווייז־אָן פֿון קיין אָפּהאַלט נישט געוואָלט וויסן, און פֿלעגט מיט אַן עקשנות זיך גלייך לאָזן צו דעם ציל פֿון אירע פֿאַרלאַנגען, ווי אַ יונגער רויטער אָקס, — האָט זיך מיט אָט דער מיידל איינגיכן באַקאַנט, און זיי זיינען ביידע געוואָרן גוטע פֿריינט.

ראַיע האָט זיך נישט געפֿילט בנוגע צו אָט יענעם מיידל, ווי אַ קינד פֿילט צו אַ דערוואַקסענעם, נאָר ווי צו איר אַ גלייכן. קיין שאלות פֿלעגט זי יענער קיינמאָל נישט פֿרעגן; זי פֿלעגט בלויז אַריינקומען צו איר אין חדר, ווען מען פֿלעגט זי אַריינלאָזן, זיך שטעלן דאָרט אַן אַ זייט, קוקן, אַליין אַריינגעמען אין זיך, און — שווייגן.

עס האָט איר זייער אָפּט געעקלט פֿון דער מאָדנער שמעקנדיקער לופֿט אינעם חדר. זי האָט געפֿילט, אַז דאָרטן קומט פֿאָר עפּעס נישט־שיינס און זי האָט אַ סך מאָל געוויינט; געשוואָרן זיך, אַז מער קומט זי שוין אַהין קיינמאָל נישט אַריין. נאָר די נייקייט פֿון דעם אַלעם האָט זי אַזוי שטאַרק געצויגן, און געמאַכט איר האַרץ אַזוי שטאַרק אויפֿצאַפּלען.

און מאָדנע זאַכן האָט זי זיך שוין פֿון יענעם מיידל אויסגעלערנט.

איינמאָל האָט די מאַמע געטראָפֿן ראַיען אַליין אין אַ ליידיקן חדר, מאַכנדיק עפּעס מאָדנע אַזעלכע העוויות מיט אירע הענט און פֿיסלעך, קעגן דעם גרויסן וואַנטיקן שפּיגל, ווי זי וואָלט געווען פֿאַרטאָן אין עפּעס אַן אומבאַקאַנט־ווילדן טאַנץ.

די מאַמע האָט נישט געוואוסט, צי זי זאָל זיך דערשרעקן, אָדער פֿונאַנדערלאַכן, — זי האָט אויף ראַיען אויסגעשטעלט אַ פּאָר אויגן. די אויגן אירע זיינען אָבער וואָס אַ מינוט אַלץ גרעסער און גלעזערנער געוואָרן: ראַיע האָט זי, די מוטער, גאָרנישט געפֿילט, אַזוי פֿאַרטאָן איז זי דעמאָלט געווען אין איינחזרן דעם „קייקוואָק“־טאַנץ, וועלכן אָט יענע אומבאַקאַנטע מיידל

אינם האָטעל־חדר האָט זי געלערנט מיט אַ באַזונדערער, מיט אַ גליענדיקער הנאה.

ראַיען פלעגט אָבער, זייער שטאַרק פאַרדריסן, ווען זשעניע, — אַזוי האָט געהייסן אָט יענס מיידל, — פלעגט איר תמיד הייסן אַרויסגיין דאַמאָלסט, ווען נאָר אַ פריינט פלעגט צו איר אַריינקומען.

ראַיע פלעגט זיך דעמאָלט אַתמה־ייען הינטער דער טיר, ווי אַן אַרויסגעטריבן הינטל, וועלכער וויל דאָך אָפהיטן זיין באַלעבאָס. זי פלעגט גיריג אַלע פאַרווישטע און פאַרטוליעטע האַלבקלאַנגען, וואָס האָבן זיך געטראָגן פונם פאַרמאַכטן חדר, איינכאַפן, און אַליין ניט אָפּטרעטן.

און איינמאָל, אין אַ זונטאָגדיקן פרימאָרגן, בשעת אַלע ווייבער קאָרידאָר־טירן זיינען געווען פעסט פאַרמאַכט, און אַ שווערע, אַ היציקע שטילקייט האָט זיך דורך דער טירן־ווייסקייט דורכגעווייט, האָט זי אין קאָרידאָר פלוצלונג דערהערט אַ געשריי, — אַ געשריי, וואָס האָט זיך אַפּניס פון אַ לאַנגער קייט געשרייען אָפּגעריסן.

ראַיע האָט גענומען אַרומשפרינגען איבערן קאָרידאָר, ווי אַ דערשראָקענער פּאָפּוגײַ אין זיין שטייגל.

— דאָס איז דער מיידלס קול!

זי איז געווען בלייך, און געציטערט, ווי אַ בלאַט. זי האָט געפילט, אַז זי דאַרף קומען איר צו הילף, נאָר זי איז דאָך געווען אַזאַ קליין מיידעלע, — וואָס האָט זי געקאָנט העלפן? איז זי אַנידערגעפאַלן אויף דער פּאָדלאָגע לעבן דעם שוועל פון זשעניעס טיר, אָנגעהויבן בייסן זיך די ליפּן, קנייפּן די באַקן און קרעכצן מיט אַ טרוקענעם קול.

נאָכן ערשטן געשריי, האָט אַ לויף געטאָן פונם פאַרשלאָסענעם צימער אַ צווייטער, און אַ דריטער, — קלײנע זיך־נאָכיאָגנדיקע חיהלעך. נאָר באַלד זיינען זיי אַלע פאַרשטיקט געוואָרן, פונקט, ווי מען האָט אויף זיי אַ קישן אַרויפגעוואָרפן. בלויז אַ מין ברומען — ווי אַ געזאַנג פון בינען — האָט איצט פון דאָרטן אַרויסגעזומט.

ביי ראַיען האָט זיך דערוויל ווידער באַוויזן איר האַ־צבֿעלער: פֿון אירע ליפֿעלעך האָט בלויז אָנגעהויבן רינען איבער איר בלייכן העלזל. זי האָט זיך, מיד־שאָקלענדיק, פֿון דער פֿאַדלאָגע אויפֿגעהויבן, און קוים אַוועקגעשלעפּט זיך אין זייערע אייגענע האָטעל־חדרים.

שפּעטער, פֿאַרנאַכטלעך־צו, איז זי אין דער געדאַכטער בלוי־קייט ביי זשעניען אין חדר געזעסן. זיי האָבן זיך ביידע געטוליעט איינער צום אַנדערן.

אין חדר האָט זיך געטראָגן אַ זייפֿיק־אָנגעקראָכנאַליעטער ריח, און געדיכט איז די גאַנצע אַטמיקע לופֿט געווען פֿון וואַלווע־לער פּודער, פֿון באַליידיקנדיקן פּאַרפֿום, פֿון וואַלעריאַנאָווע טראָפּנס און מענטשלעכן שווייס.

אין דער טונקלקייט פֿון דעם פֿאַרהוילנדיקן בין־השמשות האָט די בלוי־צעפּאַסטע זשעניע, איינגעזיצן אין סיניאַקעס, געהערט ראַ־יעס ווערטער:

— ווייסט, זשעניע... ווען איך וואָלט דאָ געווען — ווייסט, וואָס איך וואָלט אים געטאָן? איך וואָלט אים אַזוי לאַנג געביסן, אין האָס ווייכע פּנים פּיס, אין דער „איקרע"... פֿאַרוואָס האָט ער דיך געשלאָגן? פֿאַרוואָס האָסטו זיך געלאָזן?

די מיידל האָט געשמייכלט און געזאָגט, אַז ס'איז גאָרנישט. זי האָט גלייכגילטיק געגלעט די בלויע סיניאַקעס, ווי אַ קאַץ גלעט אירע וואונדן נאָך אַ געשלעג. נאָר ראַיע האָט אַזוי געפֿילט, אַט פּונקט ווי מען וואָלט עס גאָר איר געהאַט געשלאָגן. אַ בלייכע, מיט גרין־פֿלאַמענדיקע אויגן אין דער טונקל, האָט זי איצט שווייגנ־דיקערהייט נקמה־מחשבות געטראַכט. מיט אַ שטיל ביין פֿאַרגעניגן האָט זי זיך פֿאָרגעשטעלט, ווי זי וואָלט אים, אַט יענעם אומבאַ־קאַנטן פֿריינט זשעניעס, אַזוי איינגעשפּאַרט געביסן, ביז וואַנען ער וואָלט ענדלעך, אַ געהלשטער, פֿון ווייטן בעט זיך אַ־אָנגעקאַטשעט.

זשעניע איז אַפֿילו אַ גרויסע. מסתמא מ'איז יענער זיין נאָך אַ גרעסער, אַ שטאַרקער אַזאַ, אַ גזלן, אויב ער האָט זשעניען גע־קאָנט שלאָגן. דער געדאַנק וועגן יענעם, דעם אומבאַקאַנטן און

שטאַרקן, האָט אַזוי געשראָקן, און אין דער זעלבער צייט אַזוי געצויגן...

— ווען זי, ראַיע, וועט אים אַמאָל באַגעגענען...

זי וואָלט זיך דעמאָלט, מסתּמא, אַזוי דערשראָקן פֿאַר אים, אַז זי וואָלט אַזש קיין קראַפֿט נישט געהאַט אַנטלויפֿן; זי וואָלט זיך זיכער דעמאָלט געוואָרפֿן שלאָגן מיט אים בלויז דערפֿאַר, ווייל ער איז אַזאַ שטאַרקער... אָ, זי וועט זיך נאָך אַמאָל אָפּרעכענען מיט אים, מיט אָט יענעם אומבאַקאַנטן און שטאַרקן מאַנסביל.

איצט, ווען אַלץ אין צימער איז פֿאַרשוואונדן אין דער אָפּ־ווישנדיקער טונקלקייט פֿונם אָוונט, האָט זיך בלויז אַרויסגעוויזן דאָס בלאַסע פֿאַרפֿלאַמטע פּנימל איריס, ראַיעס. ס'האָט געחלומט:

— אַמאָל, אַמאָל, אַז כ'וועל אויסוואַקסן, וועל איך נאָך מיט אים זיך באַגעגענען... אָ, געוויס: איך וועל נאָך מיט אים זיך אָפּ־רעכענען.

## יא.

פֿון זאַכאַרין איז אָנגעקומען פֿאַר דער גאַנצער צייט ווייניק הילף. אפֿילו בריוו האָט ער זעלטן געשריבן. אים איז דאָרט אַפּנים נישט געגאַנגען אַזוי וואויל. אין ביילען דאָ... די קליינע קינדערלעך זיינען אונטערגעוואַקסן און די הוצאות אין הויז זיינען מיט יעדן טאָג געוואָרן גרעסער, און איינינקע אַליין איז מען...

זי איז געוואָרן דעמאָלט פֿאַרביטערט און פֿלעגט זייער לייכט אויפֿגערייצט ווערן. און איינמאָל האָט זיך איר אפֿילו פֿאַרוואָלט אָנשלאָגן ראַיען; ראַיע איז שוין דעמאָלסט באַלד אַלט געווען דרייצן יאָר.

איז ווען די מאַמע האָט אויף איר אויפֿגעהויבן די האַנט, האָט ראַיע קיין וואָרט נישט אויסגערעדט, נאָר זיך בלויז אַ בעט־דיקן ריס געטאָן, און אָנגעשטעלט אַ פֿייערדיק־ברענענדיקן קוק אויף דער מוטער אַ לענגערע צייט. דער מאַמען איז פֿון דעם דאָזיקן קוק אַזוי נישט גוט געוואָרן, אַז די בלוטן אירע זיינען איר איינגאַנצן איינגעלאָפֿן. אָט ווי זי איז אַזוי געשטאַנען, האָט זי זיך אָנגעהויבן צו וואַקלען אויף איר אָרט, פּונקט, ווי זי וואָלט אַ פֿאַרשיכּורנדיק־

באַטײַבנדיקן סם פֿון ראַיעס אייגן הורך, דער לופֿט אין זיך אײַנגעזאַפּט.

אַ כמעט־פֿאַרחלשטע און אַן אָנגעהדיקע האָט זי געמוזט אַניידערפֿאַלן אין אַ נאָענטן שטול. אַלע אברים האָבן איר דעמאָלט אַזוי געציטערט. זי האָט געשוויגן. מיט צאַפּלענדיקע קאָנוואַלסיע־פֿינגער, — זיך־וואַרפֿנדיקע קליינע אָנגעהאַקטע שניי־פֿיסלעך, — האָט ראַיע נערוועז אָנגעהויבן פֿאַרריכטן אירע האָר, און באַלד זיך אויך גיך אָנגעהויבן פֿאָרען מיט עפּעס אַן אַרבעט אין שטוב.

און פֿון דעמאָלט אָן האָט זי די מאַמע מער ניט געפּרוווט אַפֿילו אָנצורירן.

אפֿשר איז די מאַמע געווען גערעכט. איר כעס האָט זיך גענומען דערפֿון, וואָס זי האָט באַמערקט, ווי אין די פֿאַרנאַכטן פֿלעגט ראַיע זיך עפּעס צופֿיל פֿאַרטיפֿן אין איינעם אַ גרוי־טאָוול־דיקן בוך. דער נאָמען פֿון דעם בוך איז געווען „מאַדעמאַזעל דע מאָפּען", און דער נאָמען פֿון דעם מחבר איז געווען טעאָפֿיל גאָטיע. נישט דער נאָמען פֿון דעם בוך, און נישט דער נאָמען פֿון דעם מחבר זיינען דער מוטער געפֿעלן געוואָרן, ווען זי האָט באַמערקט, ווי בײַ ראַיען ווערן בײַם לייענען די באַקן אירע אָט רויט, אָט בלייך.

— וואָס פֿלעגט זי עס אַלץ קריגן אַזעלכע ביכער?

אַ צייט איז אַזוי פֿאַרבײַגעגאַנגען, און ראַיע האָט זיך נאָך אַלץ מיט קיינעם ניט געחברט. זי פֿלעגט אַרומגיין איינע אַליין אין די זוניקע נאָכמיטאָגס איבער די גאַסן.

עפּעס ווי אַ נייע האָט זי זיך איצט געפֿילט, ווי זי וואָלט פֿון זיך אָקאָרשט אַ שווערע שאָלעכץ געהאַט אַרונטערגעוואָרפֿן. מיט אַ נײַגעריקייט פֿלעגט זי זיך צוקוקן צו די זיך פֿאַנאַנדערבליענדיקע ביימער, ווי זי וואָלט זיי איצט צום ערשטן מאָל אין לעבן געזען. און מיט אַמאָל פֿלעגט זי אַ שפּרונג טון אין דער הויך, אָפּפֿליקן פֿולע הויפֿנס צווײַט פֿון אַ צווײַגל, הונגעריק אַרײַנציִען אין זיך זייער ריח, און דערנאָך אָנהויבן לעקן די ווייסינקע און קרעמעווע בליטן.

אָדער זי פֿלעגט מיט ברייט־פֿונאַנדערגענומענע גריקעס איינ נאָכקוקן די פֿאַרשיידענע באַוועגונגען פֿון חיות, פֿון הינט און קעץ, וואָס פֿלעגן זיך שפּילן אין די גאַסן. אַהיימקומענדיק, פֿלעגט זי ווידער מיט אַ פֿאַרכאַפּטן, קורצן אָטעם זיך בלינד מאַכן די אויגן אין דער פֿאַרנאַכט־טונקלקייט, איבער די בלעטלעך פֿון יענעם בוך. געפֿילט האָט זי דערביי, ווי עפּעס פֿליט זי טיף, אַזוי גיך, גיך, אַז עס כאַפּט אַוועק אַ שרעק; נאָר אין דער זעלביקער צייט ווערט זי אויך דערהויבן, ווי אַ ליכטיק פֿייגעלע.

די מאַמע האָט פֿאַר איר ביסלעכווייז, ביסלעכווייז געקראָגן אַליין מער אָפּשיי, ניט ווי פֿאַר אַ קינד, נאָר ווי שוין פֿאַר אַ דערוואַקסענער, לאַנג־אויסגעגעבענער טאָכטער, וואָס וואַרט ערגעץ אין אַ ווייטער שטאָט און קומט בלויז פֿון צייט צו צייט צו פֿאָרן אַהיים צו גאַסט.

אַמאָל פֿלעגט זיך ביילען אויסדרוקן, אַז איר קינד האָט גאָר קיין האַרץ נישט. אַזוי עגאָיסטיש און ניט־צוגעלאָזן צו מענטשן איז זי געווען. אָבער דעמאָלט פֿלעגט זי זיך דערמאָנען אָן אַ קליינער פּאַסירונג מיט ראַיען, ווען זי איז נאָך געווען גאָר אַ קליין קינד, פֿון אַ יאָר פֿינף־זעקס. — אַ פּאַסירונג, וואָס האָט באַוויזן גאָר עפּעס אַנדערש.

די געשיכטע איז געווען אַזאַ. בשעת די ווינטערדיקע קריסט־לעכע חגאות איז ראַיע געווען איינגעלאַדן צו אַ „יאָלקע". זי האָט זיך דאָרט מיט די קינדער געשפּילט און אַרומגעטאַנצט אַ גאַנצן אָוונט. מען האָט איר דאָרט אַ פֿולן פֿאַרטעכל מיט מתנות אָנגע־לייגט, ווייל זי איז געווען אַזאַ שיינאַרטיקע און אַזאַ כּפּריטנינקע, און האָט אָנגעפֿירט אַלע שפּילן, און האָט אויך אָנגעפֿילט אַלע חדרים מיט איר דראָבנעם, גליקלעכן געלעכטער.

אָבער מיט אַמאָל, אין מיטן שפּילן, טרעט זי אָפּ אָן אַ זייט פֿון אַלעמען, און שטעלט זיך אין אַ ווינקל. זי שטייט דאָרט אַ ווײַלע אַזוי פֿאַרטראַכט און קומט מיט אַמאָל צוריק צו לויפֿן אין מיטן זאַל, און שיט אויס אַלע שפּיל־צייג אויפֿן דיל. די דינינקע צאַצקעס צעברעכן זיך און צעשיטן זיך איבערן געוועקסטן פּאַרקעט.

און ראַיע צעוויינט זיך: זי וויל שוין, די מינוט, זאָל מען איר פֿירן אַהיים!

אַלע פֿאַרזאַמלטע האָבן זיך געוואונדערט, מיט וואָס מען האָט זי דאָ געקאָנט באַליידיקן: אַלע האָבן זיך דאָך ממש אַרומגעטראָגן מיט איר דעם גאַנצן אָוונט. נאָר ס'האָט גאָרנישט געהאָלפֿן: די מאַמע האָט זי געמוזט פֿירן פֿרי אַהיים.

ערשט אין דער היים, ווען ראַיע ליגט שוין אין בעט, כּלומרשט אַ שלאָפֿנדיקע, און די מאַמע הייבט זיך אָן באַקלאָגן פֿאַרן פֿאָטער, וואָס זי האָט אַזאַ שלעכט־צעלאָזן קינד, ווײַנט זיך דערמאָלט ראַיע פֿונאַנדער, און דערציילט, אַז זי האָט איינפֿאַך געמוזט פֿאַרלאָזן דעם אָוונט.

— דאָס האַרץ האָט איר דעם גאַנצן אָוונט אַזוי ווי געטאָן, וואָס מען האָט צו דער „יאָלקע“ אויך נישט פֿאַרבעטן סאָניקען — איינע אַן אָרעמע מיידעלע, אירע אַ חברטע... זי האָט שוין מער נישט געקאָנט אויסהאַלטן.

ראַיע האָט שוין לאַנג צוגעזען די שווערע, געדריקטע לאַגע אין שטוב. איינמאָל האָט זי אַפּילו אַ זאָג געטאָן דער מאַמען, אַז זי וויל אויפֿהערן גיין אין גימנאַזיע און וויל בעסער אַוועקגיין אין אַ גרויסן הוט־מאַגאַזין, זיך אויסלערנען פֿאַר אַ הוט־פּוצערין, כּדי קאָנען אַרײַנהעלפֿן אין הויז. לערנען זיך וועט זי שוין אין די אָוונטן; נישקשה, זי האָט אויף דעם כּוח: אַ מיידל איז זי שוין בײַ דער צײַט אויסגעוואַקסן אַ געזונט־דיקלעכע און אַ רויט־באַקיקע.

נאָר די מאַמע אירע איז פֿון דעם אַזש אַ פֿאַרציטערטע געוואָרן. זי האָט זיך פֿונאַנדערגעשריִען:

— אַזאַ גאָרנישט, אַזאַ קליינס, זאָל גאָר טראַכטן פֿון אַזוינס! אַ הוט־פּוצערין גאָר!

ראַיע האָט אויף דעם נישט געענטפֿערט. זי האָט נישט געקאָנט לײַדן, אַז עמעצער זאָל אויף איר שרײַען. אָבער בײַ זיך אין האַרצן האָט זי אַלץ געמאַכט פּלענער, ווי אַזוי סוף־כּל־סוף אָנהייבן אַרײַנהעלפֿן אין שטוב. זי האָט שטאַרק רחמנות געהאַט אויף דער מאַמען, כאָטש זי האָט זי איבעריק נישט ליב געהאַט.

# צום ווייטן לאַנד

## א.

ראַיע האָט זיך געפֿילט אַליין אין אָן פֿרײַנט, — אַ פֿרעמדע אין הײַז.

אין שטוב איז אַזוי הדריקנדיק. די אָרעמקייט שטאַרקט זיך מיט יעדן טאָג, עס הענגען די ראָזע גאַרדינען אויף די פֿענסטער, שוין אַ לאַנגע צײַט נישט קיין געוואַשענע. פֿעדימלעך און פֿרענזעלעך אין צײַטן הייבן אָן אַלע ווײַלע געבוירן ווערן בײַ די זוימען, חוצפּהדיקע אַזעלכע און אָפּשפּעטנדיקע. ס'איז שלעכט, כאָטש ערגעץ אַוועקפֿאָרן פֿון דאַנען. ווײַט.

זי האָט זיך געפֿילט דאָ, ווי אַ געפֿאַנגענע בת־מלכּה, וואָס איז אין דער פֿרעמד. ווי אַ גאַסט, וואָס האָט שוין צו־לאַנג דאָ פֿאַרבראַכט, און וויל שוין צוריקפֿאָרן.

מיט אַ פֿרייד האָט זי אַמאָל פֿון דער זײַט געהערט, ווי די מוטער רעדט מיט אַ שכנה פֿון שיפֿקאַרטן, וואָס קאָנען נאָך אַמאָל אָנקומען פֿון אַמעריקע — פֿונעם לעגענדאַרישן, פֿונעם ווײַטן לאַנד....

הערנדיק דאָס וואָרט „אַמעריקע", האָט זי פֿאַרמאַכט די אויגן, און געזען פֿאַנטאַסטישע ווײַטע לענדער: לענדער ווײַטע, ליכטיקע, זוניקע, אײַנגעטונקטע אין אַ שטילקייט פֿון בלוי־הציקן תּמוז־נאָכמיטאָג.

נאָך אַ שטיביקער איבערעגונג פֿלעגט זי אַרויס אויף דער וועראַנדע פֿון זייער האָטעל, וועלכער האָט געהאַט אַן אָפֿענעם אויסזיכט צום ים.

דורך די זיילן און פּאָרטיקעס פֿון דער וועראַנדע, וואָס איז מיט יאָרן צוריק געבויט געוואָרן פֿון איינעם אַ טראַפּיזאָנדער גריך אינם סטיל פֿון אַן אַלט-העלעניש היכל, האָבן זיך אַרויסגעזען די בלויע פֿעלדער פֿונם אַזאָווער ים.

ראַיע האָט דורך זיי אַרויסגעקוקט צו דרום-צו, צום יעניקאַלישן וואַסער-פּאַס, דורך וועלכן עס קומען אָן אַהער די שיפֿן פֿון אַ שיינער לעגענדע — פֿון די לענדער פֿון מזרח און די לענדער פֿון מערב.

אין יענע ווייטע לענדער, איצט אין דער פֿאַרנאַכטיקער שעה, שפּאַצירן האָרט אַדם פֿרויען מיט איילבערטיקע געזיכטער, ווי אידע, פֿון די וואַלן, וואָס דעקן צו די האַלבפּנימער, פֿייערן אַרויס בענקענדיקע אויגן. ווייסע טורעמס בלישטשען איצט אין דער פֿאַרנאַכטיקער שעה שטאַרקער אין דעם שקיעה-פֿלאַם.

זיצנדיק אַזוי איינער אַליין אין דער קאַלטער מאַרמאָרנער וועראַנדע, האָט זי זיך דערמאָנט אָן אַ העלדין פֿון דער אָדיסעע, וועגן וועלכער זי האָט מיט אַ צייט צוריק געהאַט געלייענט; ווי יענע איז געזעסן אַליין אויף אַן אינזל, און געוואַרט אויף איינעם, וואָס האָט געזאָלט קומען מיט אַ ווייט-באַזעגלטן שיף פֿונם ים, און איר אויסלייזן. זי, ראַיע, האָט זיך אויך געפֿילט אַזוי, — אַ געבונדענע. איר ווילן, ווי אַ בייזע פֿיל-פֿאַרביקע שיינע שלאַנג, איז געווען אין אַ קנויל צוזאַמענגעדרייט. ער האָט זיך געדאַרפֿט ערשט פֿונאַנדערקנוילן, איר ווילן, צוזאַמען מיט די גרויסע פֿאַרלאַנגען, וואָס פֿילן אָן איר ציטערדיק האַרץ.

שיפֿן אויסגעשפּרייט-באַזעגלטע און פֿיל-קוימענדיקע, זיינען געפֿאָרן איצט פֿאַזע דעם ים-ברעג צו די נאָענטע קאָזאַקישע שטעט, און אַרונטער-צו, צום שוואַרצן ים, — שיפֿן אָנגעלאָדענע מיט פֿישן, און תּבֿואות,* און זימען-אייל.

פּונקט, ווי אַט יענע העלדין פֿון דער אָדיסעע, האָט זי זיך איר אויך שטאַרק געבענקט נאָך אַ מענטשן, וועלכער זאָל קומען און זי פֿון דאַנען אַוועקנעמען. דאָ אין הויז האָט זי זיך געפֿילט אַזוי איינזאַם. און כאָטש זי האָט דעם טאַטן איר'ן אויך קיינמאָל נישט ליב געהאַט. האָט דאָך געפֿעלט איצט אין שטוב זיין שוויינ-

דיקער, זיין פֿאַרמדה־שתּורהטער אַרומגיין, און שטים איז געוואָרן איצט, נאָך זיין אַוועקפֿאָרן, נאָך פֿיכטער.

און מיט אַמאָל האָט איר אַ קלאַפּ געטאָן אין האַרצן:

— אפשר איז זי טאַקע שוין גאָר קיין מענטש נישט... ווי — אָט שוין באַלד אַ פּאָר יאָר, ווי דער טאַטע אירער איז אַוועקגעפֿאָרן, און כמעט קיינמאָל האָט זי פֿון אים נישט אַ טראַכט געטון!... אַ וואַילע טאָכטער! וואָס קאָן טאַקע, אַן ערך, דער טאַטע איצטער טאָן אינם אָנקומענדיקן אָוונט?

ווייל אָוונט האָט זיך שוין אַרונטערגעלאָזן. דער מאַרמאָר פֿון די קאָלאָנען האָט זיך קוים געראָזט אין דער בלויקייט. איר געירשנט שוואַך האַרץ האָט איר איצט, ווי געוויינלעך, אין אַ פֿאַרנעם, אַ געדיכטן אָוונט, נאָך שווערער אָנגעהויבן צו דריקן, צוליב די בייטאָגיקע איבערעגונגען אין דער פֿייכטקייט, וואָס האָט זיך איצט פֿונם ים אַהער געטראָגן: די פֿייכטקייט פֿלעגט תּמיד פֿאַרשאַרפֿן דעם האַרץ־פֿעלער אירן.

אויף דער וועראַנדע איז געוואָרן קילער. אַ פֿאַרנאַכטיק ווינטל האָט גערוישט אין די אַקאַציע־בלעטער און זיך געפּלאָנטערט אין די קריך־פֿלאַנצן און אין דעם ווייַנרעב אַרום די מאַרמאָר־זיילן. ראַיע האָט זיך אײַנגעגורט אין אַ ווינקל אָטאָמאַנע. דער אַקאַציע־ריח האָט זי געשלעפֿערט.

אַ ווייכלעך־גרויער טומאַן האָט זיך איבערן וואַסער פֿאַרצויגן. און דורך דעם האָזיקן טומאַן־שלייער האָבן צום ברעג געבלאָנדזשעט די לאַמטערנעס פֿון גרויסע ים־שיפֿן, ווי אויגן פֿון אומגעוויינלעך־ריזיקע פֿיש, וואָס האָבן פֿון וואַסער אַרויסגעקוקט אומהיימלעך, שרעקעדיק־וואָרענענדיק האָבן אָנגעהויבן באַלד צו בלאָזן די סירענעס.

צי ווייל זי איז געווען מיד און צעבראָכן פֿונם גאַנצן טאָג; צי פֿונם אויפֿגעוועקטן האַרץ־ווייטאָג; אָדער גאָר ווייל מחמת דער געדיכט־ווערנדיקער נעפּלדיקייט האָט איר איבערגעפֿעלט לופֿט, נאָר פֿונם האַלב־שלאָף האָט זי איצט שטאַרק געקרעכצט. זי האָט זיך באַלד אַוש אָנגעהויבן וואַרפֿן אין שלאָף, קאָנטיק, אַז איר האָט איצט טאַקע איבערגעפֿעלט לופֿט: מיט בלינדע, שלאָפֿנדיקע הענט

האָט זי נאָכאַנאַנד געצופּט איר ברוסט, וואָס האָט זיך די גאַנצע צייט שווער־אָפּגעהאַקט געהויבן.

דאָס קרעכצן האָט זיך וואָס אַמאָל אַלץ מער פֿאַרשטאַרקט.

און פּלוצים, מיט אַ ווילדן דערשראָקענעם געשריי, האָט זי זיך אַ ריס געטאָן בײַם קאָפּטל, מיט אַמאָל אַ כאַפּ־אויף געטאָן, אַ שפּרונג אַרונטער געגעבן פֿון דער אָטאָמאַנע און געבליבן אַזוי שטיין, אַ סאָפּענדיקע, אַ פֿאַרשוויצטע, אַן אויסגעמאַטערטע, בליקנדיק מיט שרעקנדיק־פֿאַנאַנדערגענומענע אויגן צום יב־צו.

דאָס האַרץ אירס האָט שטאַרק געשלאָגן און געשפּרונגען. איפּן ים איז איצט גאָרנישט געווען צו זען. די שרעקנדיקע שיף־אויגן האָבן נאָך אַלץ אין דער נעפּלדיקייט אַרומגעבלאָנדזשעט. נאָר ערשט מיט אַ ווײַלע צוריק האָט זי דאָך, דוכט זיך, אַזוי דײַטלעך געזען, ווי פֿון דער ווײַסלעך־גרויער נעפּלדיקייט, וואָס האָט דעם ים־בלוי איצט פֿאַרדעקט, האָט זיך אַ צעפֿלאָסן־מילכיקע געשטאַלט אויפֿגעהויבן, אַ שטיל און בלייך געשטאַלט, אײַנגאַנצן אַרומגעוויקלט מיט ווײַסלעכע אַרונטערהענגענדיקע און צעפֿליקטע לײַלעכער. אַ ווייך־רחמנותדיק פּנים האָט די דאָזיקע געשטאַלט צו איר אַזוי נאָענט צוגערוקט, אַז זי האָט נאָך אַפֿילו איצט געקענט פֿילן אויף אירע באַקן אַ קאַלט־נאַסע וואַכעדיקייט. און דאָס דאָזיקע פּנים האָט צו איר גערעדט מיט אַזאַ מין טויבלעך־איבערגעהילטן ווידערקול, פֿאַרצווייפֿלט און פֿאַרטרוילעך, שטיל און אָן טרייסט:

— זעסט, טאָכטער מײַנע... איך מוז שטאַרבן אין דער פֿרעמד... מײַן ווײַב און קינדער קאָן איך אַפֿילו נישט זען פֿאַר מײַן טויט... אַפּנים, אַז אַזוי איז עס שוין מיר באַשערט: געלעבט האָב איך אין דער פֿרעמד, און געשטאָרבן אין דער פֿרעמד.

און, אַן אומעטיקלעך־פֿאַרמרה־שחורהטער, פּונקט ווי זי האָט אים פֿון אַמאָל געדענקט, האָט ער זי באַרירט מיט זײַנע קאַלטע ליפּן. די דאָזיקע באַרירונג איז איר ווי איבערן גאַנצן לײַב אַדורך און זי האָט זיך אויפֿגעכאַפּט.

עס איז געוואָרן איצט טונקעלער אין דרויסן און קילער. מ׳האָט

געהערט, ווי א רעטונגס־גלאָק האָט איבערן נאָענטן פאַרנעפּלטן וואַ־ סער געקלונגען.

און איבערגעצייטערטע איז ראָיע אין שטוב אַריינגעלאָפן. אַ שטיק צייט איז זי איבערן קראַן אַזוי געשטאַנען — טאַקע גאָר ווי איר פאָטער אַמאָל — און דאָס פּנים זיך נאָכאַנאַנד מיט זייף און קאַלט וואַסער געריבן, — געריבן אָט יענע באַק, אויף וועלכער זי האָט געפילט די באַרירונג, ווי זי וואָלט געוואָלט אָפּוואַשן עפּעס אַ פלעק...

זי האָט זיך נאָכדעם, אינגאַנצן אָנמעכטיק, קוים צוגעשלעפּט צו אַ ליידיקן חדר און איז אויף אַ בעט אַרויפגעפאַלן.

און אין דריי וואָכן אַרום איז אָנגעקומען אַ „זאַקאַזנאָיע" בריוו, אַ בריוו, אַ באַקלעפּטער מיט גאָר אַ סך מאַרקעס.

דער בריוו איז געווען געשריבן אין יידיש. האָבן נישט די מוטער און נישט די טאָכטער אים געקאָנט איבערליינען. נאָר ס'איז גראָד אָנגעקומען די באָבע, האָט אַרויסגענומען די קלאָרע שפּאַקולן אירע פון קרבן־מנחה אַרויס. און אַ ציטערדיקן קול, ווי זי וואָלט זיך אַליין איצט „געזאָגט" דעם מעבר־יבק, האָט זי אי־ בערגעלייענט דעם קורצן בריוועלע, אַ בריוועלע אין געדריידלטע, גע־ צאַצקעטע אותיות, וואָס דער ווייטלעכער קרוב אין פילאַדעלפיע, אַמעריקע, האָט זיי צוגעשיקט.

„— קרוב צו דעם פרימאָרגן פון יום ד' פרשת נשא ית־... לפ"ק, האָט ר' זכריה בן יוסף המכונה פיקודא איבערגעגעבן זיין נשמה פון אַ האַרץ־חלשות, וואָס אַזוי זאָגט עס דער רופא. ער איז נאָך דעם זעלבן טאָג געבראַכט געוואָרן צו קבר־ישראל. אויב ס'איז געבליבן אַ זכר, זאָל ער זאָגן נאָך אים קדיש. תנצב"ה."

נאָר קיין זכר איז נאָך אים נישט געבליבן, און קיינער האָט נאָך אים קיין קדיש ניט געזאָגט.

ב.

אין אַ ליכטיקן פאַרנאַכט האָט זיך זאַכאַרי פיקודא אַרומגע־ בלאָנקעט איבער די טומלדיקע צענטראַל גאַס פון ד"ר שטאָט פילאַ־

דעלפֿיע, וואָס ליגט בײַם ד ע ל א ו ו י י ר - ט י י ך. גאַס-אײַן, גאַס-אײַן איז ער געגאַנגען. געוואָלט פֿאַנאַנדערזייען דעם אומעט און די בענקשאַפֿט אין דער טומלדיקייט פֿונם אַרונטערנידערנדיקן גרויס-שטאָטישן אָוונט, נאָר נישט געקאָנט.

נישט די ווײַסלעכע פֿלאַמען פֿון די עלעקטרישע לאַמטערנעס, וואָס האָבן איצט אויף די שיין-פֿאַרפּוצטע פֿאַרקעט- און טשעמאָדאַן-גאַסן אויפֿגעשײַנט, און נישט די טונקעלע גלאַזן, וואָס האָבן אינם אָוונט אָנגעהויבן אויפֿצולײַכטן אין דער שוואַרצקייט פֿונם אַספֿאַלט אויף דער ברייט-ליכטיקער בראָאָד סטריט, האָבן זײַן אומעט געקאָנט פֿאַרטרײַבן. ער איז אַרומגעגאַנגען אַ פֿרעמדער און אַ פֿאַרלוירענער.

דעם גאַנצן נאָכמיטאָג איז ער שוין אַזוי אַרומגעגאַנגען, פּונקט, ווי אַ סך אַנדערע נאָכמיטאָגס פֿריער. ער האָט שוין איצט אַפֿילו מער קיין חשק נישט געהאַט צו פּרוּוון זײַן מזל אויף נאָך אַ פּלאַץ. ער איז געווען מיד.

אים, זאַכאַרין אַליין, איז שוין איצט געווען אַלץ איינס, אויב ער וועט האָבן אַרבעט, אָדער נישט. מער נישט, זײַן האַרץ האָט אים ווי געטאָן פֿאַר זײַן ווײַב און קינדער, וועלכע זײַנען טויזנטער מײַלן ווײַט פֿון אים, און קיין אויסזיכטן האָט ער נישט אַריבערצונעמען זיי אַהער. איז ער אַזוי אַרומגעגאַנגען אַן אָפּהענטיקער דעם גאַנצן זוניקן נאָכמיטאָג.

בײַטאָג, ווען די אָנהייב-זומערדיקע זון האָט געהאַלטן אין רעכטן בראָטן, האָט אין אים פֿונדעסטוועגן דאָס לעבן אויפֿגעקוואָלן און זיך פֿאַרשטאַרקט. אַ נײַגעריקייט און אַ חשק האָבן אים אַרײַנגעשטופּט אינם מענטשן-געדראַנג, וואָס האָט געשטראָמט איצט אין די אַרײַנגאַנגען פֿון דער גרויסער טונקעלער מויער פֿון דער פֿילאַדעלפֿיער מוניציפּאַל-געבײַדע, וועלכע האָט זיך געטורעמט הויך און צום הימל-צו. מיט נאָך אַן עולם מענטשן איז ער מיטן ליפֿט צום הויכן טורעם אַרויפֿגעפֿאָרן, און אויפֿן קײַלעכדיקן בריקל, וואָס רינגלט אַרום דעם טורעם, זיך אַרומגעדרייט, ווי אַ מילב.

אַרכיטעקטאָניש-שלעכט אויסגעלייגט און ווילד געפֿלאַנצט איז די שטאָט אונטן געלעגן, צעלענטעוועט און צעפּאַסט. פֿונדער-

ווייטן, פֿונם נײַװי־יאַרד*), דרום־צו, האָט זיך אַ בלישטשענדיקע בליִקייט געצויגן: דאָס וואַסער פֿונם דעלאַווער־טײַך, וואָס האָט אין דעם אַטלאַנטישן אָקעאַן זײַנע שטילע וואַסערן געטריבן. אױבן איז געלעגן די שטאָט, אַ זיך־דרייענדיקע, אַ זיך־קאָכנדיקע, ווי אַ צעפּערטלטע שלאַנג. קליין־ברעקלדיק האָט די שטאָט אויסגעזען אויפֿן ברייטן פּלאַכלאַנד, און נישטיק — ווי אַ בית־עולם, וואו אויף די מתים איז מיט אַמאָל אָן אומרויִקייט באַפֿאַלן און זיי האָבן זיך אָנגעהויבן ראַיען פֿון די קברים אַרויס.

און אַזוי אַרומגייענדיק איבערן בריקל, וואָס האָט אַרומגעגאַרטלט דעם טורעם, האָט זיך זאַכאַרי פּלוצלונג דערמאָנט אָן אַ מעשה, וואָס ער האָט גאָר לאַנג צוריק, אין דער קינדהייט־שטאָט אין דער ליטע, אַרויסגעלערנט פֿון חומש. עס איז שוין געווען אַזוי ווייט און אַזוי לאַנג צוריק, אַז ער האָט קיים געקאָנט גלויבן, אַז דאָס איז ער, וועלכער האָט די מעשה געלערנט. פֿאַרוואָר: און אויך מענטשן זײַנען דאָך פֿאַראַן עטלעכע מענטשן, אַ סך מענטשן.

אַ מעשה מיט משהן, דעם פֿאָטער פֿונם יידישן פֿאָלק, וועלכער איז פֿון אַ האַנט אַרויפֿגעפֿירט געוואָרן אויפֿן באַרג נבו. אינם שקיעהדיקן ליכט פֿון זײַן לעבנס־פֿאַרגיין, אין דעם אונטערגאַנג פֿונם טאָג, האָט אים גאָט יענע האַנט אָנגעוויזן דאָס באַגראָזט־פֿעטע לאַנד אויף יענער זײַט ירדן, וואוהין ער וועט שוין קיינמאָל נישט אַרײַנקומען.

און נאָך האָט די איצטיקע מינוט, שטייענדיק אַזוי אויפֿן הויכן טורעם, זאַכאַרין דערמאָנט אָן אָן אָוונט אויף אַ באַרג מיט אַ פּאָר יאָר צוריק, אויף אַ באַרג אין דער שטאָט בײַם אַזאָווער ים, — די שטאָט, וועלכע איז שוין פֿאַר זײַנע קינדער אַ היים געוואָרן:

ער איז דעמאָלט אַרומגעגאַנגען אינם בלייען הויזן אַרום דער מאַרמאָרנער, אינעווייניק שטאַרק־באַלויכטענער שול, זיך צוגעהערט צום קבלת־שבת ניגון, וואָס האָט זיך אַרויסגעטראָגן דורך די אָפֿענע פֿענצטער, און אַליין, ווי אַ פֿאַרטריבענער, דעמאָלט זיך אַרומגע־

---

*) אַ האַפֿן פֿאַרן בעפֿוי פֿון קריגס־שיפֿן.

דרייט דרייסן דער שול אין אַרונטערגעבליקט מיט בענקשאַפֿט צום פֿייער־פֿאַרשפּרייטן ים ביים פּיס־ברעג.

— במה מדליקין ובמה אין מדליקין...

שפּעטער מיט אַ שעה, אַז ער איז אַהינטער פֿלגל טורעם, האָט זיך זאַכאַרי אַ לענגערע צייט אַרומגעדרייט איבער די אָונטיק־רוישיקע גאַסן פֿון דער שטאָט פֿילאַדעלפֿיע. נאָר ער האָט אַלץ נישט געקאָנט שטילן דעם אַלטן נאָגנדיקן ווייטאָג, וואָס האָט זיך אין אים די לעצטע טעג איבגעוועקט נאָך מיט מער פֿרישקייט. אַזוי ווי ער האָט נישט געהאַט קיין טראַמוואַי־געלט, האָט ער זיך געלאָזט צו־פֿוס אַהיים, אויף דער שמאָל־ענגער עמילי־גאַס.

אָנקומענדיק צו סאוטאַ־סטריט, איז ער געבליבן שטיין און פֿאַרוואונדערט־פֿרעמד אָנגעקוקט דאָס אַרומיקע. עס האָט געשטיקט און געשטונקען אין דער דאָזיקער גאַס. עס איז דאָרט געווען אַזוי אָנגעשטאָפּט געדיכט. יידן, איטאַליענער און נעגערס זיינען געווען אויסגעמישט. דער ריח פֿון שוויצנדיקע נעגער־לייבער האָט פֿאַרכאַפּט ביים האַרצן. יידישע פּנימער־בלייכקייט האָט זיך געווייסלט קעגן דעם בראָנז און שאָקאָלאַד פֿון די נעגערישע ווילד־פֿריילעכע געזיכטער.

— יאָ, — האָט זאַכאַרי געטראַכט — דאָ, צווישן די יידן, וואָס ער האָט געדענקט ער וועט שוין ווי אַן איינגן־היימישער זיינע פֿאַרבליבענע טעג דורכלעבן, האָט ער זיך ערשט דערפֿילט העכסט־פֿרעמד. ער איז אַרומגעגאַנגען גאַנצע טעג, און האָט געהאַט דאָס געפֿיל, ווי ער גייט אַרום אין חרוב־געוואָרענע גאַסן, ווי אין אַ שטאָט נאָך אַ שריפֿה. אין דער שטאָט ביים אַזאָווער ים האָט ער געוואוינט צווישן טאָטערן און אַרמענער. אָבער דאָ איז ער דאָך אויך ניט אויסגעלייזט געוואָרן: ווידער איז ער אַריינגעפֿאַלן צווישן ווילד־פֿרעמדע שבטים, צווישן אַפֿריקאַנער. אַ סימן האָט ער אין דעם געזען, אַז אַ פֿאַרשווינדעניש קומט אָן אויף זיין פֿאָלק, אַ צונויפֿמישעניש מיט ווייט־ווילדע שטאַמען, אָט ווי עס האָט געטראָפֿן אַמאָל מיט די עשרת השבטים.

— גאָט מיינער, האָט ער אין דער שטיל גערעדט, — פֿאַרוואָס

דאַרף איך מיך אומעטום, מײַן גאַנץ לעבן, שוין פֿילן אין דער פֿרעמד?

פֿון איין אַרבעט צו דער אַנדערער האָט ער זיך דאָ געוואָרפֿן פֿאַר דער קורצער צײַט, וואָס ער איז געווען אין אַמעריקע. און סוף־כּל־סוף האָט ער געמוזט — אַ דאָקטאָר אין איינעם אַ שפּיטאָל האָט עס אים געהייסן — איבערגעבן די „דושאָבס" אין די שטיקנדיק־פֿאַרמאַכטע פֿאַבריקן, צוליב זײַן האַרץ־פֿעלער. די לעצטע צײַט איז ער גאָר אַרומגעגאַנגען אָן אַרבעט.

און וואָס וועט זײַן מיט דער ווײַב און די קינדער מײַנע — האָט עס זאַכאַרין די גאַנצע צײַט געעגבערט.

עס האָט זיך קיין אַרויסגעזען אַ מעגלעכקייט, אַז ער זאָל זיי אײַנגיכן קאָנען אַריבערנעמען אַהער. און וואָס וועט שוין זײַן, אַז ער וועט זיי שוין יאָ אַריבערנעמען אַהער? איצטער איז ער כאָטש אַליין בלויז פֿרעמד און יענע האָבן דאָרט אַ היים. שפּעטער, אַז ער וועט די משפּחה זײַנע אַהער אַריבערברענגען, וועלן זײַנע קינדער איך פֿאַרלירן אַ היים.

— פֿאַרוואָס־זשע דאַרף ער, אַז זיי זאָלן זײַן אַזוי פֿאַרשאָלטן, ווי ער?

טעג גאַנצע בלענט ער שוין דערנאָך אַרום אין דעם סטראַבערי מענשאַן פּאַרק, קלעטערן אויף בערג און נידערן אין טאָלן, און טאַפּטשען מיט די פֿיס די דיקע פּלאַסטן אָנגעפֿאַלענע בלעטער, וואָס פֿוילן דאָרט אין דער וואַלד־טונקלקייט שוין פֿון כּמה יאָרן אָן. ער האָט געוואָלט, אַז ער זאָל אַליין אײַנגיכן אָנהייבן דאָ פֿוילן, פֿוילן און פֿונאַנדערפֿאַלן און זיך צונויפֿמישן מיט דעם שטויב פֿון די בוימער, און נישט ווערן.

און איינמאָל, זיצנדיק אַזוי בײַם ברעג פֿונעם סקולקיל־טײַך, פֿאַרטאָן אין מחשבות, איז אין אים ביסלעכווײַז אויסגעוואַקסן דער געדאַנק, — אויסגעוואַקסן פֿאַמעלעך און זיך־ציִענדיק, ווי דער נעפּל פֿונעם שטילן טײַך אַרויס, — דער געדאַנק, אַז זײַן לעבן איז שוין אַ פֿאַרלוירענער און אַן אָפּגעדאַקטער: עס גייט דאָך ממש פֿאַר זײַנע אייגענע אויגן אַזוי פֿאַמעלעך אויס, — אַ שטיל, זיך־

שמעלצנדיק ליכט, וואָס לאָזט איבער איף אַלע טישן, וואו עס ברענט, בלייכלעך־ווייכע חלב־פלעקן: דערינערנגען פון דעם, אַז אַמאָל האָט דאָ אַ ליכט געברענט. אומעטום לאָזט ער איבער נאָך זיך ביסלעכווייז זיך־פאַרווישנדיקע סימנים, און אַליין ווערט ער גאָרנישט.

איז איב ס'איז אַזוי, איז פאַרוואָס דאַרף ער עס וואַרטן ביז וואַנען זיין ליכט וועט נישט ווערן און אויסגיין פון איגענער אויסגעברענטקייט, אָדער גאָר אויסגעלאָשן ווערן פון אַ לאַדע פרעמדן ווינטל?

און זאַכאַרי האָט ווייטער געדאַכט, בשעת ער איז ביחידות אַזוי געטראָטן איבער די פאַרטריקנט־צעפּילטע און פאַרשימלטע בלעטער, וואָס אין דער צווישן־ביימער טונקלקייט פונם אוראַלטן כטראַבעי מענשן פאַרק:

— וואָלט אפשר לייטישער און שכלדיקער געווען, ווען ער וואַרט נישט, זאַכאַרי, און נעמט און שניידט זיך אַליין זיין לעבן איבער?

און ווער ווייס, וואָס נאָך פאַר אַ מחשבות זיינען אים דעמאָלט דורכן פאַרטונקלטן מוח דורכגעגאַנגען, אין דער שטענדיקייט פונם אוראַלטן פאַרק. די תמידע מרה־שחורה איז אין אים לעצטנס נאָך שטאַרקער געוואָרן. אַליין, אַליין אַרום, איז אַזוי אָומעטיק... און דורכן אומבאַשטערנטן אָוונט האָט ער סוף־כל־סוף זיך געלאָזט גיין צום קליינעם הויז איף עמילי כטריט, וואו ער איז איינגעשטאַנען ביי אַ ווייטן קרוב. ער האָט זיך געשלעפּט אַהין אַ שווייגנדיקער, מיט אַ פאַרטונקלטן געזיכט און מיט אַ בליק, ווי תמיד, פאַרטיפט אין זיך.

ג.

אַז ער איז אָנגעקומען אַהיים איז שוין געווען אָנהייב־נאַכט.

אינטן, אין עס־צימער, זיינען ביים טיש געזעסן מענטשן און געגעסן וועטשערע. זייערע פּנימער זיינען געווען באַליכטן פונם לאָמפּ, וואָס האָט אַ היימישע ליכטיקייט אַרום זיך געשפּרייט. אַ

שווייַגנדיקער איז ער זיי פֿאַרבײַגעגאַנגען, אַרײַן צו זיך אין חדר, אין דער היים, אויפֿן צווייטן גאָרן, און גענומען אײַנפּאַקן זײַנע זאַכן. ער האָט נאָך דערווײַלע ניט געוואוסט אַפֿילו, וואוהין ער גייט.

און אַ קורצער ווײַלע אַרום איז ער שוין געשטאַנען אונטן, אינם עס-צימער, אַ טשעמאָדאַנטשיקל אין האַנט, און געזאָגט די שטיפֿקע אַ גוטע נאַכט. ער קלײַבט זיך היינט אַרויס.

און מחמת ער איז פֿון תּמיד אָן געווען אַ שתקן, און אַלץ געגאַנגען זײַן אײַנזאַמען וועג פֿאַר זיך, האָבן די שטיפֿקעס שטענדיק אויף אים געקוקט, ווי אויף אַ שאָטן, ווי אויף אַ נישט-היגן: זיי האָבן שוין אַלעמאָל פֿון אים דערוואַרט עפּעס אַזוינס, אויף וואָס קיין געוויינלעכער מענטש איז נישט מסוגל. פֿאַרשטייט זיך, מען האָט אים געשטעלט אַ פּאָר פֿראַגעס: וואוהין עפּעס פּלוצלונג אַזוי, און נאָך אין מיטן דער נאַכט? און וואָס איז אים דאָ נישט גוט? און וואָלט ער אפֿשר אָפּגעלייגט אויף מאָרגן? און וואוהין קלײַבט ער זיך דען — האָט ער דען געלט?

די שטיפֿקעס, זײַנע קרובֿים, האָבן זיך זייער באַאומרויִקט איבער אים; ער האָט אויסגעקוקט אַזוי בלייך, ווי ער וואָלט געווען שטאַרק קראַנק, אָדער וואָס...

און ווען ער איז שוין, האָבנדיק געענטפֿערט אויף אַלעמענס שאלות בלויז מיט אַ שטילן שמייכל, געווען אויף יענער זײַט טיר, האָבן זיך די אַרומגעקליבענע מענטשן אַרום טיש אָנגעקוקט איינס דאָס אַנדערע מיט שווײַגנדיקע און אומהיימלעכע פּנימער. יעדער פֿון זיי האָט אומגעפֿער געטראַכט אַזוי:

— אויב דער האָזיקער מענטש האָט זיי אַלעמאָל אויסגעזען, ווי אַ שטילער שאָטן, האָט ער איצט זיכער געהאַט אַ פּנים, ווי אַ שאָטן פֿון אַ מת...

אַ שאָטן פֿון אַ מת האָבן זיי טאַקע קיינמאָל נישט געזען, אָבער אַזאַ מענטשן האָבן זיי אויך קיינמאָל נישט געזען.

זאַכאַרי אַליין האָט זיך אָבער איגט גאָרנישט געפֿילט קראַנק, אָדער שלעכט. פֿאַרקערט, ער האָט נאָך פֿאַרמאָגט איצט אין קע-

שענע אַ פּאָר דאָלער. איז ער אַוועק אין אַן ערשט־קלאַסיקן רייכן האָטעל און זיך דאָרט גענומען אַ שיינעם חדר. און נאָכדעם, ווי ער האָט פונאַנדערגעפּאַקט זיינע זאַכן און אָנגעצונדן אַלע עלעקטרישע לאָמפּן, ווי צו עפּעס אַ גרויסן יום־טוב, האָט אים אויבגעקומען אַ שאַרף הייליש־פרייליך געפיל. אינעם רויט־געלן עלעקטרישן ליכט האָט ער געזען איצט זיין היים, די ווייטע, אין דער שטאָט ביים אַזאָווער ים, — אויך אין אַ האָטעל. אָ, די האָטעל־אַטמאָספערע איז אים געווען, זאַכאַרין, ווי וואַסער פאַר אַ „פיש". האָט ער האָך זיין גאַנצן לעבן אין אַ האָטעל פאַרבראַכט.

דריי טעג און דריי נעכט איז ער אין דעם האָטעל אָפּגעווען, און איז פאַר דער גאַנצער צייט קיין איין מאָל אין גאַס נישט אַרויסגעגאַנגען. ער איז אַליין אַרומגעגאַנגען הין און צוריק, הין און צוריק, ביז ער האָט אַ סטעזשקע ביי זיך אין חדר אויסגעשפּאַנט: אַ סך זאַכן האָט ער געמוזט פאַר דער צייט, וואָס ס'איז אים פאַרבליבן, איבערדענקען און איבערישובן, און צו באַשליסן איבער זיי אָנקומען; ער האָט נישט געוואָלט אַוועק פון דאַנען אַ זך־נישט־קלאָרער. און לסוף האָט ער טאַקע דערזען זיין וועג.

מסתמא דערפאַר, וואָס ער איז געזעסן אַזאַ לאַנגע צייט אין שטוב, האָט ער דעם דריטן טאָג געקראָגן אַ קאָפּ־ווייטאָג און הייכע היץ. דער קאָפּ־ווייטאָג איז אפילו באַלד פאַרשוואונדן, נאָר די היץ האָט זיך וואָס אַ מינוט אַליין מער געשטאַרקט, און איז לסוף אַריבער אין אַ פיבער.

נאָר נישט געקוקט אויף זיין פיבער, האָט ער זיך אַ גאַנצן טאָג געוואַשן און גערייניקט. ער האָט אַ גאַנצן טאָג כמעט אַליין געהאַלטן אין איין נעמען הייסע וואַנעס. ער איז איצט געוואָרן שטיל באַרויקט.

ערשט פאַרנאַכט, אַ ריין־אויסגעפּוצטער און אַן אַרומגעוואַשענער, איז ער אַראָפּ אינעם אויפנאַמס־צימער פונם האָטעל.

אינעם גרויסן צימער איז געווען דעמאָלט בין־השמשותדיק טונקל. בלויז די שוואַרצלעכע אָפּגלאַנצן פון דער פּיאַנע האָבן

מיט פֿייערדיקער שוואַרצקייט געלויכטן. די טריט זײַנע האָבן אָן אַן אָפּקלאַנג געזונקען אין דער ווייכער איבערגעבעטקייט פֿון די גאָלדענע טעפּעכער. אין טיפֿע שטולן זײַנען געזעסן אייניקע שמועסנדיקע האָטעל־געסט, נאָר זאַכאַרי האָט איצט קיינעם נישט געזען. אים האָט זיך אויסגעדוכט, אַז זײַן עגאָצענטריזם, אַז די שווערע טונקלקייט איז דאָ געווען אַרויסגעלאָזן פֿון אַן אומגעזעענער, אָבער שוואַרצער טיר — אַרויסגעלאָזן בלויז צוליב אים.

אויף דעם פּיאַנע־שטול איז געזעסן אַ יונגע פֿרוי מיט נאָך אַ מיידלשער פֿיגור, זי האָט איצט געשפּילט די ערשטע טאַקטן פֿון בעטהאָווענס צוועלפֿטער סאָנאַטע. און באַלד האָבן זאַכאַרין אַרומגעוויקלט די אַבלדיק־שוואַרצע אַקאָרדן פֿון דער „Marcia funebre sulla mor e d'un eroe". זיי האָבן אים אַרומגעוויקלט, ווי מיט לופֿטיקע, ווייסע תכריכים און די אויגן אים מיט ליבשאַפֿט פֿאַרמאַכט. אין דער טאָפּלטער טונקלקייט, וואָס אונטער די אויגנדעקלעך, האָט ער באַלד דערזען אַ בראָנצענע אַ פֿייערלעכע, אַ פּראָצעסיע פֿון יידן אין שוואַרץ־לאַנגע קאַפּאָטעס; זיי זײַנען געגאַנגען פּאַמעלעך, מיט אַראָנטערגעלאָזענע קעפּ, — זיי זײַנען געגאַנגען נאָך זײַן מיטה.

דאָס מיידל, וועלכע איז געזעסן בײַ דער פּיאַנע, האָט געהאַט אַ שטאַרק־טונקל הויט, שוואַרצע ברעמען און פֿײַכטע האָר, גלאַט פֿאַרקעמט איבערן קאָפּ, מיט אַ בלייכלעכן שוונט אין מיטן: אין דער טונקל האָט זי שטאַרק אויסגעזען, ווי זײַן טאָכטער, ווי ראַיע. האָט ער זי געבעטן, זי זאָל שפּילן נאָך, און דאָס מיידל־טאָכטער האָט אים צוליב געטאָן און ווײַטער געשפּילט.

און בשעת זי איז אַזוי געווען, מיט אַן איבערגעגעבענעם אין האָפֿעדיק־פֿאַרוואָרפֿענעם קאָפּ פֿאַרטיפֿט אין די הויך־און פּשאַלנדיקע טענער פֿון בשׂורה און טרייסט, וואָס געפֿינען זיך אין דעם שפּעטערדיקן מאָטיוו פֿון דער צוועלפֿטער סאָנאַטע, האָט זאַכאַרי פּיקאָדאַ דערמאָלט זיך שטיל פֿונם חדר אַרויסגעגנבעט און איז אַוועק צו זיך.

פּאַמעלעך און ניט געאײַלט האָט ער זיך אויסגעטאָן, האָט

אָנגעטאָן זײנע װײס־זײדענע פּאָדזשאַמאַס און דעם ליכטיק־געשטרײפטן
באָר־כאַלאַט, װאָס ער האָט נאָך פֿון דער הײם מיטגעבראַכט.

דעם צימער האָט ער גענומען און באַשפּריצט מיט פּאַרפֿומען און שמעקעדיקע װאַסערן, אַזױ װי ער װאָלט זיך געגרײט עמעצן אַ לאַנג־געװאַרטן איצט צו באַגעגענען — װי ער װאָלט זיך געגרײט צו אַ חתונה־נאַכט.

דערװײל האָט זיך די טעמפּעראַטור בײ אים װידער געשטאַרקט, װי עס איז דער פֿאַל מיט אַלע חולאים נאַכט־צו. אינטן האָט דאָס מײדל אַלײן געשפּילט דעם מאָטיװ פֿון בשׂדה און טרײסט.

עמעצער האָט אָנגעקלאַפּט אין טיר: די האָטעל־אײנפּאַסע־רין האָט זיך געװאָלט דערװיסן װעגן זײן געזונט. אַ בלײכער האָט ער זיך מיט אַמאָל אָנגעהױבן בײגן אין ביקן פֿאַר איר, מאַכן עפּעס אַזעלכע מאָדנע העװיות, און שמײכלען צו איר. ער האָט זיך אָנ־געהױבן אַנטשולדיקן פֿאַרװאָס זײנע שיך זײנען נישט אַזױ אױס־געפּוצט און פֿאַרװאָס ער גײט איצט אָנגעטאָן אין כאַלאַט.

אַ דערשראָקענע האָט זיך די האָטעל־אײנפּאַסערין הינטערװײ־לעכץ גענומען אַרױסרוקן.

— מסתמא האָט ער גאָר הײכע היץ, — האָט זי זיך געזאָגט. — מען דאַרף רופֿן אַ דאָקטאָר.

אַז זי איז אַרױס האָט זאַכאַרי אױסגעדרײט די איבעריקע עלעקטרישע לאָמפּן, װאָס זײנען געװען אַרײנגעשטעלט אין אַלע װענט.

צוערשט האָט ער אַרױסגענומען פֿון קעשענע נײן דאָלער — די סומע, װאָס עס האָט געקאָסט פֿון אים פֿאַרן האָטעל — און האָט זײ אַנידערגעלײגט אױף אַן אָנגעזעענעם אָרט, אונטער אַ צעטעלע, אױף װעלכן עס איז בלױז געװען אָנגעשריבן אײן װאָרט: „האָטעל־חשבון“.

דערנאָך האָט ער צעבראָכן דעם קאַראַפֿין מיט טרינק־װאַסער, װאָס איז געשטאַנען אױפֿן טיש, און זיך מיט די גלאָז־שערבלעך איבערגעשניטן אַ פּאָר מאָל דעם האַלז. ער איז גלײך אַנידערגע־פֿאַלן אױפֿן בעט אין חלשות.

ער האָט מיט אַמאָל ניט פאַרלאָרן זיין גאַנצן באַוואוסטזיין; אינם חלשותדיקן האַלב-באַוואוסטזיין האָט אַפילו אַזוי געגרידעט עפּעס. די בלוט-ריטשקעלעך זיינען געפלאָסן פּאַמעלעך, — די גלאָז-שערבלעך זיינען געווען גראָבלעכע און טעמפּע, און האָבן ניט איינגעשניטן צו-שאַרף אין האַלז. די בלוט-שנירלעך איבערן האַלז האָבן געקיצלט און באַאומרויקט מער, איידער דער ווייטאָג. ער איז געלעגן האַלב-אויסגעצויגן אין דער בריט, אויפן בעט, מיט פאַרמאַכטע אויגן.

נאָר אַז דאָס בלוט האָט אים באַלד גאָר שטאַרק אָנגעהויבן רינען פון האַלז, איבער דער ווייסער קאַפּע, האָט ער צום לעצטן מאָל די אויגן ברייט פונאַנדערגעעפנט. און מיט אַמאָל האָט ער דערזען לעבן זיך זיין טאָכטער, זיין עלטסטע טאָכטער און די ערשטע פון זיינע לענדן. ס'איז געווען איצט, אייגנטלעך, דאָס ערשטע מאָל, וואָס ער האָט גערעדט צו איר און אָזאַ ווארעם-פריינטלעכן טאָן. ער האָט געזאָגט:

— זעסט, טאָכטער מיינע, אָט... איך מוז שוין שטאַרבן אין דער פרעמד, און איך קאָן אַפילו נישט זען מיין ווייב און מיינע קינדער פאַרן טויט, — געלעבט האָב איך אין דער פרעמד און געשטאָרבן אין דער פרעמד.

די נאַכט איז געווען שפּעט און שטיל. אַלע לאָמפּן אינם חדר האָבן געברענט קיל; געלויכטן און געפינקלט האָט דאָס פלייצנדיקע בלוט אין זייער ליכט.

און אַזוי איז דער מענטש זאַכאַרי געשטאָרבן אַליין אינם האָטעל-חדר אין דער שטאָט פילאַדעלפיע, וואָס ליגט אויפן טייך דעלאַווייר, וועלכער פלייצט פאַרביי צופוסנס פון די בלויע-בערג, אויפן וועג צום אַטלאַנטישן אָקעאַן אַריין.

## ד.

אַז מען האָט אין דער היים געקראָגן די ידיעה פון זאַכאַריס טויט, האָט מען, פאַרשטייט זיך, אַ שטיק צייט געוויינט.

ביילע האָט געוויינט איבער איר מאַן און די קליינע קינדער —

איבער דעם פֿאָטער, וועלכן זיי האָבן קיים געקענט. זייער לאַנג האָבן זיי געוויינט, אַזוי לאַנג, ביז וואַנען דער קוואַל פֿון די טרערן איז אין זיי אויסגעטריקנט געוואָרן. דאַמאָלסט האָבן זיי אויפֿגעהערט וויינען.

און דערנאָך האָט זיך ביילע אַזוי באַטראַכט: אמת טאַקע, אַז זי האָט שוין איצט אין אַמעריקע קיינעם ניט, אָבער — וואָס אַ טאָג ווערט דאָ אַלץ ערגער; דאָ איז מען סיי־ווי אַליין. און אַהין, אין ווייטן לאַנד, פֿאָרן אַזוי פֿיל יידן...

האָט ביילע גענומען און אין אַ פּאָר טעג אַרום אויסבאַקויפֿט דאָס מעבל און די רייכע קליידער, וואָס זיינען ביי איר פֿאַרבליבן פֿון די גוטע צייטן; זי האָט זיי סיי־ווי מער שוין קיינמאָל ניט אָנגעטאָן. און זי האָט צונויפֿגעשלאָגן אַ פּאָר רובל, מען האָט געקויפֿט שיפֿסקאַרטן און געלאָזט זיך אין וועג אַריין.

ראַיעס האַרץ איז אין אָט יענער צייט ממש ביז די ברעגן געווען אָנגעפֿילט מיט פֿרייד. ווען עס איז אָנגעקומען די נייעס וועגן פֿאָטערס טויט, האָט זי ניט געוויינט. אפֿשר דערפֿאַר, ווייל פֿאַר איר איז עס קיין נייעס נישט געווען און מעגלעך אויך דערפֿאַר, ווייל עס איז אין איר נאָך פֿון קינדהייט אָן פֿאַרבליבן אַ שטיקל שנאה צום פֿאָטער: איינעם, וועלכער האָט זי געשמיסן, וועט זי שוין קיינמאָל נישט מוחל זיין...

אַזוי צי אַזוי — געטריערט האָט זי הייניק דעמאָלט, ווען עס איז דערהאַלטן געוואָרן די טרויעריקע ידיעה.

ווען די מוטער האָט אָבער איר דערציילט וועגן איר באַשלוס אַוועקצופֿאָרן קיין אַמעריקע, האָט ראַיע שיער ניט אויפֿגעשפּרונגען פֿון פֿרייד.

— אַ, זי וועט איצט פֿאָרן אין אַוועט, ניי לאַנד אויף יענער זייט אָקעאַן...

אירע אויגן האָבן זיך אָנגעצונדן, און אויך לאַנגאָנקע בענקשאַפֿט האָט אויפֿגעלעבט.

איבן וועג צום נייעם לאַנד, האָט מיט זיי פּאַסירט דאָס, וואָס עס פּאַסירט מיט טויזנטער אַנדערע יידן אויף זייער נסיעה נאָך

דער ווייטער מדינה, נאָך דער מדינה פֿון דער יידישער האָפֿענונג.
אין דעריבער איז וועגן דער רייזע פֿון דעם הייזגעזינד פּיקדא קיין סך ניטאָ וואָס צו דערציילן. זיי זיינען געפֿאָרן אַ סך טעג און אַ סך נעכט.

אין איינעם אַ שטילן פֿרימאָרגן — אויף דער דריטער וואָך פֿון זייער נסיעה — האָט זיך ראַיע מיט אַמאָל אויפֿגעכאַפּט. ס'איז געווען עפּעס מאָדנע: די שיף זייערע, וועלכע האָט שוין אַזוי לאַנג־לאַנג ניט אויפֿגעהערט צו ציטערן און צו קלאַפּן מיט איר גאַנצן רייזיקן קערפּער, איז מיט אַמאָל שטיל געוואָרן, ווי אָפּגע־שטאָרבן.

— וואָס־זשע האָט עס געקאָנט זיין אַזינס? זי האָט זיך אַרויסגעגנבעט פֿון איר בעטל אין צווישן־דעק, און איז אַרויף אויף דער פּאַלובע.

דאָס שיף איז טאַקע איצט געשטאַנען שטיל־געאַנקערט צווישן הויכע פֿעלדיקע ברעגן, באַוואַקסענע געדיכט מיט טונקעלן קאָלטע־נעוואַטן גרינס, פֿעלדער גאַנצע פֿון פֿייערלעך, האָבן פֿון די ברעגן אַרונטערגעלויכטן: דאָס שטילע פֿאַרשלאָפֿענע וואַסער איז געווען באַרויקט נאָך אַזוי פֿיל טעג פֿון אויפֿגעקאָכטקייט און צאָרן; עס האָט זיך שטיל געריכערט.

דאָס איז, הייסט עס, אַוודאי געווען דאָס נייע לאַנד. און אַ שיער ווייסע ים־פֿייגל האָבן זיך פֿון וואַסער געהויבן, זיך געקלאַפּט אָן שיף, און אינם פֿרימאָרגן געשריגן הויך אויפֿן קיל. ראַיע איז אויפֿן דעק געשטאַנען אַ שווייגנדיקע. אירע אויגן זיינען געווען ברייט־פֿונאַנדערגעעפֿנט און פֿול מיט וואונדער. נאָך מיט אַמאָל האָט איר עפּעס אַ שפּאַר געטאָן פֿון אינעווייניק, אַ שפּאַר געטאָן צום האַלדז־צו; זי האָט זיך אַ שאָקל געטאָן און אָנגעכאַפּט זיך אָן פּאַרענטשע. זי האָט אָנגעהויבן צו ריידן ליכטיק און פֿריידיק צו די ווייסע פֿייגל, וואָס האָבן די ביים שוועל פֿון נייעם לאַנד אָפּגעוואַרט. זי האָט זיך אַוש פֿונאַנדערגעוויינט פֿון גרויסער פֿרייד.

.1919

# א י נ ה אַ ל ט.



---